די אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטהעק.

# דער אנארכיזם

— פון —

## דר. פאול עלטצבאכער

געריכטס־אַסעסאָר און פּריוואַט דאָצענט אין האַללע.

Je ne propose rien, je ne suppose rien, j'expose.

(איך גיב ניט קיין סברות,
איך מאַך ניט קיין השערות,
איך לערן נור פּשט.)

איבערזעצט פון

דר. י. א. מעריסאָן.

ארויסגעגעבען פון
די אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטהעק פערלאג קאָ.
ניו יאָרק.

# אינהאלט־פערצייכנים.

זייטע

זייטע

זייטע

# פאָרוואָרט פון'ם איבערזעצער.

דר. עלטצבאכערס בוך איבער אנארכיזם איז ערשיענען צו־ערסט אין יאָהר 1900. עס איז אַן אָביעקטיוועֶ, שטרענג־וויסענ־שאַפטליכע אָבהאנדלונג איבער דעם אינהאלט פון די אנארכיס־טישע לעהרען, אָנפאנגענדיג פון גאָדווין, דעם ערסטען אנארכיס־טישען שרייבער פון ענדע דעם 18טען יאָהרהונדערט, און אויס־לאָזענדיג מיט טאָלסטאָי דעם עכט־קריסטליכען פערלייקענער פון'ם שטאאט.

דער פערפאסער איז אויסערגעוועהנליך אומפּארטייאיש. פון דעם ערסטען ביז'ן לעצטען בלעטיל בלייבט ער געטריי זיין מאָטטאָ: „איך גיב ניט קיין סברות, איך מאַך ניט קיין השערות, איך לערן נור פשט". אז ער קען לערנען פשט און פערשטעהט אריינצודרינגען אין תוך פון די לעהרען, וועלכע ער גיט איבער — דערויף זאָגט עדות ניט ווענינער אַן אויטאָריטעט אין אנאר־כיזם ווי פּעטער קראָפּאָטקין, וועמעס רעצענזיע איבער'ן בוך, אין „לעטאן נואוואָ", דער לעזער וועט דאָ געפינען איבערגעגעבען אין יודיש אלס פאָררעדע.

די ניצליכקייט פון אזא אומפּארטייאישער ארבייט איבער א ענין, וועלכער ווערט אזוי שלעכט פערשטאנען און אזוי ניט־ריכטיג אויסגעטייטשט פון פיינד און פריינד צוגלייך, מוז אָנער־קענט ווערען פון יעדען איינעם, צו וועלכען לאגער ער זאָל ניט געהערען. ספּעציעל אָבער מוז זיין קלאָר די נויטיגקייט פון אזא ווערק אין דער יודישער שפּראַך, וועלכע האָט פּראָפּאָרציאָנעל מעהר אנארכיסט־ישע לעזער איידער כמעט יעדע אנדער שפּראַך, און דאָך איז זי אזוי אָרים אין וויסענשאפטליכע אָבהאנדלונגען

איבער די אנארכיסטישע לעהרען. פאר'ן יודישען לעזער, וועל־כער געפינט ניט אין זיין שפראך קיין זאך ניט פון פרודאָן, ניט פון שטירנער, ניט פון טאָקער און נור עפּעס פון באקונין, מוז דר. עלטצבאכער'ס בוך, וואָס גיט איבער דעם תמצית פון יענע לעה־רער'ס שריפטען, זיין ווי געוואונשען.

בנוגע צו דער איבערזעצונג גופא קען איך זאָגען, אז איך האָב געזוכט זי צו האלטען אזוי געננוי צום אָריגינאַל, ווי נור מעגליך, א חוץ אין איינינע פּרטים, אויף וועלכע איך וויל דאָ אויפמערקזאַם מאכען דעם לעזער.

אין די ציטאַטען פון גאָדווין און טאָקער האָב איך זיך ניט אין גאַנצען פערלאָזען אויף'ן פערפאַסער'ס טעקסט, נור האָב גע־נומען צו הילף בייאינגטאָן'ס ענגלישע איבערזעצונג פון'ם בוך, וועלכע ציטירט די אָנגעגעבענע שטעלען דירעקט פון זייער ענג־לישען קוואַל. די יודישע איבערזעצונג געווינט דערביי אין פּינקט־ליכקייט און מעהרערע פּלעצער. דער ענגלישער איבערזעצער האָט אויך פערגליכען די ציטאַטען פון פּרודאָן מיט'ן פראַנצויזישען אָריגינאַל און האָט געפונען דאָ און דאָרט וואָס צו פערריכטען: וואו די יודישע איבערזעצונג טרעט אָב אויף א האָאר פון עלטצבאַ־כער'ס טעקסט איבער פרודאָן, איז עס געטון געוואָרען אונטער'ן איינפלוס פון בייאינגטאָן'ס פּינקטליכערער איבערגעבונג פון דעם זין פון פּרודאָן'ס ווערטער.

פאר די ציטאַטען פון טאָלסטאָי האָב איך זיך בענוצט אויך מיט דער רוסישער איבערזעצונג, וועלכע האָט (ווי עס שיינט) גענומען טאָלסטאָי'ס ווערטער פון אָריגינאַל, און האָב אין די הערות אָנגעגעבען די זייטען־פערצייכנונג לויט די רוסישע קוואַלען.

די ערסטע צוויי קאַפּיטלען, וואו דער פערפאַסער ערקלערט די אויפגאַבע פון'ם ווערק און גיט זיינע דעפיניציאָנען פון רעכט, שטאַאט און אייגענטום, זיינען געשריבען אין דעם טאָן פון א געריכטס־אסעסאָר און פון א פּריוואַט דאָצענט, וועלכער האָט פאר זיך א קלאַס פון גאָר רויהע שטודענטען: דער סטיל איז דעריבער ארויסגעקומען אזא מאָדנע שלעפּעדיגער, אז ער איז

אים שטאַנד אָבהענגטיג צו מאַכען די וועניגער־געדולדיגע לעזער. אָבער עהרליכקייט צום פּערפּאַסער און דער פּעסטער בעשלוס אונטער אלע אומשטאַנדען געטריי בלייבען דעם אָריגינאַל האָבען גובר געווען דעם שטאַרקען פערלאַנג צו מאַכען די דאָזיגע צוויי קאַפּיטלען אביסעל לעבעדיגער. אלץ וואָס איך האָב זיך ערלויבט איז געווען, אויסצולאָזען אין פּלעצער א פּאָר ווידערהאָלונגען, וואו עס האָט דעם אָריגינאַל ניט נור ניט געשאַדט, נור פּאָזיטיוו א טובה געטון.

צו לעצט וואָלט איך אויפמערקזאַם געמאַכט דעם לעזער אויף איינינע בעמערקונגען, וועלכע איך האָב זיך ערלויבט צו מאַכען (אין הערות אונטער'ן טעקסט) אנטקעגען דעם פּערפּאַסער'ס קלאַסיפיקאַציעס אין זיין צעהנטען קאַפּיטעל. די נויט זיך צו פּאַסען זעהר קורץ און דאָס בעוואוסטזיין פון דער אונפּאַסיגקייט צו פּערנעהמען זיך דאָ מיט א ברייטערער קריטיק, האָבען מיך געצוואונגען אָנצוריהרען נור פון אויבען אויף געוויסע פּונקטען, וועלכע איך וואָלט גערן ביי אנאַנדער געלעגענהייט בעהאַנדלען פיעל ברייטער און טיעפער.

ניו יאָרק, 1909. דר. י. א. מעריסאָן.



# פעטער קראַפּאָטקין'ס פּאָררעדע.

## אַן עהרליך בוך וועגען אַנאַרכיזם.

אין דייטשלאַנד איז ניט־לאַנג ערשיענען א בוך, וואָס וועט מאַכען אַן עפּאָכע אין דער ליטעראַטור פון ערנסטער פאָרשונג איבער דעם אַנאַרכיזם. דאָס איז — א ווערק פון דר. פּאָול עלטצבאַכער, א פּראָפּעסאָר אין האַללע און א געריכט־אַסעסאָר. דער נאָמען פון בוך איז „אַ נ אַ ר כ י ז ם".

קודם כל לאָמיך בעמערקען, אז דאָס דאָזיגע בוך איבערראשט אייך דערהויפּט מיט א געפיהל פון עהרליכקייט, וואָס דרינגט דורך דעם פּערפאַסער פון דער ערסטער ביז דער לעצטער שורה. די אויפשריפט אויפ'ן בוך איז — א י ך ג י ב נ י ט ק י י ן ס ב ר ו ת, א י ך מ א ך נ י ט ק י י ן ה ש ע ר ו ת. א י ך ל ע ר ן נ ו ר פּ ש ט. אָבער בלייבען לחלוטין געטריי דער דאָזיגער אויפשריפט און קיינמאָל ניט עובר זיין אויף איהר אפילו אין דעם אויסוואַהל פון אויסדריקען — דערצו מוז מען זיין דורכגעדרונגען פון א געפיהל פון העכסט גענויער עהרליכקייט, וועלכען מען בעגעגענט זעהר זעלטען. עס איז דאָך ווירקליך אזוי לייכט, בעשרייבענדיג אידעען פון וועלכע מען האַלט אליין ניט, א זאָג צו טון, צוםביישפּיעל: „דער און דער ר ע ד ט ז י ך א י י ן אז מענשען זיינען אזוי און אזוי"; „יענער ח ל ו מ ט וועגען דעם, אָדער פ ע ר ג ע ס ט דאָס און דאָס". ניט איין איינציגער אויסדרוק אזעלכער האָט זיך ארויסגעריסען פון'ם פערפאַסער. ער לערנט זעהר גוט פּשט און פערנעהמט זיך ניט דערביי מיט קיין האָר קריטיק. בנוגע צו דעם פּרט איז עס כמעט — דאָס איינציגע בוך.

נור פון די ערסטע שורות פון בוך און פון איינציגע שלוסווער־טער ביי'ן סוף קענען מיר ווי עס איז זיך אָנשטויסען, אז דער אנארכיזם האָט ניט איבערצייגט דעם פערפאסער, און אז ער האלט איהם אפילו פאר געפעהרליך. א חוץ דעם אָבער איז עס נור א קלאָרשטעלונג פון די אנארכיסטישע אידעען און מעהר גאָרנישט: זעהר א דורכגעטראכטע, א גוט בעארבייטעטע און זעהר אַן עהר־ליכע.

* * *

עס פיהלט זיך, זאָגט דער פערפאסער א נויטיגקייט צו בע־קענען זיך מיט'ן אנארכיזם. עס הערשט אָבער מכח דעם א פאָל־שטענדיגע ניט־קלאָרקייט. עס איז ניטאָ קיין דוחק אויף אָב־האנדלונגען איבער'ן אנארכיזם, אזעלכע וואָס זיינען דוקא דורכ־געפיהרט פון ערנסטע מחברים ווי צ. ב. ש. די ווערק פון אדלער, בערנאטציק, דיעל, וואן האמעל, זעעז, סערניקאָלי, שטאמלער, צענקער א. ד. ג. אָבער בעת איינציגע פון זיי זעהען אין'ם אנאר־כיזם א געזעץ פון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג פון דער געזעל־שאפט, אָדער דעם העכסטען אויסדרוק פון גערעכטיגקייט, אָדער אפילו א הויכען שעפּפערישען אידעאל, קומען אנדערע און לייי־קענען אָב, אז אנארכיסטען האָבען א וואָסער עס איז פּראָגראם און א וועלכען עס איז שמיץ פון גערעכטיגקייט, אָדער זיי זעהען אין'ם אנארכיזם נישט מעהר ווי א פּראָגראם פון צערשטערונג; און מען בעגעגענט אזוינע ווידערשפּרוכען בנוגע צו יעדען פּרינ־ציפּ פון אנארכיזם בעזונדער. איינציגע מחברים זינדיגען מיט זייער ניט־וויסען פון אנארכיסטישע פערפאסונגען, אנדערע — מיט זייער קנאפּער קענטשאפט אין פילאָזאָפיע, פּאָליטישער עקאָנאָמיע און יורידישע וויסענשאפטען; און כדי צו קענען פער־שטעהן דעם אנארכיזם, בעמערקט עלטצבאכער, מוז מען זיין גוט בע'הבנט אין אָט די דריי צווייגען פון וויסענשאפט; נור דאָך איינציג ווערקל שטאמלער'ס שטעלט מיט זיך פאָר אן אויסנאהמע לגבי אנדערע אין דעם פּרט.

כדי צו קומען צו א פּראקטישען רעזולטאט, מוז מען פון

אָנהויב פעסטשטעלען בעגריפען וועגען רעכט (געזעץ), שטאאט און אייגענטום, און דערנאָך א קוק טון וואָס די אנארכיסטען זאָגען מכח געזעץ, שטאאט און אייגענטום. דאן דארף מען אויסגעפינען די גרונדלאגען, וועלכע זיינען געמיינשאפטליך ביי אלע אנארכיסטען, וואָס גיבען זיך אָב מיט די דאָזיגע פראגען וויסענשאפטליך, און אָנמערקען די חלוקים צווישען די פערשיידענע צווייגען פון'ם אנארכיזם.

נאָך דער מעטאָדע געהט דער פּערפאסער.

* * *

כדי ארויסצוקריגען די גרונדלאגען פון'ם אנארכיזם, האָט דר. עלטצבאכער אויסגעקליבען פון צווישען די אנארכיסטען די פּאָרשטעהער פון פערשיידענע שטרעמונגען. ער ווייס אז ער רעדט ניט וועגען אלע אנארכיסטען, ער נעהמט אָבער אזוינע פון זיי, וועלכע, נאָך זיין מיינונג, האָבען פּאָרמולירט א געוויסע ריכטונג מעהר פּאָלשטענדיג. ער קלייבט אויס גאָדווין, וועלכער האָט אין 1793 ארויסגעגעבען אין לאָנדאָן א מערקווירדיגע ארבייט אין צוויי בענדער, וועלכע איז ווייניג בעקאנט אין פראנקרייך און דייטשלאנד, און איז געוואָרען א ביבליאָגראפישע זעלטענהייט, אונטער דעם נאָמען: „א פּאָרשונג איבער פּאָליטישע גערעכטיגקייט און איהר איינפלוס אויף די אלגעמיינע זיטליכקייט און גליק“.

דאָס העכסטע געזעץ, לויט גאָדווין'ס מיינונג, איז די טובת הכלל. „זי וואקסט לפי ערך ווי עס ברייטערט זיך אויס אונזער ערציהונג; זי שטארקט אונזערע גוטע מדות, פיעלט אונז אָן מיט א געפיהל פון אונאָבהענגיקייט און גיט זיך די מיה אָבצורוימען יעדע שטרויכלונג אויפ'ן וועג פון אונזערע טעטיגקייטען“. „די פליכט איז נור א מיטעל, דורך וועלכען א בעשעפענים קען אויפ'ן בעסטען אופן זיך צופאסען צום וואָהלזיין פון כלל“.

אין'ם נאָמען פון דער טובת הכלל פערווארפט גאָדווין דאָס געזעץ, ניט נור פאר א בעשטימטען אָרט און אונטער געוויסע אומשטאנדען, נור פאר אומעדום בכלל. „דאָס געזעץ איז די פעסטשטעלונג פון די שעדליכסטע קרעפטען“. „האָט מען איינ־

מאָל אָנגעהויבען מאַכען געזעצע, איז שוין קיין סוף ניט צו דער־געהן"; „דאָס געזעץ נעהמט זיך אונטער זאָגען נביאות: עס שטעלט זיך אונטער צו בעשטימען ווי מענשען וועלען האַנדלען אין דער צוקונפט". „ווי גרוים עס זאָלען ניט זיין די ליידען וואָס קומען ארוים פון מענשליכע ליידענשאפטען — דורך די איינ־פיהרונג און אָנווענדונג פון געזעץ קען מען די מענשהייט ניט אויסהיילען". „כל זמן דער מענש וועט זיין געפּענטעט מיט די שטריק פון געהאָרכזאמקייט און וועט זיין צוגעוועהנט צו מעס־טען זיינע טריט מיט די טריט פון אנדערע, וועלען זיינע פעהיג־קייטען און דער כח פון זיין שכל זיין פּאַראַליזירט", א. ז. וו. די טובת הכלל דארף איינציג און אליין ווערען דאָס געזעץ, אָדער ריכטיגער, דער מורה דרך פאר'ן מענשען.

אָבלייקענדיג אויף דעם אופן לחלוטין יעדעס געזעץ, קומט גאָדווין אויך צו דער אבסאָלוטער פערלייקענונג פון'ם שטאַאט. ער זעהט אין'ם שטאַאט א אינסטיטוציע, וועלכע איז אַם מייס־טען סותר די טובת הכלל. זיין אידעאַל איז — א געזעלשאפט אָהן רעגירונג. קיין פערשפרעכען קען ניט פאלען ווי א חיוב: אויב איך האָב איינמאָל א טעות געהאַט, איז דאָס ניט קיין גרונד פאר וואָס איך זאָל פעראייביגען מיין טעות. די טובת הכלל דארף זיין אונזער איינציגער וועגווייזער. די מענשהייט דארף צערפאַלען אויף קליינע, פאָלשטענדיג אונאָבהענגיקע גרו־פען, וואו די שייכות'ן פון די איינצעלנע אין דער גרופּע דאַר־פען זיין וואָס מעהר נאָהענטע, און די שייכות'ן צווישען די פער־שיידענע גרופען — וואָס מעהר בעגרעניצטע.

עס פערשטעהט זיך, ער לייקענט אָב די נויטיגקייט פון דעם שטאַאט'ס אריינמישען זיך אין מחליקות צווישען איינצעלנע מענ־שען (אַן איינפאַכער ראַטה איז גענוג פאר דעם), פונקט ווי דער שטאַאט איז ניט נויטיג פאר דער בעשיצונג פון לאַנד. אזוי פער־האַלט ער זיך אויך צו דעם איינגעפיהרטען רעכט פון אייגענטום, וועלכעס ווייזט זיך ארוים ווי א פערלייקענונג פון יעדען געפיהל פון גערעכטיגקייט, און וועלכען ער לעגט אוועק אונטער זיין אויס־

געצייכענטער קריטיק. צולעצט קומט א בעשרייבונג פון גאָדווין'ס אידעען וועגען די פערווירקליכונג פון דער נייער אָרדנונג וואָס ער שלאָגט פאָר. די מיטלען וועלכע ער גיט אָן זיינען: איבער־צייגונג און א צערטיילונג אין קליינע גרופּען, וועלכע שאַפען אָב אַלערליי אַלגעמיינע געזעצ.

מיר רעזומירען דאָ נור בקיצור עלטצבאכער'ס בעשרייבונג, וועלכע פערנעהמט זיך מיט גאָדווין אויף צוויי און צוואַנציג זייטען, צונויפגעשטעלט דורכאויס פון פראַכטפאָל אויסגעקליבענע ציטאַטען, אין אזא סדר, אז זיי גיבען א פולע און אויספיהרליכע פאָרשטעלונג פון גאָדווין'ס סיסטעם.

נאָך גאָדווין קומט פּרודאָן, מאַקס שטירנער, באַקונין א. ז. וו. אַלע בעארבייט אויפ'ן זעלבען שטייגער. איך מוז בעמערקען, אז אפילו אין אזוינע פאַלען וואו ביי א וועלכען עס איז אַנאַרכיס־טישען שרייבער ווייזט זיך עפּעס א ווידערשפּרוך, איז עלטצבאַ־כער, ווי א מענש א אינטעליגענטער, פערשטענדיג גענוג ניט צו־צוטרעטען צו יענעם שרייבער מיט דער בעקאַנטער קריטיק — די נארישעסטע אין דער וועלט —: „אהא, אָט דאָ ווידערשפּרעכט איהר זיך, איז עס א סמן אז אייער סיסטעם טויג ניט". ניין, פערקעהרט, עלטצבאַכער קלייבט אויס זיינע ציטאַטען אזוי, כדי צו בעווייזען אויף וועלכען אופן דאָס, וואָס זעהט אויס ווי א ווידערשפּרוך, קומט נאַטירליכערווייז ארויס ענטוועדער פון דעם מחבר'ס גרונד אידעע, אָדער פון דעם גאַנצען סיסטעם, ווי דער מחבר פערשטעהט איהם.

בעשרייבענדיג די מיינונגען פון די זיעבען אַנאַרכיסטישע שרייבער, די געקליבענע פאָרשטעהער פון די פערשיידענע סיס־טעמען, בעווייזט עלטצבאַכער אין אָנפאַנג אויף וויפיעל עס זיי־נען פאַלש די פאָרשטעלונגען וואָס טראָגען זיך ארום איבער'ן אַנאַרכיזם: דהיינו, „די אַנאַרכיסטען ווילען אַלעס צערשטערען און גאָרנישט ניט בעשאַפען; עס איז ביי זיי ניטאָ קיין שעפּפע־רישע אידעע", א. ז. וו. דערנאָך קלייבט ער פונאנדער די חלוקים אין זייערע מיינונגען און זוכט וואָס זיי האָבען געמיינשאַפט־

ליכעס צווישען זיך. דאָס געמיינשאפטליכע ביי זיי איז די אידעע פון דער פערניכטונג פון'ם שטאאט.

צולעצט — און דאָס קען זיין דאָס וויכטיגסטע טייל פון בוך — בעשטימט עלטצבאכער דאָס פּלאַץ פון'ם אנארכיזם אין דער רעכטס־פילאָזאָפיע.

עס הערשען אין דער רעכטס־פילאָזאָפיע דריי שולען: די ד אָ ג מ א ט י ש ע שול, וועלכע ווען זי רעדט וועגען א וואָסערע עס איז אינסטיטוציע, למשל די עהע, זוכט זי פעסטצושטעלען, צי די אינסטיטוציע איז גוט אָדער שלעכט א ן א ו ן פ י ר ז י ך, און צי זי דארף בלייבען אָדער פערלאָרען געהן א ל ס א ז ע ל־כ ע; די ס ק ע פּ ט י ש ע שול, אָדער בעסער אָנגערופען ה י ס־ט אָ ר י ש ע, וועלכע נעהמט זיך ניט אויסצושטודירען די נוּ־צען אָדער שאָדען פון א וואָסער עס איז אינסטיטוציע, נור זוכט היסטאָריש צו בעווייזען, צי זי וועט ווייטער אויך עקזיסטירען, צי ניט. און לעצטענס די ק ר י ט י ש ע שול, וועלכע שטודירט די געוויסע אינסטיטוציע פון שטאנדפּונקט פון איהרע גרונדפּרינ־ציפּען, און אויך בנוגע צו איהר פּראקטישער אָנווענדונג אין דעם געגעבענעם מאָמענט פון דער געשיכטע.

אין יעדערער פון די דריי רעכטס־פילאָזאָפישע שולען גע־פינען זיך אָנהענגער פון שטאאט און פערלייקענער פון שטאאט. אין דער ערסטער דאָגמאטישער שול שטעהען האָבבעס, העגעל און איהערינג פאר'ן שטאאט, און גאָדווין, פּרודאָן, שטירנער און טאָקער געגען שטאאט. אין דער אנדער שול (די סקעפּטישע אָדער בעסער אָנגערופען היסטאָרישע) שטעהען מאָנטעין און בערנשטיין פאר'ן שטאאט, בעת באקונין, קראפּאָטקין (לאָמיר בעסער זאָגען: דער „אינטערנאציאָנאל") — זיינען געגען איהם. און לעצטענס אין דער קריטישער שול האָבען מיר פון איין זייט ספּענסער, און פון דער אנדער זייט — טאָלסטאָי. ווי אַלע קלאסיפיקאציעס האָט די אויך איהרע פעהלערען; זי קען אָבער זיין ניצליך פאר דעם, וואָס הויבט ערסט אָן צו שטודירען דעם אנארכיזם.

איהר מאכט צו עלטצבאכער'ס בוך מיט א געוויסען פער־

דרוס. נאָך אזא אויסגעצייכענטער דאַרלעגונג איז אינטערעסאַנט צו וויסען דעם פּערפאַסער'ס מיינונג, די מיינונג פון דעם וואָס האָט אזוי גוט געקענט פערשטעהן דעם אַנאַרכיזם, און וואָס האָט טיילווייז געקענט אריינברייינגען מעהר אָרדנונג אין דער דאַרלעגונג, איידער מיר אליין האָבען עס געקענט טון. דער אַנאַרכיזם, זאָגט אונז דער פּערפאַסער איז א ענין וואָס פערדיענט מען זאָל איהם שטודירען.

אלס א נייע און מעכטיגע שול אין דער רעכטס־פילאָזאָפיע, אלס א קאָלאָסאַלער בעוועגער פון וויכטיגע טהאַטען — וועלען מיר נאָך צולעגען און זאָגען, יאָ אודאי, דאַרף מען איהם שטודירען. צוליעב וועלכען צוועק? צי כדי צו בעשטרייטען זיינע גרונדלאַגען, צי כדי צו זעהען וואָס זיי ברייינגען אריין לעבעדיגשאַפּענדעס אין די טויטע אידעען וועלכע האָבען האָט פּאָרמולירט? מיט וואָס זיי בעלעבען ספּענסער'ס אידעען? וואָס זיי גיבען דער געזעלשאַפט, אָוועקשטעלענדיג דעם יחיד געגענאיבער דעם שטאַאט אַנדערס און טיעפער ווי ספּענסער האָט דאָס געטון?

אויף אָט די אַלע פּונקטען גיט אונז דער פּערפאַסער, וועלכער איז אזוי סימפּאַטיש מיט זיין איידעלע עהרליכקייט און אינטעליגענץ אין אַלץ וואָס ער זאָגט ארויס, קיין ענטפער ניט.

איינער פון אונז האָט זיך צוגעאיילט און זיך דורכגעשריבען מיט'ן מחבר. עס האָט זיך פערבונדען א קאָרעספּאָנדענץ, אין אָנהויב וועגען די מעטאָדען, דערנאָך וועגען די רעזולטאַטען. מען האָט זיך דורכגעשריבען אויף צוואַנציג און פערציג זייטלאַך אויף א מאָל, און אויב די קאָרעספּאָנדענץ וועט פיהרען צו וועלכע עס איז אינטערעסאַנטע רעזולטאַטען, קען זיין אז זי וועט ווען עס איז ווערען פערעפענטליכט.

פעטער קראַפּאָטקין.

# דער אנארכיזם

## איינלייטונג.

עס פיהלט זיך צוגלייך אי א אינערליכע, אי א אויסערליכע נויט צו דערקענען וויסענשאפטליך דעם אנארכיזם.

עס וואָלט זיך וועלען אריינדרינגען אין תוך אריין פון א בעוועגונג, וועלכע שטעלט זיך אונטער צו צווייפלען אין דאָס זי־כערסטע, מבטל צו זיין דאָס אלט־געשעצטע, און דאָך נעהמט זי ארום וואָס ווייטער אלץ בריטערע קרייזען.

און מיר וואָלטען אויך וועלען קומען צו א בעשלוס, צי איז עס ניט נויטווענדיג זיך צו שטעלען אנטקעגען אזא בעוועגונג מיט די וואפען פון מאכט, כדי צו בעשיצען די היינטיגע אָרדנונג, אָדער לכל הפחות איהר ווייטערע ענטוויקלונג, און פערהיטען זי דורך אונרערבארימליכע מיטלען פון פיעל גרעסערע צרות.

2. היינטיגע צייטען עקזיסטירט מכח דעם אנארכיזם די גרעסטע אונקלאָרקייט, און ניט נור ביי'ן גרויסען עולם, נור אפילו ביי די געלעהרטע און ביי די פּאָליטישע טהוער.

באלד זאָגט מען, אז דאָס העכסטע געזעץ פון'ם אנארכיזם איז א היסטאָרישעם ענטוויקלונגס־געזעץ,1) באלד, אז עס איז דאָס גליק פון'ם יחיד,2) און באלד, אז עס איז די גערעכטיגקייט.3)

אָט זאָגט מען, אז דער שפּיץ פון אנארכיזם איז די אָבלייי־קענונג פון יעדען פּראָגראַם,4) אז ער האָט נור א נעגאטיוו ציעל;5)

---

1) דער אַנאַרכיזם און זיינע טרעגער, ז. 127, 125, 124; רוי־כעסבערג, ז. 27. 2) לעניז, ז. 3. 3) בערנאַטציג: יאָהרבוך 19, ז. 3, 2. 4) לעניז, ז. 5. 5) קריספּי, דיולי מיול, 1898, נומ. 807, ז. 4.

און אָט וויעדער, אז געגענאיבער זיין נעגירענדע און צערשטערענדע זייט שטעהט א בעשטעטיגענדע און בעשאפענדע זייט.1) באַלד זאָגט מען, אז דאָס איינציג אָריגינעלע אין'ם אנארכיזם איז נור זיינע מיינונגען וועגען דער אידעעלער געזעלשאפט,2) און באַלד וויעדער, אז זיין ווירקליכער, אמת'ער מהות בעשטעהט אין זיינע פּאָזיטיווע שטרעבונגען.3)

אָט קומט אויס, אז דער אנארכיזם פערווארפט דאָס געזעץ,4) די געזעלשאפט,5) דעם שטאאט.6)

באַלד דערקלערט מען, אז אין דער אנארכיסטישער צוקונפטס־געזעלשאפט וועלען ניט זיין קיינערליי אָבמאַך־בינדונגען;7) און אָט פערקעהרט, אז דער אנארכיזם שטרעבט איינצופיהרען אַן אָרדנונג אין אלע עפענטליכע עסקים דורך אָבמאַכען, אויפ'ן באַזיס פון פעדעראליסטיש־איינגעאָרדענטע געמיינדען און געזעלשאפטען.8)

אָט זאָגט מען בכלל, אז דער אנארכיזם פערווארפט דאָס אייגענטום,9) אָדער וועניגסטענס דאָס פּריוואטאייגענטום;10) און באַלד מאַכט מען חלוקים צווישען א קאָמוניסטישען און אינדיווידואליסטישען אנארכיזם,11) אָדער גאָר צווישען א קאָמוניסטישען, קאָלעקטיוויסטישען און אינדיווידואליסטישען אנארכיזם.12)

באַלד בעהויפּטעט מען, אז דער אנארכיזם שטעלט זיך פאָר

---

1) וואָן האמעל, ז. 112. 2) אַדלער, האַנדווערטערבוך 1, ז. 321. 3) רייכעסבערג, ז. 13. 4) שטאַמלער, ז. 2, 4, 34, 36; לעניג, ז. 1, 4. 5) סיליאָ, לאַ עספּאַנאַ מאָדערנאַ 61, ז. 145; גארראוד, ז. 12; רייכעסבערג, ז. 16. 6) בערשטיין, נייע צייט 10, ז. 359. 7) רייכעסבערג, ז. 30. 8) לאמבראזא, ז. 31. 9) סיליאָ, לאַ עספּאַנאַ מאָדערנאַ 61, ז. 145; דובוא, ז. 213. 10) לאמבראזא, ז. 31. 11) ריענצי, ז. 9; שטאַמלער, ז. 28-31; מערלינא, ז. 18-27. 12) די היסטאָרישע ענטוויקלונג דעם אַנאַרכיזם, ז. 16; צענקער, ז. 161.

זיין פערווירקליכונג דורך פערברעכען,1) בעזונדערס דורך א גע־וואלט־רעוואָלוציע2) און מיט דער הילף פון פראָפּאַגאַנדא דער טהאַט;3) און באַלד פערקעהרט, אז דער אַנארכיזם פערוואַרפט די טאַקטיק פון געוואלט און די פראָפּאַגאַנדא דער טהאַט,4) אָדער וועניגסטענס, אז זיי זיינען ניט קיין גרונדטיילען פון אַנאַר־כיזם.5)

3. צוויי פאָדערונגען מוז מען שטעלען יעדען איינעם וואָס אונטערנעהמט זיך וויסענשאַפטליך צו בעארבייטען דעם אַנאַרכיזם.

ערסטענס מוז ער זיין בעקאַנט מיט די בעדייטענדסטע אַנאַר־כיסטישע שריפטען. אין דעם פּרט בעגעגענט מען אפילו גרויסע שוויריגקייטען. די אַנאַרכיסטישע שריפטען זיינען זעהר שפּאָרעוו־דיג פערטראָטען אין די עפענטליכע ביבליאָטעקען. זיי זיינען טיילווייז אזא יקר המציאות, אז פאר א פּריוואַטמענשען איז מורא'דיג שווער זיך צו פערשאַפען אפילו די וויכטיגסטע פון זיי. מען קען דעריבער פערשטעהן, פאר וואָס פון אלע ווערק איבער'ן אַנאַרכיזם איז נור פאַראַן איין איינציגס, וואָס איז בעגרינדעט אויף א רייכע קענטשאַפט פון אַנאַרכיסטישע קוואלען. דאָס דאָ־זיגע ביכעל הייסט „די היסטאָרישע ענטוויקלונג דעם אַנאַרכיז־מוס", ארויסגעגעבען אין ניו יאָרק, 1894, אָהן דעם פערפאַסער'ס נאָמען. עס ענטהאַלט בלויז 16 זייטען און גיט איבער זעהר בקיצור א בעשרייבונג פון'ם אַנאַרכיזם, וועלכע בעווייזט א וואונדער־באַרע בעקאַנטשאַפט מיט די פערשיידענסטע אַנאַרכיסטישע שריפטען.

צווייטענס, דער וואָס וויל וויסענשאַפטליך בעארבייטען דעם

---

1) גארראוד, ז. 6; לענץ, ז. 5. 2) סערניקאלי 2, ז. 116; גארראוד, ז. 2; רייכעסבערג, ז. 38; וואַן האמעל, ז. 113. 3) גארראוד, ז. 11, 10; לאמבראזא, ז. 34; פעררי: קאָנט רענדי, ז. 257. 4) מאקיי, מאַגאַזין 67, ז. 913, די אַנאַרכיסטען, ז. 239-243. 5) צענקער, ז. 203-4.

אנארכיזם, מוז אויך זיין גוט בעקאנט מיט דער יוריספרודענץ, פאָליטישער עקאָנאָמיע און פילאָזאָפיע. דער אנארכיזם קריטי־קירט די רעכט־אינסטיטוציעס בנוגע צו זייערע עקאָנאָמישע וויר־קונגען, ארויסגעהענדיג דערביי פון׳ם שטאנדפונקט פון איינער אָדער אנאנדערער פילאָזאָפיע. כדי אריינצודרינגען אין זיין תוך און ניט פאלען א קרבן פון אלערליי טעות׳ן, מוז מען זיין בע־הבנט אין אלע בעגריפען פון פילאָזאָפיע, יוריספרודענץ און פאָ־ליטישער עקאָנאָמיע, וועלכע דער אנארכיזם ווענדט אָן, און אויף וועלכע ער בעציהט זיך. פון אלע ווערק איבער׳ן אנארכיזם פער־ענטפערט די דאָזיגע פאָדערונג אם בעסטען די קליינע שריפט פון רודאָלף שטאמלער, „די טעאָריע פון אנארכיזם“, געדרוקט אין בער־לין, 1894.



## ערסטער קאפיטעל.

# די אויפגאבע.

### 1. — אלגעמיינעס.

1. די אויפגאבע פון אונזער אונטערזוכונג איז צו בעשטימען די בעגריפען פון דעם אנארכיזם און זיינע מינים. אזויבאלד ווי אט די בעגריפען זיינען בעשטימט, איז דער אנארכיזם וויסענשאפטליך דערקענט. ווארים די בעשטימונג פון די דאזיגע בעגריפען פאדערט ניט נור אן איבערבליק איבער אלע איינצעלע ערשיינונגען פון'ם אנארכיזם, נור זי פאסט אויך צוזאמען די רעזולטאטען פון דעם איבערבליק און געפינט אויס זייער פלאץ אין דעם סך הכל פון אונזער וויסען.

אויפ'ן ערסטען בליק דוכט זיך אז די אויפגאבע איז גאנץ דייטליך; אבער אז מען בעטראכט זי גענויער, ווערט די אויבענאויפיגע דייטליכקייט פערשוואונדען.

ווארים ערסטענס העבט זיך אויף די פראגע: פון וועלכען פונקט זאל די אונטערזוכונג זיך אנהויבען? מען וועט ענטפערן: פון די אנארכיסטישע לעהרען. אבער עס איז בשום אופן ניטא קיין אחדות מכח דעם פונקט, וועלכע לעהרען זיינען אנארכיסטישע. איינער בעצייכענט די, אנאנדערער בעצייכענט יענע לעהרען אלס אנארכיסטישע, און די לעהרען גופא בעצייכענען זיך טיילווייז יא אלס אנארכיסטישע און טיילווייז ניט. ווי אזוי קען מען וועלכע עס איז פון זיי נעהמען אלס אנארכיסטישע לעהרען פון וואנען אנצוהויבען די פארשונג, אז דער בעגריף פון אנארכיזם איז נאך אליין ניט בעשטימט?

דאַן העבט זיך אויף נאָך א ווייטערע פראַגע: וואָס איז דאָס ציעל פון דער אונטערזוכונג? מען וועט ענטפערן: דאָס ציעל איז — די בעגריפען פון'ם אנארכיזם און זיינע מינים. מיר זעהען אָבער טאָג־טעגליך, אז פערשיידענע מענשען בעשטימען (דעפי־נירען) דעם בעגריף פון א זאך גאַנץ פערשיידען, הגם זיי בע־גרייפען די זאך אויף'ן זעלביגען אופן. איינער זאָגט אז דאָס רעכט איז דער אַלגעמיינער ווילען; אנאַנדערער זאָגט, אז עס איז די סומע פון תקנות, וועלכע בעשרענקען איין מענשענס נאַטירליכע פריי־הייט צוליב דעם ווילען פון אנאַנדער מענשען; א דריטער זאָגט, עס איז דער סדר החיים פון א פאָלק אין שיכות צו דער געמיינ־שאַפט פון פעלקער, כדי אויפצוהאַלטען די אָרדנונג פון גאָט'ס וועלט. זיי אַלע ווייסען, אז א בעגריף־בעשטימונג (א דעפיניציאָן) דאַרף אָנגעבען די נעקסט־העכערע גאַטונג און די צייכענס וואָס זונדערן אָב דעם מין; דאָס דאָזיגע וויסען אָבער נוצט זיי גאַנץ ווייניג. עס זעהט, הייסט עס, אויס, אז דאָס ציעל פון דער אונ־טערזוכונג נויטיגט זיך דאָך אין אַן אויפקלערונג.

צולעצט העבט זיך אויף די פראַגע: וואָסער וועג פיהרט צו אָט דעם ציעל? ווער עס האָט נור אמאָל בעטראַכט דעם קאַמפף פון מיינונגען אין די אינטעלעקטועלע וויסענשאַפטען, דער ווייס ווי גרויס דער דוחק איז אין אַן אָנערקענטע מעטאָדע, מיט וועל־כער צו לעזען פראָבלעמען, און דאָך ווי נויטווענדיג עס איז פאַר יעדער אונטערזוכונג צו האָבען א קלאָרע ידיעה מכח דער מע־טאָדע וואָס מען דאַרף אָנווענדען.

2. די אונטערזוכונג קען אוועקשטעלען די אויפגאַבע גע־נויער. די אויפגאַבע בעשטעהט אין דעם — אויפשטעלען בעגריפען אַנשטאַט די ניט־בעגריפליכע פאַרשטעלונגען פון'ם אַנאַרכיזם און זיינע מינים.

יעדע אונטערזוכונג צו בעשטימען בעגריפען האָט די אויפ־גאַבע אויפצופאַסען בעגריפליך א געגענשטאַנד, וועלכער איי־פריהער אויפגעפאַסט געוואָרען ניט־בעגריפליך, דאָס הייסט, אויפ־שטעלען א בעגריף אַנשטאָט די ניט־בעגריפליכע פאַרשטעלונגען

פון א געגענשטאנד. די אויפגאבע דריקט זיך אויס גאנץ דייטליך אין יעדער רעפיניציאָן, וועלכע שטעלט אוועק איינע נעבען די אנדערע א ניט־בעגריפליכע פאַרשטעלונג פון א זאך אין דעם סוביעקט, און א בעגריפליכע פאַרשטעלונג פון דעמזעלבען גע־גענשטאנד אין איהר׳ פּרעדיקאט.

די אונטערזוכונג, וועלכע דאַרף בעשטימען די בעגריפען פון אנארכיזם און זיינע מינים, האָט דעריבער די אויפגאבע אויפ־צופאסען בעגריפליך די זאכען, וועלכע זיינען פריהער אויפגעפאסט געוואָרען אין ניט־בעגריפליכע פאַרשטעלונגען פון דעם אנארכיזם און זיינע מינים; עס הייסט אלזאָ, אויפשטעלען בעגריפען אויף דעם אָרט פון אָט די ניט־בעגריפליכע פאַר־שטעלונגען.

3. אונזער אונטערזוכונג קען אוועקשטעלען איהר אויפגאַ־בע נאָך גענויער, הגם צוערסט נור אין דער נעגאטיווער זייט. די אויפגאבע בעשטעהט ניט דעריין, אויפצושטעלען בע־גריפען אויפ׳ן אָרט פון אלע און יעדער איינציגער פאַר־שטעלונג, וועלכע קומען פאַר אלס ניט־בעגריפליכע פאַר־שטעלונגען פון׳ם אנארכיזם און זיינע מינים.

א בעגריף קען אלעמאָל אויפפאסען בעגריפליך נור איין גע־גענשטאנד, און ניט נאָך איינעם צוזאמען מיט איהם. דער בעגריף פון געזונדהייט, צ. ב. ש. קען ניט זיין צוגלייך אויך דער בע־גריף פון לעבען; דער בעגריף פון א פערד קען ניט זיין צוגלייך דער בעגריף פון דער גאטונג זויגטיער.

אין די ניט־בעגריפליכע פאַרשטעלונגען אָבער, וואָס טרעטען ארויס אלס פאַרשטעלונגען פון דעם אנארכיזם און זיינע מינים, ווערען גראָד ארייגגענומען זעהר פערשיידענע געגענשטאנדען. אמת, דער געגענשטאנד פון די אלע פאַרשטעלונגען איז פון איין זייט א גאטונג, וועלכע ווערט צונויפגעשטעלט פון די געמיינ־שאפטליכע אייגענשאפטען פון געוויסע לעהרען, און פון דער אנ־דער זייט זיינען עס די מינים פון דער גאטונג, וועלכע ווערען צונויפגעשטעלט, צולעגענדיג וועלכע עס איז בעזונדערקייטען צו

יענע געמיינשאפטליכע אייגעשאפטען. דערביי אבער האבען אט די פארשטעלונגען אין אויג זעהר פערשיידענע קרייזען פון לעהרען מיט זייערע געמיינשאפטליכע און בעזונדערע אייגענשאפטען: איניגע פון זיי אפשר ניט מעהר ווי די לעהרען פון קראפאטקין און מאסט, אנדערע נור די לעהרען פון שטירנער, טאקער און מאקיי, און ווידער אנדערע די לעהרען פון די ביידע גרופען צוזאמען.

וואלט מען געוואלט אויפשטעלען בעגריפען אויפ'ן ארט פון א ל ע ניט־בעגריפליכע פארשטעלונגען, וועלכע טרעטען ארויס אלס פארשטעלונגען פון'ם אנארכיזם און זיינע מינים, דאן וואלטען אט די בעגריפען געמוזט אומפאסען אין איינעם די געמיינשאפטליכע און די בעזונדערע אייגענשאפטען פון גאנץ פערשיידענע קרייזען פון לעהרען (פון וועלכע איין קרייז וואלט אפשר איינגעשלאסען די לעהרען פון קראפאטקין און מאסט, אנאנדערער די לעהרע פון שטירנער, טאקער און מאקיי און א דריטער די לעהרען פון ביידע גרופען צוזאמען). דאס איז אבער אונמעגליך: די בעגריפען פון'ם אנארכיזם און זיינע מינים קענען אומפאסען די געמיינשאפטליכע און בעזונדערע אייגענשאפטען נור פון איין איינציגען קרייז פון לעהרען; דעריבער קען אונזער אונטערזוכונג ניט אויפשטעלען קיין בעגריפען פון א ל ע פארשטעלונגען, וועלכע טרעטען ארויס אלס פארשטעלונגען פון'ם אנארכיזם און זיינע מינים.

4. אונזער אונטערזוכונג קען גרייכען נאך א גענויערע פעסטשטעלונג פון דער אויפגאבע, ווען מיר מאכען פולער די דאזיגע נעגאטיווע אויפשטעלונג פון דער פראגע לויט איהר פאזיטיווער אדער בעשטעטיגענדער זייט. די אויפגאבע בעשטעהט דעריין, אויפצושטעלען בעגריפען אויפ'ן ארט פון יענע ניט־בעגריפליכע פארשטעלונגען פון'ם אנארכיזם און זיינע מינים, וואס האבען אין אויג איין און דעמזעלבען קרייז פון לעהרען, וועלכע זיינען אם מעהרסטען פערברייט צווישען

די מענשען, וואס בעשעפטיגען זיך היינטיגען טאג מיט'ן אנארכיזם אויף א וויסענשאפטליכען אופן.

אזוי ווי אונזער אונטערזוכונג קען נור האבען די אויפגאבע אויפצושטעלען בעגריפען אויפ'ן ארט פון נישט מעהר ווי א ט י י ל פון די פארשטעלונגען, וועלכע טרעטען ארויס אלס ניט־בעגריפליכע פארשטעלונגען פון'ם אנארכיזם און זיינע מינים — ד. ה. נור אויפ'ן ארט פון אזוינע פארשטעלונגען, וועלכע האבען אין אויג איין און דעמזעלבען קרייז פון לעהרען מיט זיינע געמיינשאפטליכע און בעזונדערע אייגענשאפטען — דעריבער מוזען מיר איינטיילען די דאזיגע פארשטעלונגען אין גרופען און אויסקלייבען יענע גרופע, וועמעס פארשטעלונגען מען דארף פערבייטען אויף בעגריפען.

דער אויסוואהל פון דער גרופע מוז אבהענגען פון דעם סארט מענשען פאר וועמען זיינען מכון צו מאכען די אונטערזוכונג. ווארים די אונטערזוכונג פון א בעגריף קען האבען א בעדייטונג נור פאר די מענשען, וועלכע שטעלען זיך פאר דעם עניין פון'ם בעגריף ניט־בעגריפליך: היות ווי דער בעגריף טרעט ארויס נור אויפ'ן ארט פון ז י י ע ר ע פארשטעלונגען. פאר די וואס מאכען זיך א ניט־בעגריפליכע פארשטעלונג פון ר ו י ם צ. ב. ש. האט קיין זין ניט זיי צו געבען אין דעם פרט א בעגריף פון מ א ר א ל; און עס האט פונקט אזוי קיין זין ניט צו געבען די מענשען, וועלכע פערשטעהען אונטער אנארכיזם דאס וואס זיי געפינען אי ביי פרודאן, אי ביי שטירנער, א בעגריף פון דאס וואס איז געמיינשאפטליך אי ביי פרודאן, אי ביי שטירנער, באקונין און קראפאטקין צוזאמען.

די מענשען פאר וועמען אט די אונטערזוכונג איז געמיינט, זיינען אבער גראד אזעלכע, וואס בעשעפטיגען זיך היינטיגען טאג מיט'ן אנארכיזם אויף א וויסענשאפטליכען אופן. אויב אט די אלע וואלטען אין זייערע פארשטעלונגען פון'ם אנארכיזם און זיינע מינים געהאט אין אויג נור איין און דעמזעלבען קרייז פון לעהרען, וואלט די אויפגאבע פון אונזער אונטערזוכונג געווען

אויפצושטעלען בעגריפען אנשטאט אט דער גרופע פון פארשטע־
לונגען. אזוי ווי אבער דאס איז ניט דער פאל, מוז אונזער אונ־
טערזוכונג האבען די אויפגאבע אויפצושטעלען בעגריפען אויף
דעם ארט פון אזא גרופע פון פארשטעלונגען, וועלכע האט אין
אויג א קרייז פון לעהרען, וואס ווערט אומגעפאסט פון דער מענ־
ליך־גרעסטער צאהל פון מענשען ,וועלכע בעשעפטינען זיך היינ־
טיגען טאג מיט'ן אנארכיזם אויף א וויסנשאפטליכען אופן.

## 2. — דער אנפאנגספונקט.

לויט דעם וואס מיר האבען געזאגט, מוזען מיר אנפאנגען אונזער אונטערזוכונג פון יענע נים־בעגריפליכע פארשטעלונגען פון'ם אנארכיזם און זיינע מינים, וואס האבען אין אויג איין און דעמזעלבען קרייז פון אזוינע לעהרען, וועלכע זיינען אם מעהרסטען פערשפרייט צווישען די וואס בעשעפטינגען זיך היינ־מיגען טאג וויסענשאפטליך מיט'ן אנארכיזם.

1. ווי אזוי קען מען דערקענען וואסער קרייז פון לעהרע: די דאזיגע ניט־בעגריפליכע פארשטעלונגען פון'ם אנארכיזם און זיינע מינים האבען אין אויג?

ערסטענס און פריהער פאר אלץ קען מען עס זעהן פון דאס וואס זיי זאגען בנוגע צו געוויסע אנארכיסטישע לעהרען, פון דער בעשרייבונג און פון דער צאהל וואס זיי גיבען אן פון אזוינע לעהרען.

מיר מעגען אננעהמען, אז א מענש האלט די לעהרען, וועל־כע ער רופט אן אנארכיסטיש, און די אנדערע לעהרען וועלכע לאזען זיך בעצייכענען מיט דיזעלבע געמיינשאפטליכע אייגענ־שאפטען, פאר אנארכיסטישע לעהרען. און ווייטער מעגען מיר אנ־נעהמען אז א מענש האלט ניט פאר אנארכיסטישע לעהרען אזוי־נע לעהרען, וועלכע ער שטעלט אוועק אין א וועלכער עס איז פארם אין געגענזאץ צו אנארכיסטישע, און אויך אויב ער נעהמט זיך אונטער אנצוצעהלען אדער בעשרייבען אלע אנארכיסטישע לעה־רען, אפילו די וואס זיינען איהם אונבעקאנט, און וועלכע בעזיצע!

ניט די געמיינשאפטליכע אייגענשאפטען פון די לעהרען וואס ער האט בעשריבען.

וואס פאר א קרייז פון לעהרען יענע ניט־בעגריפליכע פאר־שטעלונגען פון אנארכיזם און זיינע מינים, וועלכע זיינען פער־שפרייט אם מייסטען צווישען די וואס בעשעפטיגען זיך מיט'ן אנארכיזם וויסענשאפטליך, האבען אין אויג, קען מען זעהען צוויי־טענס פון די דעפיניציאנען און אנדערע בעשטימונגען פון אנאר־כיזם. מיר מעגען אננעהמען, בספק, אז א מענש האלט יענע לעה־רען פאר אנארכיסטישע, וועלכע האלטען אויס זיין דעפיניציאן פון אנארכיזם; און אז דאגעגען ער האלט ניט פאר אנארכיסטיש יענע לעהרען, וועלכע האלטען ניט אויס זיין דעפיניציאן.

ווען אט די צוויי דערקענונגס־מיטלען פיהרען צו סתירות, דאן מוז מען זיך פערלאזען אויפ'ן ערסטען מיטעל. ווארים אויב א מענש דעפינירט אדער רעדט פון דעם אנארכיזם אזוי, אז גע־וויסע לעהרען וועלכע ער דערקלערט פאר ניט־אנארכיסטישע, וויי־זען זיך ארויס אלס אנארכיסטישע, און אפשר אנדערע וועלכע ער רעכענט פאר אנארכיסטישע, ווייזען זיך ארויס אלס ניט־אנאר־כיסטישע, קען די שולד ליעגען נור אין דעם, וואס ער האט ניט קיין השגה ווי ווייט זיינע אלגעמיינע בעשטימונגען (דעפיניצי־אנען) גרייכען, און מען מוז דעריבער אויסגעפינען זיין מיינונג פון דעם ווי ער בעהאנדעלט די איינצעלנע לעהרען.

2. אט די דערקענונגס־מיטלען זאגען אונז וואס פאר א קרייז פון לעהרען אט די ניט־בעגריפליכע פארשטעלונגען פון'ם אנארכיזם און זיינע מינים האלטען אין אויג.

מיר דערגעהען ערסטענס, אז די לעהרען פון געוויסע מענ־שען ווערען אנערקענט אלס אנארכיסטישע לעהרען ביי'ן גרעסטען טייל פון די וואס בעשעפטיגען זיך מיט'ן אנארכיזם וויסענ־שאפטליך.

מיר דערגעהען צווייטענס, אז די לעהרען פון יענע מענשען ווערען אנערקענט, פון די וואס בעשעפטיגען זיך וויסענשאפטליך מיט'ן אנארכיזם, אלס אנארכיסטישע לעהרען, נור אויף וויפיעל

זיי זיינען שייך צו די פונקטען פון געזעץ, שטאאט און אייגענ־
טום; אבער ניט אויף וויפיעל עס האט צו טון מיט געזעץ,
שטאאט און אייגענטום פון איין בעזונדערן געזעץ־סיסטעם אדער
פון א בעזונדער גרופע פון געזעץ־סיסטעמען, און אויך ניט וואו
זיי האבען צו טון מיט אנדערע ענינים, ווי אן ערך די רעליגיאן,
די פאמיליע, קונסט א. ד. ג.

פון אלע אנערקענטע אנארכיסטישע לעהרען זיינען פאראן
זיעבען בעזונדערס אנזיכטיגע, דאס זיינען די לעהרען פון גאד־
ווין, פרודאן, שטירנער, באקונין, קראפאט־
קין, טאקער און טאלסטאי. זיי אלע ווייזען זיך
ארויס צו זיין אנארכיסטישע לעהרען לויט דעם גרעסטען טייל פון
די דעפיניציאנען פון אנארכיזם און פון אלע אנדערע וויסענ־
שאפטליכע בעשטימונגען וועגען איהם. זיי אלע ווייזען ארויס
די אייגענשאפטען וועלכע געפינען זיך געמיינשאפטליך אין די
לעהרען, וואס ווערען בעהאנדעלט אין די מעהרסטע בעשרייבונ־
גען פון'ם אנארכיזם. אייניגע פון די אייגעשאפטען ווערען אוועק־
געשטעלט אין פאדערגרונט כמעט אין יעדען ווערק איבער'ן אנאר־
כיזם. קיין איינציגע פון די זיעבען ווערט ניט ערנסט אבגעלייי־
קענט אלס אן אנארכיסטישע לעהרע.

## 3. — דאס ציעל.

לויט דעם וואס איז דא געזאגט געווארען, מוז דאס ציעל פון
דער אונטערזוכונג בעשטעהן ערסטענס, צו בעשטימען דעם בע־
גריף פון דער גאטונג, וועלכע ווערט צונויפגעשטעלט פון
די געמיינשאפטליכע אייגענשאפטען פון די לעהרען, וואס
די וועלכע בעשעפטיגען זיך וויסענשאפטליך מיט'ן אנאר־
כיזם, אנערקענען אלס אנארכיסטישע לעהרען; און צוויי־
טענס, צו בעשטימען דעם בעגריף פון די מינים פון דער
דאזיגער גאטונג, וועלכע ווערען צונויפגעשטעלט דורך
דעם, וואס עס קומען צו וועלכע עס איז בעזונדערקייטען
צו יענע געמיינשאפטליכע אייגענשאפטען.

1. א בעגריף פאַרערט קודם כל, אז א נעגענשטאנד זאָל פאַרגעשטעלט ווערען אזוי דייטליך און ריין ווי נור מעגליך. אין ניט־בעגריפליכע פאַרשטעלונגען ווערט א געגענשטאנד ניט פאַר־געשטעלט מיט אלער מעגליכער דייטליכקייט. אין אונזערע ניט־בעגריפליכע פאַרשטעלונגען פון גאָלד, צ. ב. ש., שטעלען מיר זיך דייטליך פאַר דאָס רוב נור אייניגע אייגענשאפטען פון׳ם גאָלד; איינער פון אונז דענקט דערהויפט אפשר נור פון דעם קאָליר און דעם גלאנץ, אנאנדערער פון דעם קאָליר און דער פע־היגקייט אויסצוציהען זיך, א דריטער פון וועלכער עס איז אנדער־רע אייגעשאפטען. אָבער אין דעם ב ע ג ר י ף פון גאָלד מוזען פאַרגעשטעלט ווערען אזוי דייטליך ווי מעגליך אי דער קאָליר, אי דער גלאנץ, אי די פעהיגקייט זיך אויסצוציהען, ווי אויך די הארט־קייט, די פעהיגקייט זיך אויפצולעזען, צו ווערען געשמאָלצען, דאָס ספעציפישע געוויכט, דאָס אטאָם־געוויכט, און אלע אנדער־רע אייגענשאפטען פון גאָלד.

אין אונזערע ניט־בעגריפליכע פאַרשטעלונגען ווערט א גע־גענשטאנד אויך ניט פאַרגעשטעלט אין אלער מעגליכער ריינקייט. אין אונזערע ניט־בעגריפליכע פאַרשטעלונגען פון גאָלד פיהרען מיר אריין אייניגעס וואָס געהערט גאָר ניט צו די אייגענשאפ־טען פון גאָלד; איינער קען אפשר דענקען וועגען דעם ווערטה וואָס גאָלד האָט בעת מעשה, אנאנדערער וועגען גאָלדענע כלים, א דריטער וועגען א וועלכער עס איז גאָלדענער מטבעה. פון דעם בעגריף פון גאָלד אָבער מוזען אָט די אלע הוספות געהאלטען ווע־רען פון ווייטען.

הייסט עס, אז קודם איז דאָס ציעל פון דער אונטערזוכונג, צו בעשרייבען אזוי קלאָר ווי מעגליך און אזוי ריין ווי מעגליך די ג ע מ י י נ ש א פ ט ל י כ ע אייגענשאפטען פון יענע לעהרען, וועלכע די וואָס בעשעפטיגען זיך וויסענשאפטליך מיט׳ן אנארכיזם אנערקענען אלס אנארכיסטישע לעהרען, ווי אויך די ב ע ז ו נ־ד ע רק י י ט ע ן פון די אלע לעהרען, וועלכע ווייזען אויף די דאָ־זיגע געמיינשאפטליכע אייגענשאפטען.

2. ווייטער פאַרערט זיך פון א בעגריף, אז דער געגענ־שטאַנד זאָל אזוי גוט ווי מעגליך אוועקגעשטעלט ווערען אויף זיין פּלאַץ אין דעם סך הכל פון אונזער ערפאַהרונג, ד. ה. עס זאָל אָנגעגעבען ווערען זיין פּלאַץ אין א סיסטעם פון גאַטונגען און מינים, וועלכער פּאַסט אום די גאַנצע סומע פון אונזערע ער־פאַהרונגען.

אין ניט־בעגריפליכע פאַרשטעלונגען ווערט ניט אָנגעגעבען דאָס פּלאַץ פון א געגענשטאַנד אין דעם סך הכל פון אונזער ער־פאַהרונג, נור סתם אין איינע פון די פיעלע גאַטונגען, אין וועל־כע מען קען איהם אריינשטעלען, לויט זיינע פערשיידענע איי־גענשאַפטען. איינער פון אונז שטעלט זיך אפשר פאָר דאָס גאָלד אלס א מין פון דער גאַטונג „געלבע קערפּער", אן אנדערער אלס א מין פון דער גאַטונג „אויסציהעדיגע קערפּער", א דריטער אלס א מין פון א וועלכער עס איז אנדער גאַטונג. דער בעגריף פון גאָלד אָבער מוז עס אריינשטעלען אויף זיין פּלאַץ אין א סיסטעם פון מינים און גאַטונגען, וועלכע פּאַסען אום די גאַנצע סומע פון אונזער ערפאַהרונג — ער מוז עס געבען א פּלאַץ אין דער גאַ־טונג „מ ע ט א ל ע ן".

דאָס ווייטערדיגע ציעל פון דער אונטערזוכונג איז אַלזאָ — אָנצוגעבען, אזוי גוט ווי מעגליך, דאָס פּלאַץ פון די געמיינשאַפט־ליכע אייגענשאַפטען פון יענע לעהרען, וועלכע די וואָס בעשעפ־טיגען זיך וויסענשאַפטליך מיט'ן אנארכיזם אָנערקענען אלס אנאר־כיסטישע לעהרען, ווי אויך די בעזונדערקייטען פון די אלע לעה־רען, וועלכע ווייזען ארויס די דאָזיגע געמיינשאַפטליכע אייגענ־שאַפטען, אין דעם סך הכל פון אונזערע ערפאַהרונגען, ד. ה. אין א סיסטעם פון מינים און גאַטונגען, וועלכעס פּאַסט אום די גאַנצע סומע פון אונזער ערפאַהרונג.

## 4. — דער וועג צום ציעל.

דער וועג, אויף וועלכען אונזער אונטערזוכונג דאַרף געהן פון דעם אָנפאַנגס־פּונקט ביז צו איהר ציעל, מוז, לויט דעם וואָס

איז נעזאגט געװארען, צערפאלען אויף דריי טיילען. ערסטענס מוז מען בעשטימען די בעגריפען פון רעכט, שטאאט און אייגענטום. דאן מוז מען פעסטשטעלען װאס די אנארכיסטישע לעהרען זאגען װעגען רעכט, שטאאט און אייגענטום. צולעצט מוזען מיר בעגריפליך בעשטימען דעם אנארכיזם און זיינע מינים, נאכדעם װי מיר װעלען אראבװארפען פון איהם אייניגע טעות׳ן.

ערסטענס מוז מען בעגריפליך בעשטימען רעכט, שטאאט און אייגענטום; און די בעשטימונג מוז דוקא זיין פון רעכט, שטאאט און אייגענטום בכלל, ניט א שטייגער דאס רעכט, דער שטאאט און דאס אייגענטום פון א געװיסען רעכטס־סיסטעם אדער פון א געװיסען קרייז פון רעכטס־סיסטעמען.

רעכט, שטאאט און אייגענטום אין דעם זין זיינען די געגענשטאנדען (די אביעקטען), װעגען װעלכע די לעהרען, װאס דארפען אונטערזוכט װערען לויט זייערע געמיינשאפטליכע און בעזונדערע אייגענשאפטען, מאכען בעהויפטונגען. איידער מען קען פעסטשטעלען אז עס זיינען געמאכט געװארען װעלכע עס איז בעהויפטונגען װעגען א געגענשטאנד — שוין ניט צו רעדען װעגען ארויסברייננגען די געמיינשאפטליכע און די בעזונדערע אייגענשאפטען פון די דאזיגע בעהויפטונגען און געפינען זייער פלאץ אין דעם סך הכל פון אונזער ערפאהרונג — מוז דער געגענשטאנד גופא בעגריפליך בעשטימט װערען. בכן, איז דאס ערסטע װאס מוז געטון װערען — בעשטימען די בעגריפען פון רעכט. שטאאט און אייגענטום (קאפיטעל 2).

2. דערנאך מוז מען פעסטשטעלען װאס די אנארכיסטישע לעהרען בעהויפטען װעגען רעכט, שטאאט און אייגענטום, — ד. ה. די אנערקענטע אנארכיסטישע לעהרען, װי אויך יענע לעהרען, װעלכע װייזען אויף אויף א גלייכען אופן דיזעלבע געמיינשאפטליכע אייגענשאפטען.

װאס די אנערקענטע אנארכיסטישע לעהערען זאגען מוז

פעסטגעשטעלט ווערען, כדי צו בעשטימען דעם בעגריף פון אנאַרכיזם. וואָס די אַנדערע לעהרען, וועלכע ווייזען אויף די געמיינשאַפטליכע אייגענשאַפטען פון די אָנערקענטע אַנאַרכיסטישע לעהרען, זאָגען, מוז פעסטגעשטעלט ווערען, כדי די מינים פון'ם אַנאַרכיזם זאָלען קענען בעגריפליך בעשטימט ווערען.

עס הייסט, אז מען מוז יעדע פון די לעהרען פרעגען מכח איהר פערהאַלטען זיך צו די פונקטען רעכט, שטאַאט און אייגענטום. אפריהער אָבער מוז מען נאָך זיי פרעגען, אויף וועלכער גרונדלאַגע זיי רוהען, און נאָכהער מוז מען זיי אויך פרעגען, ווי זיי שטעלען זיך פאָר זייער פערווירקליכונג. —

עס איז אונמעגליך דאָ צו געבען א ל ע אָ נ ע ר ק ע נ ט ע אַנאַרכיסטישע לעהרען, שוין ניט צו רעדען וועגען געבען ג אָ ר אַ ל ע אַנאַרכיסטישע לעהרען בכלל. אונזער אונטערזוכונג בעשרענקט זיך דעריבער נור אויף די בעשרייבונג פון די זיעבען בעזונדערס אָנזיכטיגע לעהרען (קאַפּיטעל 3 ביז 9) און זי מיהט זיך פון אָט דעם שטאַנדפונקט אויס צו בעקומען אַן איבערבליק איבער א ל ע אַנאַרכיסטישע לעהרען, די אָנערקענטע, ווי אַלע אַנדערע בכלל (קאַפּיטעל 10).

די בעשריבענע לעהרען זיינען איבערגעגעבען געוואָרען אין זייערע אייגענע ווערטער,*) אָבער לויט איין און דעמזעלבען סיסטעם: דאָס ערסטע, כדי צו זיין זיכער אז עס ווערט ניט אריינגעבראַכט קיין פרעמדער געדאַנק; דאָס צווייטע, כדי ניט אוועקצושטעלען גרונדפערשיידענע געדאַנקען־גיינג אין א פאָרם וואָס וועט זיי ניט לאָזען פערגלייכען איינע מיט די אַנדערע. זיי זיי־

---

*) די שטעלען וואָס זיינען געבראַכט געוואָרען פון ניט־דייטשע שריפטען, זיינען איבערגעגעבען געוואָרען אין דייטש. פאר די ציטאַטען פון רוסישע שריפטען זיינען בענוצט געוואָרען פרעמדע איבערזעצונגען, וועלכע זיינען פאָרזיכטיג איבערגעאַרבייט געוואָרען דאָרט, וואו עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זיי האָבען שטאַרק געזינדיגט געגען דעם געפיהל פון דער שפּראַך.

נען געצוואונגען געוואָרען צו געבען בעשטימטע ענטפערן אויף בעשטימטע פראגען; עס איז אָפט אפילו געווען נויטיג צוזאמען צו ברייננען די ענטפערן אין קלייניגקע חלקים פון העכסט פער־שיידענע שריפטען, דורכזיפען זיי אויף ווי ווייט זיי האָבען איי־נע די אנדערע סותר געווען, און פערטייטשען זיי דאָרט וואו זיי האָבען אָבגעטראָטען פון דעם געוועהנליכען געברויך פון דער שפראך. אויף אָט דעם אופן בעוויזט זיך פאר אונז טאָלסטאָי'ס שטרענגער געדאנקען־געבוי און באקונין'ס ניט־קלאָרע רעדעריי, קראפאָטקין'ס ארגומענטען פול פון הייסער מענשענליעבע און שטירנער'ס זעלבסט־צופרידענע חכמה'לעך, אי דירעקט, אי דאך אין א פערגלייכבארער פאָרם.

3. צולעצט, נאָך דעם ווי מיר ווארפען אראָב ווייט־פער־שפרייטע טעות'ן, מוזען מיר בעגריפליך בעשטימען דעם אנאר־כיזם און זיינע מינים.

אויפ'ן גרונד פון דער דערקענטניס, וואָס מיר האָבען בעקו־מען וועגען די אנארכיסטישע לעהרען, מוזען מיר אָברייניגען די וויכטיגסטע טעות'ן איבער'ן אנארכיזם און זיינע מינים; און דאן מוזען מיר בעשטימען וואָס די אנארכיסטישע לעהרען האָבען צווי־שען זיך געמיינשאפטליכעס און וועלכע בעזונדערקייטען עס זיי־נען פערטראָטען ביי זיי, און אָנווייזען דאָס פלאַץ אי פון די, אי פון יענע אין דעם סך הכל פון אונזער ערפאהרונג. דערמיט זיי־נען געגעבען געוואָרען די בעגריפען פון'ם אנארכיזם און זיינע מינים (קאפיטעל 11).



צווייטער קאפיטעל.

# רעכט, שטאַאט, אייגענטום.

## 1. — אַלגעמיינעס.

מיר ווילען דאַ בעגריפליך בעשטימען רעכט, שטאַאט און אייגענטום בכלל, ניט דאַס רעכט, דעם שטאַאט, דאַס אייגענטום פון איין געוויסען רעכטס־סיסטעם אָדער פון אַ געוויסען קרייז פון רעכטס־סיסטעמען. די בעגריפען פון רעכט, שטאַאט און אייגענטום דאַרפען ווערען בעשטימט אַלס בעגריפען פון אַן אַלגעמיינער רעכטס־וויסענשאַפט, ניט פון אַ וועלכער עס איז בעזונדער רעכטס־וויסענשאַפט.

1. אונטער די בעגריפען פון רעכט, שטאַאט און אייגענטום קען מען ערסטענס פערשטעהן די דאָזיגע בעגריפען אין דער וויסענשאַפט פון א בעשטימטען רעכטס־ס י ס ט ע ם.

אזעלכע בעגריפען ענטהאַלטען אַלע סמנים, וועלכע געהערען צו דעם עצם פון יענעם געוויסען רעכטס־סיסטעם. זיי פּאַסען אום נישט מעהר ווי דעם עצם פון יענעם רעכטס־סיסטעם. מען קען זיי דעריבער אָנרופען די בעגריפען פון דער וויסענשאַפט פון אַט דעם סיסטעם. וואָרים מיר קענען בעצייכענען אַלס די וויסענשאַפט פון א בעשטימטען רעכטס־סיסטעם דאָס טייל פון יוריספּרודענץ, וואָס בעשעפטיגט זיך אויסשליסליך מיט די נאָרמען פון איין געוויסען רעכטס־סיסטעם.

די בעגריפען פון רעכט, שטאַאט און אייגענטום אין דער וויסענשאַפט פון איין רעכטס־סיסטעם אונטערשיידען זיך פון די אייגענע בעגריפען אין די וויסענשאַפטען פון אַנדערע רעכטס־סיסטעמען דורך דעם כאַראַקטער־צייכען, וואָס זיי זיינען די בעגריפען פון די נ אָ ר מ ע ן פון דעם דאָזיגען בעזונדערן סיסטעם.

דער אייגענטומס־בעגריף פון דעם היינטיגען דייטשען רייכס־רעכט, פון דעם היינטיגען פראַנצויזישען רעכט און דעם היינטיגען ענג־לישען רעכט אונטערשיידען זיך דורך דעם, וואָס זיי זיינען בע־גריפען פון נאָרמען מכח אייגענטום פון דריי פערשיידענע רעכטס־סיסטעמען. בכן, זיינען די בעגריפען פונקט אזוי פערשיידען, ווי די נאָרמען פון דעם היינטיגען דייטשען, פראַנצויזישען און ענג־לישען רעכט פון אייגענטום זיינען פערשיידען. די רעכט, שטאַאט און אייגענטום־בעגריפען אין פערשיידענע רעכטס־סיסטעמען שטעהען אין שיכות איינע צו די אנדערע ווי מינים־בעגריפען, וואָס זיינען אונטערוואָרפען אונטער איין און דעמזעלבען גאַ־טונגס־בעגריף.

2. צווייטענס קען מען אונטער די בעגריפען פון רעכט, שטאַאט און אייגענטום פערשטעהן די דאָזיגע בעגריפען אין דער וויסענשאַפט פון א בעשטימטען ק ר י י ז פ ו ן ר ע כ ט.

אזעלכע בעגריפען ענטהאַלטען אלע סמנים, וועלכע געהערען צו דעם געמיינשאַפטליכען אינהאַלט פון די פערשיידענע רעכטס־סיסטעמען פון דעם געוויסען קרייז פון רעכט. זיי פאַסען אום נור דעם געמיינשאַפטליכען אינהאַלט פון די פערשיידענע רעכטס־סיסטעמען פון אַט דעם רעכטס־קרייז. מען קען זיי דעריבער אָנ־רופען בעגריפען פון דער וויסענשאַפט פון אַט דעם רעכטס־קרייז. וואָרים מיר קענען בעצייכענען אלס די וויסענשאַפט פון א בע־שטימטען רעכטס־קרייז דאָס טייל פון יוריספּרודענץ, וועלכער בע־האַנדעלט אויסשליסליך די נאָרמען פון א בעשטימטען רעכטס־קרייז, אויך וויפיעל זיי זיינען ניט שוין בעהאַנדעלט געוואָרען דורך די וויסענשאַפטען פון די בעשטימטע רעכטס־סיסטעמען פון אַט דעם קרייז.

דער רעכט, שטאַאט און אייגענטום־בעגריף אין דער וויסענ־שאַפט פון א רעכט־ קרייז אונטערשיידט זיך פון די אייגענע בע־גריפען אין די וויסענשאַפטען פון די רעכט־סיסטעמען וואָס שטע־לען צונויף דעם קרייז, דערמיט וואָס איהם פעהלט דער כאַראַק־טערצייכען, וואָס וואָלט איהם געמאַכט פאַר א בעגריף פון די

נאָרמען פון אַט די סיסטעמען, און בכן פעהלען איהם אויך אלע כאראקטערצייכענס, וועלכע קענען ארויסגעבראכט ווערען פון דעם דאָזיגען צייכען, לויט דעם בעזונדערן אינהאלט פון איין רעכט־סיסטעם אָדער פון אנאנדערן. דער שטאאט־בעגריף אין דער ווי־סענשאפט פון היינטיגען אייראָפּעישען רעכט איז דערמיט אָבגעשיידט פון די שטאאט־בעגריפען אין די וויסענשאפטען פון דעם היינטיגען דייטשען, רוסישען און בעלגישען רעכט, וואָס ער איז ניט קיין בעגריף פון די נאָרמען פון די דאָזיגע רעכט־סיסטעמען, און וואָס עס פעהלען איהם פאָלגליך אלע צייכענס, וועלכע נעהמען זיך פון דעם בעזונדערען אינהאלט פון די שטאאט־רעכטליכע נאָרמען, וואָס זיינען גילטיג אין דייטשלאנד, רוסלאנד און בעלגיען. זיין שיכות צו די שטאאט־בעגריפען און די וויסענ־שאפטען פון די דאָזיגע רעכט־סיסטעמען איז ווי פון א גאטונגס־בעגריף צו די אונטערגעאָרדענטע מינים־בעגריפען.

דער רעכט, שטאאט און אייגענטום־בעגריף אין דער וויסענ־שאפט פון א רעכט־קרייז אונטערשיידעט זיך פון די אייגענע בע־גריפען אין די וויסענשאפטען פון אנדערע אזוינע קרייזען דורך דעם צייכען, וואָס ער איז א בעגריף פון נאָרמען פון אַט דעם בעזונדערן רעכט־קרייז. דער שטאאט־בעגריף אין דער ווי־סענשאפט פון היינטיגען אייראָפּעאישען רעכט און דער שטאאט־בעגריף אין דער וויסענשאפט פון אייראָפּעאישען רעכט אין'ם יאָהר 1000 אונטערשיידען זיך דערמיט, וואָס איינער איז א בע־גריף פון שטאאטליכע נאָרמען וועלכע גילטען איצטער, און דער אנדערער — פון אזוינע וואָס האָבען געגאָלטען אין אייראָפּא דאַמאָלסט. די דאָזיגע בעגריפען האָבען א שיכות איינע צו די אנ־דערע ווי מינים־בעגריפען, וועלכע זיינען אונטעראָרדענט צו איין און דעמזעלבען גאטונג־בעגריף.

3. אונטער די בעגריפען פון רעכט, שטאאט און אייגענטום קען מען פערשטעהן דעם רעכט, שטאאט און אייגענטום־בעגריף פון דער אלגעמיינער רעכטס־וויסענשאפט.

אַט די בעגריפען ענטהאלטען אלע סמנים, וועלכע נעהמען

זיך פון דעם געמיינשאַפטליכען אינהאַלט פון די פערשיידענסטע סיסטעמען און קרייזען פון רעכט. זיי פאַסען אום נור דאַס, וואָס די נאָרמען פון די פערשיידענסטע סיסטעמען און קרייזען פון רעכט האָבען געמיינשאַפטליך איינע מיט די אַנדערע. מען קען זיי דעריבער אָנרופען בעגריפען פון דער אַלגעמיינער רעכטס־וויסענשאַפט אָדער יוריספּרודענץ.

דער רעכט, שטאַאט און אייגענטום־בעגריף פון דער אַלגע־מיינער יוריספּרודענץ אונטערשיידט זיך פון די אייגענע בעגרי־פען פון בעזונדערע רעכטס־וויסענשאַפטען דערמיט, וואָס איהם פעהלט דער כאַראַקטערצייכען, וועלכער וואָלט איהם געמאַכט פאַר א בעגריף פון די נאָרמען פון א געוויסען רעכט־סיסטעם אָדער פון א געוויסען רעכט־קרייז. דער רעכט־בעגריף א ז א ו ן פ י ר ז י ך אונטערשיידט זיך פון דעם בעגריף פון רעכט אין דעם היינטיגען אייראָפּעאישען רעכט, און פון דעם רעכט־בעגריף פון דעם היינטיגען דייטשען רעכט דערמיט, וואָס ער איז ניט קיין בעגריף פון די נאָרמען פון יענעם קרייז און אודאי ניט פון די נאָרמען פון דעם סיסטעם, און וואָס עס פעהלען איהם פאָלגליך די סמנים, וואָס מען וואָלט געקענט געפינען דורך מעגליכע גע־מיינשאַפטליכע פּרטים אין אַלע רעכטס־נאָרמען, וואָס גילטען היינט אין אייראָפּא אָדער נור אין דייטשלאַנד. זיין שיכות צו די רעכט־בעגריפען פון אָט די בעזונדערע רעכטס־וויסענשאַפטען איז ווי פון א גאַטונג־בעגריף צו מינים־בעגריפען.

4. אין וועלכען זין פון די פריהער געגעבענע דאַרף דער בע־גריף פון רעכט, שטאַאט און אייגענטום דעפינירט ווערען, און וועלכע זאַכען דאַרף מען נעהמען אין אָנבעטראַכט בעת מען דע־פינירט איהם, — הענגט אָב פון'ם צוועק פון דער אונטערזוכונג.

ווען די כונה איז וויסענשאַפטליך צו בעשרייבען די קאָנסטי־טוציאָנעלע נאָרמען פון דעם היינטיגען ד י י ט ש ע ן רייכס־רעכט, דאַן מוז דער בעגריף פון שטאַאט, ווי מען בעטראַכט איהם אין דעם פאַל, זיין א בעגריף פון דער וויסענשאַפט פון אָט דעם בעזונדערן רעכט־ס י ס ט ע ם. וואָרים די וויסענשאַפטליכע בע־

האַנדלונג פון די נאָרמען פון א בעזונדער רעכט־סיסטעם פאָדערט, אז מען זאָל זיך מאַכען בעגריפען פון די נאָרמען פון דוקא אָט דעם סיסטעם. בכן קען זיין דער מאַטעריאַל, וואָס מען דאַרף נעהמען אין אַנבעטראַכט, נור די קאָנסטיטוציאָנעלע נאָרמען פון דעם היינטיגען דייטשען רייכס־רעכט.

אָדער אויב די כונה איז וויסענשאַפטליך צו פערגלייכען די נאָרמען פון דעם היינטיגען א י י ר אָ פּ ע א י ש ע ן רעכט אי־בער'ן אייגענטום, דאַן מוז דער בעגריף פון אייגענטום, ווי מען בעטראַכט איהם אין דעם פאַל, זיין א בעגריף פון דער וויסענ־שאַפט פון אָט דעם בעזונדערן רעכט־ק ר י י ז. וואָרים די וויסענ־שאַפטליכע פערגלייכונג פון נאָרמען פון פערשיידענע רעכט־סיס־טעמען פאָדערט, אז די בעגריפען פון די וויסענשאַפטען פון די פערשיידענע רעכט־סיסטעמען זאָלען אוועקגעשטעלט ווערען אין א אונטעראָרדנעטען סדר אונטער דעם ענטשפּרעכענדען בעגריף פון דער וויסענשאַפט פון'ם רעכט־קרייז, וועלכער איז צונויפגע־שטעלט פון אָט די סיסטעמען. בכן קען זיין דער מאַטעריאַל, וואָס מען דאַרף נעהמען אין אַנבעטראַכט, נור די נאָרמען פון אָט דעם רעכט־קרייז.

ענדליך, אויב עס מאַכט זיך אז די כונה איז וויסענשאַפט־ליך צו פערגלייכען וואָס די נאָרמען פון די פערשיידענסטע רעכט־סיסטעמען האָבען געמיינשאַפטליך איינע מיט די אַנדערע, דאַן מוז דער רעכט־בעגריף, ווי מען בעשטימט איהם אין דעם פאַל, זיין א בעגריף פון דער אַ ל ג ע מ י י נ ע ר רעכטס־וויסענשאַפט.

דאָ, וואו די כונה איז צו מאַכען דעם ערסטען שריט צו אַ וויסענשאַפטליכע אומפּאַסונג פון לעהרען, וועלכע גיבען אָב זיי־ער פּסק מכח רעכט, שטאַאט און אייגענטום בכלל, ניט נור מכח רעכט, שטאַאט און אייגענטום פון א בעזונדער סיסטעם אָדער פון א בעזונדער קרייז, מוזען די דאָזיגע בעגריפען נויטיגערווייז דעפינירט ווערען אַלס בעגריפען פון דער אַלגעמיינער יוריספּרו־דענץ. וואָרים א וויסענשאַפטליכע אומפּאַסונג פון לעהרען וועל־כע בעשעפטיגען זיך מיט דעם געמיינשאַפטליכען אינהאַלט פון

די פערשיידענסטע רעכט־סיסטעמען און רעכט־קרייזען, פאָדערט אז מען זאָל זיך מאַכען בעגריפען פון אָט דעם געמיינשאַפטליכען אינהאַלט, ד. ה. פון דער אַלגעמיינער רעכטס־וויסענשאַפט. מיר מוזען דעריבער נעהמען אין אָנבעטראַכט, אלס אונזער מאַטע־ריאַל, די נאָרמען (ספּעציעל וואָס געהערט שטאַאט און אייגענ־טום) פון די פערשיידענסטע סיסטעמען און קרייזען פון רעכט.

## 2. — דאָס רעכט.

דאָס רעכט איז דער סך הכל פון די רעכטס־נאָרמען. א רעכטס־נאָרמע איז אַ נאָרמע, וועלכע איז בעגרינדעט אויפ׳ן פאַקט, וואָס מענשען ווילען האָבען אַז עס זאָל בכלל אָבגעהיט ווערען אַ געוויסער סדר פון פיהרונגען אין אַ קרייז פון מענשען, צו וועלכען זיי אליין געהערען.

1. די רעכטס־נאָרמע איז א נאָרמע (א רעגעל, א מאָס־שטאַב).

א נאָרמע איז די אידעע פון א ריכטיגען אויפפיהר. א ריכ־טיגער אויפפיהר בעטייט אזא מין אויפפיהר, וואָס ענטשפּרעכט ענטוועדער דעם ענדליכען צוועק פון אלע מענשליכע אויפפיהרונ־גען (אַן אונבעדינגט ריכטיגער אויפפיהר, צ. ב. ש. די אכטונג פאר אנאנדער מענשענ׳ס לעבען); אָדער עס ענטשפּרעכט לכל הפחות א צופעליגען צוועק (א בעדינגט ריכטיגער אויפ־פיהר, ווי למשל דאָס קינסטליך־ריכטיגע שאַפען זיך מיט א נאָך־שליסעל). די אידעע אָבער פון א ריכטיגען אויפפיהר בעטייט, אז דער אונבעדינגט־ריכטיגער אָדער דער בעדינגט־ריכטיגער אויפ־פיהר דאַרף פאָרגעשטעלט ווערען ניט אלס פאַקט, נור אלס אויפ־גאַבע, ניט אלס עטוואָס ווירקליכעס, נור אלס עטוואָס וואָס דאַרף פערווירקליכט ווערען; עס בעטייט ניט, אז איך וועל פאַקטיש שאַנעווען מיין פיינד׳ס לעבען, נור אז איך ד א ר ף עס שאַנעווען; עס מיינט ניט, ווי דער גנב האָט ווירקליך בענוצט דעם נאָך־שלי־סעל, נור ווי ער וואָלט איהם געדאַרפט בענוצען. — די אידעע פון א ריכטיגען אויפפיהר איז דאָס וואָס מיר רופען אָן א „זאָל“, א „מוז“;

ווען איך שטעל מיר פאַר א „זאָל“, דענק איך וואָס עס דאַרף, וואָס עס זאָל געשעהען, כדי צו פערווירקליכען ענטוועדער דעם ענד־ליכען צוועק פון אלע מענשליכע אויפפיהרונגען, אָדער א וועלכען עס איז צופעליגען אייגענעם צוועק. יעדער פסק וואָס מיר גי־בען אָב מכח פערגאַנגענע פיהרונגען, הענגט אָב פון דער אידעע פון א ריכטיגען אויפפיהר; נור פון׳ם שטאַנדפונקט פון דער אי־דעע קען מען בעשרייבען די פערגאַנגענע פיהרונגען אלס גוטע אָדער שלעכטע, צוועקמעסיגע אָדער ניט־צוועקמעסיגע; און אזוי זיינען אויך אלע אונזערע איבערקלערונגען מכח צוקינפטיגע פיהרונגען — נור פון׳ם שטאַנדפונקט פון אָט דער אידעע קען מען איבער־קלערן צי עס וועט זיין גוט, אָדער לכל הפחות צוועקמעסיג, צו פיהרען זיך אויף א בעשטימטען אופן.

יעדע רעכטס־נאָרמע שטעלט פאַר א געוויסען אויפפיהר אלס ריכטיג; זי ערקלערט אז ער ענטשפּרעכט א געוויסען צוועק. און זי שטעלט פאַר אָט דעם ריכטיגען אויפפיהר אלס אַן אידעע; זי בעצייכענט איהם ניט אלס פאקט, נור אלס אויפגאַבע, זי זאָגט ניט אַז ווער עס איז פיהרט זיך אזוי און אזוי, נור אז מען דאַרף זיך אזוי און אזוי פיהרען. די רעכטס־נאָרמע איז דעריבער א נאָרמע, א רעגעל.

2. די רעכטס־נאָרמע איז א נאָרמע, וואָס איז בעגרינדעט אויף א מענשליכען ווילען.

א נאָרמע וועלכע איז בעגרינדעט אויף א מענשליכען ווי־לען איז אזעלכע, וואָס צוליב איהר מוז מען זיך פיהרען אויף א געוויסען אופן, בכדי ניט צו קומען אין א צוזאַמענשטויס מיט געוויסע אנדערע מענשען און ניט אָנגעגריפען צו ווערען פון דער מאַכט, וועלכע שטעהט יענע מענשען צו דיענסט. אזא נאָרמע שטעלט דעריבער פאַר אַן אויפפיהר נור אלס בעדינגט־ריכטיג, דהינו אלס א מיטעל צו דעם צוועק (צו וועלכען מיר שטרעבען, אָדער וועלכען מיר זיינען גאָר ממאס), צו האַלטען זיך הארמאָ־ניש מיט דעם ווילען פון געוויסע מענשען, און דורכדעם געשאָנע־וועט צו ווערען פון דער קראַפט, וועלכע דיענט זייער ווילען.

יעדע רעכטס־נאָרמע זאָגט אונז, אז מיר מוזען זיך פיהרען אויף א געוויסען אופן, כדי ניט צו געהן כנגד דעם ווילען פון געוויסע מענשען און ליידען דערנאָך אונטער זייער מאַכט. זי שטעלט, הייסט עס, פאָר אַן אויפפיהר נור אלס בעדינגט ריכטיג, און לערנט אונז ניט וואָס עס איז גוט, נור וואָס עס איז פאָרגעשריבען. די רעכטס־נאָרמע איז דעריבער א נאָרמע, וואָס איז בעגרינדעט אויפ'ן מענשליכען ווילען.

3. די רעכטס־נאָרמע איז א נאָרמע, וועלכע איז בעגרינדעט אויף דעם, וואָס מענשען ווילען א געוויסען אויפפיהר פאר זיך און פאר אנדערע.

יעדע רעכטס־נאָרמע (און פון אלע נאָרמען נור די רעכטס־נאָרמע) האָט די אייגענשאפט, וואָס דער ווילען אויף וועלכען זי בעגרינדעט זיך, בעציהט זיך אויף אנדערע איידער די וועלכע ווילען עס, און דאָך שליסט עס איין זיי אויך. דער דין: „ווער עס נעהמט אוועק ביי אנאנדערן א פרעמדען חפץ מיט דער כונה צו האלטען עס אונגעזעצליך פאר זיך, ווערט בעשטראָפט פאר גנבה מיט געפענגנים", איז בעגרינדעט ניט נור אויפ'ן ווילען פון מענשען, נור יעדער איינער איז אויך בעוואוסטזיניג, אז בעת פון איין זייט בעציהט זיך דער דין אויף אנדערע מענשען, בעציהט ער זיך פון דער אנדער זייט אויך אויף איהם אליין. —

מען קען אפשר אנטקעגען דעם פאָרברייננגען, אז א פנים ניט אלע מאָל ווערט פון דעם ווילען פון מענשען צו האָבען א געוויסען רעגעל פון אויפפיהרונג פאר זיך און אנדערע א „רעכט"; צום ביישפיעל, די בעשטרעבונגען פון די פראנצויזישע באָנאַ־פּארטיסטען פיהרען ניט איין דעם קייזערטום אין פראנקרייך. אָבער דאָס רעכט ווערט טאַקי ניט איינגעפיהרט דורך דעם בלויזען ווילען, נור ער ווערט ערסט דאַן א רעכט, ווען אויף דעם דאָזיגען ווילען בעגרינדעט זיך א נאָרמע; דאָס הייסט, ווען דער ווילען האָט אין זיין דיענסט אזא גרויסע מאַכט, אז ער איז אימ־שטאנד צו בעאיינפלוסען די מענשען, אויף וועלכע ער בעציהט זיך. אזוי שנעל ווי דער באָנאַפּארטיזם וואָלט זיך אזוי שטארק

פערשפרייטען, און אין אזוינע קרייזען, אז עס וואָלט מקוים גע־וואָרען דער פריהערדיגער תנאי, וואָלט די רעפּובליק פאַלען און דער קייזערטום וואָלט טאַקי געוואָרען דאָס רעכט אין פראַנקרייך.

מען קען אפשר ווייטער נאָך אָנווייזען אויף דעם פאַקט, אז אין אונבעגרעניצטע מאָנארכיען, ווי צ. ב. ש. אין רוסלאַנד, איז דאָס רעכט לגמרי בעגרינדעט אויף דעם ווילען פון איין מענשען, וועלכער איז אליין ניט אונטערוואָרפען אונטערן רעכט. דאָס רוסישע רעכט אָבער בעגרינדעט זיך גאָר ניט אויפ'ן ווילען פון'ם צאַר; דער צאַר איז א שוואַכער, איינצעלנער מענש, און זיין ווילען אַן און פיר זיך איז לגמרי גאָר ניט בכח צו בעאיינפלוסען מיליאָנען רוסען אין זייערע פיהרונגען. דאָס רוסישע רעכט איז בעגרינדעט פיעל מעהר אויף דעם ווילען פון אלע יענע רוסען — מוזשיקעס, סאָלדאַטען, בעאַמטע — וועלכע צוליב די פערשיי־דענסטע טעמים — צוליב פּאַטריאָטיזם, אייגעננוצען, אָדער אָבער־גלויבען — ווילען, אז דאָס וואָס דער צאַר וויל, זאָל אין רוס־לאַנד זיין דאָס רעכט. זייער ווילען האָט יאָ בכח צו בעאיינפלו־סען דעם אויפפיהר פון די רוסען; און אויב די דאָזיגע, וועלכע ווילען עס, זאָלען אמאָל ווערען אזויפיעל וועניגער אין צאָהל, אז זייער ווילען וועט שוין מעהר דעם דאָזיגען כח ניט האָבּען, דאַן וועט דעם צאַר'ס ווילען ניט זיין מעהר דאָס רעכט אין רוס־לאַנד, ווי עס בעווייזט אונז די געשיכטע פון רעוואָלוציאָנען.

4. מען האָט בעהויפּטעט, אז רעכטס־נאָרמען האָבען נאָך אַנדערע אייגענשאַפטען.

ערסטענס האָט מען געזאָגט, אז אין עצם פון א רעכטס־נאָרמע ליעגט די אייגעשאַפט פון זיין צווינגבאַר, אָדער גאָר די אייגענשאַפט פון זיין צווינגבאַר אויף א בעשטימטען אופן, דהיינו דורך די פּראָצעדורען פון געריכט, אָדער דורך די געוואַלט פון'ם שטאַאט.

אויב מען פערשטעהט אונטער דעם, אז מען קען אַלעמאָל צווינגען צו פאָלגען א רעכטס־נאָרמע, דאַן שטעלט זיך אונז גלייך אנטקעגען די גרויסע צאָהל פעלען, אין וועלכע מען קען דאָס ניט

פועל זיין. ווען א בעל חוב איז באַנקראָט, אָדער ווען א מאָרד איז בעגאַנגען געוואָרען, קען מען ניט לאחר המעשה צווינגען צו פאָלגען די איבערגעטראָטענע רעכטס־נאָרמען, און פון דעסטוועגען ווערט דורכדעם די גילטיגקייט פון די רעכטס־נאָרמען ניט גע־מינערט.

אויב מיר מיינען מיט דעם, אז דאָס פאָלגען פון א רעכטס־נאָרמע מוז זיין געזיכערט דורך אַנדערע רעכטס־נאָרמען, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען פאר דעם פאַל ווען יענע ווערט פער־לעצט, דאַן דארפען מיר נור געהן א ווייליע פון די געזיכערטע נאָרמען צו די נאָרמען וואָס זיכערן, ביז מיר וועלען קומען צו אזוינע נאָרמען, וועלכע זיינען אליין קיינמאָל ניט געזיכערט גע־פאָלגט צו ווערען. הייסט אויב מען וויל אָט די נאָרמען ניט אָנער־קענען פאר רעכטס־נאָרמען, ·דאַן קענען דאָך די נאָרמען, וועל־כע זיינען געזיכערט דורך זיי, אויך ניט גילטען אלס רעכטס־נאָרמען; און אָט אזוי געהענדיג אלץ ווייטער צוריק, בלייבט מען צום סוף גאָר אין גאַנצען אָהן רעכטס־נאָרמען.

סיידען מען זאָל פערשטעהן אונטער דעם אויסדרוק צווינג־באַרקייט פון א רעכטס־נאָרמע, אז א ווילען מוז זיך קענען שאַ־פען מיט א געוויסער מאַכט, כדי א רעכטס־נאָרמע זאָל זיך קע־נען בעגרינדען אויף איהם — דאַן, אין דעם זין, וואָלט מען טאַקי געקענט זאָגען, אז די צווינגבאַרקייט געהערט צום עצם פון א רעכטס־נאָרמע. אָבער דאַן וואָלט עס נור געווען אזא אייגענ־שאַפט, וואָס שטאַמט אָב פון איהר עצם אייגענשאַפט אלס נאָר־מע, און עס וואָלט ניט געקענט האָבען קיין תביעה מען זאָל עס רעכענען אלס צוגעלעגטע, נייע אייגענשאַפט.

ווידער האָט מען בעצייכענט אלס א גרונד־אייגענשאַפט פון א רעכטס־נאָרמע, וואָס זי מוז זיין בעגרינדעט אויף דעם ווילען פון א שטאַאט. עס איז דאָך אָבער א פאַקט, אז אפילו דאָרט וואו מען קען כלל ניט רעדען וועגען א שטאַאט, ווי למשל ביי די נאָמאַדען־פעלקער, זיינען פון דעסטוועגען אויך פאַראַן רעכטס־נאָרמען. און אויסער דעם איז דאָך יעדער שטאַאט גופא

א רעכטס־פערהעלטניס, ד. ה. א אינסטיטוציע וואָס איז איינגע־פיהרט דורך רעכטס־נאָרמען, וועלכע קענען דאָך ניט זיין בעגרינ־דעט אויף זיין ווילען. לעצטענס, די נאָרמען פון אינטערנאציאָ־נאלען רעכט, וועלכע בעצוועקען צו בינדען דעם ווילען פון מעה־רערע שטאאטען קענען דאָך ניט זיין בעגרינדעט אויפ'ן ווילען פון איין שטאאט. —

ענדליך האָט מען בעהויפטעט, אז עס ליעגט אין עצם פון א רעכטס־נאָרמע, וואָס זי מוז שטימען מיט'ן מאָראַלען געזעץ. ווען דאָס וואָלט געווען ריכטיג, וואָלט פון אלע פערשיידענע רעכטס־נאָרמען, וואָס טרעטען אריין אין קראפט איינע נאָך די אנדערע אויף דעמזעלבען געביעט, אָדער וואָס זיינען אין קראפט אין דערזעלבער צייט אין פערשיידענע געביעטען אונטער דיזעל־בע אומשטאנדען, נור איינע זיך געקענט רעכענען אלס א רעכטס־נאָרמע; ווארים אונטער דיזעלבע אומשטאנדען איז דאָך מעהר ניטאָ ווי איין מאָראַלעס רעכט. אויך וואָלט מען דאן ניט גע־קענט רעדען וועגען אונגערעכטע רעכטס־נאָרמען; ווארים אויב זיי זיינען אונגערעכטע קענען זיי דאָך ניט זיין קיין רעכטס־נאָר־מען. אין דער ווירקליכקייט אָבער אָנערקענט מען זיי אלעמען אלס רעכטס־נאָרמען אפילו ווען זיי בעשטימען דעם אויפפיהר גאנץ פערשיידען אונטער דיזעלבע אומשטאנדען; און עס שטעהט קיינ־מאָל ניט אין ספק אז עס זיינען פאראן שלעכטע רעכטס־נאָרמען אזוי גוט ווי עס זיינען פאראן גוטע.

5. אלס א נאָרמע, וועלכע איז בעגרינדעט אויפ'ן פאקט וואָס מענשען ווילען האָבען, אז עס זאָל בכלל אָבגעהיט ווערען א געוויסער סדר אין א קרייז פון מענשען צו וועלכען זיי אליין גע־הערען, אונטערשיידט זיך די רעכטס־נאָרמע פון אלע אנדערע גע־גענשטאנדען, אפילו פון אזוינע וואָס זיינען גאָר עהנליך צו איהר.

דורכדעם וואָס זי איז בעגרינדעט אויפ'ן ווילען פון מענשען אונטערשיידט זי זיך פון דעם מאָראַל־געזעץ (פון'ם געבאָט דער זיטליכקייט): דאָס מאָראַלע געבאָט בעגרינדעט זיך ניט דערויף, וואָס מענשען ווילען א געוויסען אויפפיהר, נור דערויף וואָס דער

דאָזיגער אויפפיהר ענטשפּרעכט דעם לעצטען צוועק פון אלע מענשליכע פיהרונגען. דער אָנזאָג, „ליעבט אייערע שונאים, בענשט די וואָס שילטען אייך, טהוט גוטעס די וואָס האַסען אייך, בעט פאר די וועלכע בעליידיגען און פערפאָלגען אייך" — איז אַ מאָראַל־געזעץ; אזוי איז אויך דער כּלל. „פיהר זיך אזוי, אז די רעגעלן פון דיין ווילען זאָלען צו יעדער צייט קענען דיענען אלס פּרינציפּ פון אַן אַלגעמיינער געזעצגעבונג". וואָרים די ריכטיגקייט פון אזא פיהרונג בעגרינדעט זיך ניט דערויף, וואָס אַנדערע מענשען ווילען עס, נור דערויף וואָס עס ענטשפּרעכט דעם לעצטען צוועק פון אלע מענשליכע פיהרונגען.

דורכדעם וואָס די רעכטס־נאָרמע בעגרינדעט זיך אויפ'ן ווילען פון מענשען, אונטערשיידעט זי זיך אויך פון די זיטען: די זיטען בעגרינדען זיך ניט דערויף, וואָס מענשען ווילען אַ געוויסען אויפפיהר, נור דערויף וואָס זיי אליין פיהרען זיך אויף אַ געוויסען אופן. עס איז אַ זיטע (אַ מנהג) צו געהן אויף אַ באַל אין אַ פראַק און מיט ווייסע האַנדשוה, צו געברויכען דאָס מעססער ביי'ן טיש נור אויף צו שניידען, איינצולאַדען די טאָכטער פון הויז אויף אַ טאַנץ אָדער צום וועניגסטען אויף איין „עקסטראַטור", אָבשייד נעהמען פון בעל הבית מיט דער בעל הבית'טע, און צולעצט אריינלעגען דעם משרת אין האַנד אויף ביער — וואָרים די ריכטיגקייט פון אזא בענעהמען זיך רוהט ניט דערויף וואָס אַנדערע מענשען פערלאַנגען עס פון אונז (די וועלכע פיהרען איין נייע מאַניערען פיהלען אָפט אונאַנגענעהם וואָס די נייע מאָדע געהט שוין אריין אין „שוסטער־גאַס"); נור בלויז דערויף וואָס אַנדערע מענשען בענעהמען זיך אליין אויף אזא אופן און דערויף, וואָס מיר „ווילען ניט זיין עפּעס משונה'דיג", וואָס מיר „ווילען ניט זיין אויפפאַלענד", „ניט אָבשטעהן פון אַנדערע מענשען", „טון ווי אלע טהוען", און דערגלייכען.

דורכדעם וואָס די רעכטס־נאָרמע איז בעגרינדעט אויף אַ ווילען, וועלכער בעציהט זיך צוגלייך אי אויף די וואָס ווילען עס אליין, אי אויף די וואָס ווילען עס ניט, אונטערשיידעט זי זיך אויך

איין זייט פון דעם מוטווילינען געבאָט, וואָס דריקט נור אויס זיין ווילען פאר אנדערע, און אויף דער אנדער זייט פון דעם ענטשלוס, וועלכער ווענדט אָן זיין ווילען אויף זיך. עס איז א מוטווילינער געבאָט ווען ק אָ ר ט ע ז מיט זיינע שפּאניער בעפעהלט די מעקסיקאנער איהם אוועקגעבען זייער גאָלד, אָדער ווען א רויבערבאנדע פערבאָט די אָנגעשראָקענע בעפעלקערונג ארויסצוגעבען וואו זיי בעהאלטען זיך — עס איז אין דעם פאל טאקי א מענשליכער ווילען וואָס פיהרט אויס, אָבער אזעלכער וואָס בעציהט זיך נור אויף אנדערע מענשען, און ניט צוגלייך אויך אויף די וואָס ווילען עס גופא. אָן ענטשלוס איז פאראן, ווען איך האָב זיך ענטשלאָסען אויפצושטעהן אלע טאָג אום 6 אוהר אין דער פריה, אָדער אויפצוהערען רויכערן, אָדער צו ענדיגען א געוויסע ארבייט אין א בעשטימטער צייט — א מענשליכער ווילען דיענט טאקי דערביי אלס ריכטשנור, אָבער ער בעציהט זיך נור אויף דעם וואָס וויל עס אליין און גאָר ניט אויף אנדערע מענשען.

6. דאָס, וואָס איז קורץ צונויפגעפאסט געוואָרען אין דער דעפיניציאָן פון א רעכטס־נאָרמע, קען, אויב מען זאָל נעהמען אין בעטראכט די ערקלערונגען וואָס זיינען געגעבען געוואָרען מיט דער דעפיניציאָן, ברייטער אויסגעדריקט ווערען ווי פאָלגט:

מענשען ווילען אז א געוויסער סדר פון פיהרונגען זאָל אָבגעהיט ווערען אין א קרייז צו וועלכען זיי גופא געהערען, און זייער מאכט איז אזוי גרויס, אז זייער ווילען איז אימשטאנד צו בעאיינפלוסען דעם אויפפיהר פון די מענשען פון דעם קרייז. ווען די לאגע איז אָט אזעלכע, איז דאן פאראן א רעכטס־נאָרמע.

## 3. — דער שטאַאט.

דער שטאַאט איז אַ רעכט־שיכות, אין קראַפט פון וועלכער עס בעשטעהט אויף אַ געוויסען געביעט אַ העכסטע אויטאָריטעט.

1. דער שטאאט איז א שיכות פון רעכט (א רעכטס־פערהעלטנים).

א רעכט־שיכות איז א שיכות, וואָס ווערט בעשטימט דורך רעכטס־נאָרמען, צווישען א פערפליכטעטען, ווען מען שרייבט פאָר דעם אויפפיהר, און א בערעכטיגטען, פון וועמעס וועגען דער אויפפיהר איז יענעם פאָרגעשריבען געוואָרען. די רעכט־שיכות צ. ב. ש. פון א הלואה איז די שיכות צווישען דעם לוה, וועלכער איז געבונדען דורך די רעכטס־נאָרמען פון הלואות, און דעם מלוה, פון וועמעס וועגען יענער איז געבונדען.

דער שטאַאט איז די רעכט־שיכות צווישען אלע מענשען וועלכע זיינען אונטערוואָרפען דורך רעכטס־נאָרמען אונטער א העכסטער אויטאָריטעט פון א געביעט, און אלע מענשען, פון וועמעס וועגען זיי זיינען אונטערוואָרפען אונטער איהר. דאָ איז דער קרייז פון די בערעכטיגטע און פון די פערפליכטעטע איינער און דערזעלבער; דער שטאַאט איז א געבונדענקייט פון אלעמען צו גונסטען פון אלעמען. —

מען וואָלט אפשר געקענט טענה'ן אנטקעגען דעם, אז דער שטאַאט איז גאָרניט קיין רעכט־שיכות, נור א פערזאָן. אָבער אַט די ביידע געדאנקען, אז א פעראייניגונג פון מענשען איז א פערזאָן אין רעכטליכען זין, און אז עס איז א רעכט־שיכות, פערטראָגען זיך דוקא גאַנץ גוט איינער מיט'ן אנדערן; נאָך מעהר, דעם שטאַאט'ס אייגענשאַפט אלס פערזאָן איז צומייסטען געבויט אויף זיין אייגענשאַפט אלס רעכט־שיכות פון א בעזונדערן ארט: דאָס רעכט, (בעטראַכטענדיג די פעראייניגונג פון מענשען אין איהרע אויסערע בעציהונגען אלס פערזאָן) הויבט זיך אָן פון דעם פאקט, וואָס די מענשען זיינען געבונדען איינע מיט די אנדערע דורך א בעזונדער רעכט־שיכות. די אקציען־געזעלשאַפט איז א פערזאָן, ניט הגם זי איז א רעכט־שיכות, נור ווייל זי איז א רעכט־שיכות פון א געוויסען אַרט. און אזוי אויך איז דער פאקט וואָס דער שטאַאט איז א פערזאָן ניט נור ניט סותר זיין אייגענשאַפט אלס רעכט־שיכות, נור עס איז אפילו גאָר געבויט אויף זיין אייגענשאַפט אלס בעזונדערע רעכט־שיכות.

2. לויט איהרע בעדינגונגען נאָך, איז אָט די רעכט־שיכות ניט קיין פּריוווילעגע.

א פּריוווילעגע רעכט־שיכות געפינט זיך דאן, ווען רעכטס־נאָרמען מאַכען, אז דאָס אריינטרעטען אין דער דאָזיגער שיכות זאָל אָבהענגען פון די האנדלונגען פון די פּערפּליכטעטע, ווענעס צוועק עס איז איינצופיהרען די רעכט־שיכות; צום ביישפּיעל, דאָס אריינטרעטען אין דער שיכות פון ארענדע הענגט אָב אויפ'ן שליסען פון א קאָנטראַקט. דאַגעגען עקזיסטירט א ניט־פּריוווילעגע רעכט־שיכות, ווען די רעכטס־נאָרמען מאַכען ניט, אז דאָס אריינטרעטען פון דער דאָזיגער שיכות זאָל אָבהענגען פון אזעלכע האנדלונגען פון די פּערפּליכטעטע; ווי צ. ב. ש., א פּאַטענט אויף אַן ערפינדונג הענגט ניט אָב פון קיין האנדלונג פון יענע, וועלכע זיינען געבונדען דורך דעם, אָדער ווי דער פּסק־דין וואָס מען גיט א פערברעכער, הענגט ניט אָב פון קיין טהאַט פון'ם פערברעכער, וואָס בעצוועקט מען זאָל איהם געבען דעם פּסק.

ווען דער שטאַאט וואָלט געווען א פּריוווילעגע רעכט־שיכות, וואָלט די העכסטע אויטאָריטעט עקזיסטירט נור פאר יענע איינוואָהנער פון א געביעט, וועלכע האָבען זי אָנערקענט. די העכסטע אויטאָריטעט עקזיסטירט אָבער פאר אלע איינוואָהנער פון'ם געביעט, גאַנץ גלייך צו זיי האָבען זי אָנערקענט, צי ניט — איז די רעכט־שיכות דעריבער ניט קיין פּריוווילעגע.

3. דער עצם אינהאַלט פון אָט דער רעכט־שיכות איז, וואָס אין א געוויסען געביעט עקזיסטירט א העכסטע אויטאָריטעט.

אין א געביעט עקזיסטירט על פּי כח פון א רעכט־שיכות אַן אויטאָריטעט, ווען לויט די רעכטס־נאָרמען וואָס בעגרינדען די דאָזיגע רעכט־שיכות, איז דער ווילען פון וועלכע עס איז מענשען, אָדער אפילו נור פון איין איינציגען מענשען, מאַסגעבענד פאר די בעוואָהנער פון דעם דאָזיגען געביעט. א העכסטע אויטאָריטעט אָבער עקזיסטירט אין א געביעט, ווען לויט יענע רעכטס־נאָרמען איז דער ווילען פון וועלכע עס איז מענשען מאַסגעבענד אין לעצטער אינכטאַנציע, דאָס הייסט, ווען דער דאָזיגער

ווילען קען ענטשיידען אין פאַל פון א אונאייניגקייט פון מעה־רערע אויטאָריטעטען. וואָס מיר בעצייכענען דאָ אלס העכסטע אויטאָריטעט איז עס דעריבער ניט די מענשען, אויף וועמעס ווי־לען די גילטיגע רעכטס־נאָרמען פון א געביעט זיינען בעגרינדעט, נור פיעלמעהר זייערע אויבע־סטע בעפאָלמעכטיגטע, וועמעס ווי־לען זיי נעהמען אָן אין דעם געביעט אלס מאַסגעבענד אין לעצ־טער אינסטאַנציע.

וואָס פאר מענשען דאָס זיינען — צי מיטגליעדער צ. ב. ש. פון א קעניגליכער פאַמיליע לויט א געוויסען סדר פון ערבשאַפט, צי ערוועהלטע לויט א געוויסען וואַהל־סיסטעם — הענגט אָב פון די רעכטס־נאָרמען, וועלכע בעשטימען די דאָזיגע רעכט־שיכות. פון די אייגענע רעכטס־נאָרמען הענגט טאַקי אויך אָב אין וועלכע גרעניצען איז דער ווילען פון די דאָזיגע מענשען מאַסגעבענד. עס איז אָבער ניט געזאָגט, אז די בעגרעניצונג פון דער אויטאָריטעט געהט להיפך צו איהר אייגענשאַפט אלס העכסטע אויטאָריעטט: דער אויבערסטער בעפאָלמעכטיגטער מוז גאָר ניט זיין אן אומ־בעשרענקטער בעפאָלמעכטיגטער.

אנטקעגען דעם וואָלט מען אפשר געקענט איינווענדען, אז אין בונדעס־שטאַאטען, אין דער דייטשער אימפעריע צום בייַ־שפיעל, האָבען ניט די איינצעל־שטאַאטען קיין העכסטע אויטאָ־ריטעט. איז אָבער דער אמת אז זיי האָבען עס יאָ. וואָרים אויב עס זיינען אפילו פאַראַן א גרויסע צאָהל ענינים, בנוגע צו וועלכע די אויבערסטע אויטאָריטעט פון די איינצעל־שטאַאטען מוז זיך בויגען צו דעם רייכס־אויטאָריטעט, זיינען דאָך פאַראַן געגנוג זאַ־כען, איבער וועלכע די אויבערסטע אויטאָריטעט פון די איינצעל־שטאַאטען איז די לעצטע אינסטאַנציע. כל זמן עס זיינען פאַראַן אזעלכע זאַכען, איז פאַראַן א העכסטע אויטאָריטעט אין די איינ־צעל־שטאַאטען; ווען דאָס זאָל אמאָל אויפהערען, וועט ניט זיין מעהר וואָס צו רעדען וועגען איינצעל־שטאַאטען.

4. אלס א רעכט־שיכות, אין קראַפט פון וועלכער עס עק־זיסטירט אין א געביעט א העכסטע אויטאָריטעט, אונטערשיידט

זיך דער שטאאט פון אלע אנדערע געגענשטאנדען, אפילו פון די וואס זיינען גאר ענליך צו איהם.

דורך דעם וואס ער איז א רעכט־שיכות, אונטערשיידט ער זיך אויף איין זייט פון אזוינע אינסטיטוציעס, וועלכע וואלטען עקזיסטירען, ווי מען קען זיך משער זיין, אין א „קעניגרייך פון גאט“ אדער פון פערנונפט, אויפ'ן גרונד פון א מאראלען געזעץ, און אויף דער אנדער זייט פון א הערשאפט פון א בעזיעגער אין א בעזיעגטען לאנד, וועלכע קען קיינמאל ניט זיין עפעס אנדערס ווי א מוטווילינע הערשאפט.

דערמיט אבער וואס דער שטאאט איז א אונפרייווילינע רעכט־שיכות אונטערשיידט ער זיך פונקט אזוי גוט פון א בע־גרייפליכער אסאציאציע פון מענשען, וועלכע וואלטען אויפשטע־לען צווישען זיך א העכסטע אויטאריטעט דורך אן אבמאך, ווי אויך פון פערבאנדען אויפ'ן יסוד פון א אינטערנאציאנאלען גע־זעץ, ביי וועלכע א העכסטע אויטאריטעט עקזיסטירט אויפ'ן גרונד פון אן אבמאך.

דער פאקט וואס על פי כח פון א רעכט־שיכות עקזיסטירט אן אויטאריטעט איבער א געוויסען געביעט, אונטערשיידט דעם שטאאט פון א שטאט־געמיינשאפט ביי נאמארען־פעלקער, און פון דער קירך; ווארים דארטען איז פאראן אן אויטאריטעט איבער מענשען פון איין אבשטאמונג, אדער איבער מנעשען פון איין גלויבען, אבער ביי קיינע פון זיי ניט איבער מענשען פון א געוויסען געביעט. און ענדליך, אין דעם פאקט, וואס די געביעט־אויטאריטעט איז א העכסטע אויטאריטעט, ליעגט דער חילוק צווישען דעם שטאאט און די געמיינדען, בעצירקען און פראווינצען: אין די לעצטע איז טאקע אויך איינגעפיהרט א געביעט־אויטאריטעט, זי איז אבער אזעלכע, וואס לויט איהר זין נאך גופא, מוז זי זיך בויגען צו א העכערער אויטאריטעט.

5. דאס, וואס איז קורץ צונויפגעפאסט געווארען אין דער דעפיניציאן פון שטאאט, קען אויסגעדריקט ווערען ברייטער, אויב

מען זאָל נעהמען אין בעטראַכט ערסטענס, די פריהער געגעבענע דעפיניציאָן פון א רעכטס־נאָרמע, און צווייטענס, די ערקלערונ־גען וואָס זיינען געגעבען געוואָרען מיט דער דעפיניציאָן פון שטאַאט, אויפ'ן פאָלגענדען אופן:

געוויסע איינוואָהנער פון א געביעט זיינען אזוי מעכטיג, אז זייער ווילען איז אימשטאַנד צו בעאיינפלוסען דעם אויפפיהר פון די איינוואָהנער פון'ם געביעט; און אָט די מענשען ווילען עס האָבען, אז דער ווילען פון איינינע, אויף א געוויסען אופן בעשטימטע מענשען, זאָל אין געוויסע גרעניצען זיין די לעצטע אינסטאַנציע פאר אלע איינוואָהנער פון דעם געביעט, פאר זיך גופא, ווי פאר אלע איבעריגע. ווען דאָס איז די לאַגע, דאַן עק־זיסטירט א שטאַאט.

## 4. — דאָס אייגענטום.

דאָס אייגענטום איז אַ רעכט־שיכות, אין קראַפט פון וועלכער איינער אין אַ גרופע מענשען האָט די אויסשליס־ליכע פריווילעגיע צו שאַפען איבער א זאַך אין לעצטען פרט.

1. דאָס אייגענטום איז א רעכט־שיכות.

א רעכט־שיכות, ווי עס איז שוין דערקלערט געוואָרען ,איז די שיכות וואָס ווערט בעשטימט דורך רעכטס־נאָרמען צווישען א פערפליכטעטען, וועמען מען שרייבט פאָר א געוויסען אויפ־פיהר, און א בערעכטיגטען, פון וועמעס וועגען דער אויפפיהר איז יענעם פאָרגעשריבען געוואָרען.

דאָס אייגענטום איז די רעכט־שיכות צווישען אלע מיטגליע־דער פון א גרופע מענשען, וועלכע זיינען דורך רעכטס־נאָרמען; אויסגעשלאָסען פון צו שאַפען איבער א זאַך אין לעצטען פרט, און איינעם — אָדער מעהרערע — פון וועמעס וועגען זיי זיי־נען דערפון אויסגעשלאָסען. דער קרייז פון די פערפליכטעטע איז אין דעם פאַל פיעל ברייטער איידער דער קרייז פון די בערעכ־טיגטע: דער ערסטער פאַסט אום כמעט אלע איינוואָהנער פון א געביעט, אָדער אלע וואָס געהערן צו איין שטאַם; דער אנדערער

פאסט אום נור אזוינע פון זיי, ביי וועלכע עס זיינען ערפיעלט געוואָרען געוויסע וויטערדיגע בעדינגונגען, צוםביישפּיעל אָב־שרייבונג, חזקה, אָדער „אוחז ביד“.

2. לויט איהרע בעדינגונגען נאָך איז די דאָזיגע רעכט־שיכות א אונפּריווילעגיע.

א פּריווילעגיע שיכות, ווי עס איז שוין בעוויזען געוואָרען, געפינט זיך דאן, ווען רעכטס־נאָרמען מאכען אז דאָס אריינטרע־טען אין דער דאָזיגער שיכות זאָל אָבהענגען פון די האנדלונגען פון די פּערפּליכטעטע, וועמעס צוועק עס איז איינצופיהרען די רעכט־שיכות; א אונפּריווילעגיע רעכט־שיכות דאגעגען גע־פינט זיך דאן, ווען דאָס אריינטרעטען אין דער דאָזיגער שיכות הענגט ניט אָב פון אזעלכע האנדלונגען פון די פּערפּליכטעטע.

ווען דאָס אייגענטום וואָלט געווען א פּריווילעגיע רעכט־שיכות, וואָלטען נור אזוינע מיטגליעדער פון א גרופּע מענשען אויסגעשלאָסען געוואָרען פון צו שאַפען איבער א זאך אין לעצ־טען פּרט, וועלכע האָבען איינגעוויליגט צו דער אויסגעשלאָסענ־קייט. אין דער ווירקליכקייט זיינען אָבער אויסגעשלאָסען אלע מיטגליעדער פון א גרופּע מענשען — אלע בעוואָהנער פון א גע־ביעט, אָדער אלע וואָס געהערען צו איין שטאַם — גאנץ גלייך צי זיי האָבען דערצו איינגעוויליגט, צי ניט.

3. דער עצם אינהאַלט פון אָט דער רעכט־שיכות בעשטעהט דעריין, וואָס איינער פון א גרופּע מענשען בעזיצט די אויסשליס־ליכע פּריווילעגיע צו שאַפען איבער א זאך אין לעצטען פּרט.

אז איינער פון א גרופּע מענשען זאָל על פּי כח פון א רעכט־שיכות בעזיצען די אויסשליסליכע פּריווילעגיע צו שאַפען איבער א זאך, בעטייט אז די דאָזיגע גרופּע איז אויסגעשלאָסען פון דער־זאך צו גונסטען פון איהם; דאָס הייסט, זיי טאָרען איהם ניט שטערן צו טון מיט דער זאך וואָס ער וויל, און אויך אז זיי קע־נען זיך ניט שאַפען דערמיט געגען זיין ווילען. עס קען אָבער

אויף זיין, אז דאָס אויסשליסליכע רעכט צו שאַפען איבער א זאַך געהערט על פי כח פון א רעכט־שיכות אין געטיילטע חלקים צו עטליכע, אויף אזא אופן: עטליכע — אָדער איינער — פון זיי בעזיצען עס אין איין געוויסער בעציהונג, צ. ב. ש. בנוגע דעם פּרוכט־געברויך, און איינער — אָדער אויך עטליכע — בעזי־צען עס אין אלע אנדערע בעציהונגען, אין וועלכע עס איז אין קיין פּרט צו קיינעם ניט אוועקגעגעבען געוואָרען. ווער, אַלזאָ, עס בעזיצט צווישען א גרופּע מענשען די אויסשליסליכע שאַפונג איבער א זאַך אין אלע בעציהונגען, וועלכע זיינען איינצעלווייז ניט אוועקגעגעבען, דעם געהערט אין דער דאָזיגער גרופּע די אויס־שליסליכע פּריווילעגיע צו שאַפען איבער די זאַך אין לעצטען פּרט.

צו וועמען דאָס געהערט על פי כח פון דער רעכט־שיכות — צ. ב. ש. צי עס געהערט אויף דעם, וועלכער האָט דורך ארבייט געמאַכט א נייע זאַך פון א פריהערדיגער זאַך — הענגט אָב פון די רעכטס־נאָרמען, דורך וועלכע די רעכט־שיכות ווערט בעשלאָ־סען. פון זיי הענגט אויך אָב דער בעשלוס, אין וועלכע גרעניצען דאָס געהערט צו איהם: די אויטאָריטעט פון דעם, וואָס קען אויס־שליסליך שאַפען איבער א זאַך אין לעצטען פּרט, איז בעגרעניצט ניט נור דורך די אויטאָריטעט פון יענע אין דער גרופּע פון מענ־שען ,וועלכע האָבען אַן אויסשליסליך רעכט צו שאַפען איבער דער זאַך אין ערסטען פּרט, נור זי איז אויסערדעם אויך בעגרע־ניצט דורך די ראַמען, אין וועלכע ווער עס איז פון א גרופּע מענ־שען בעזיצט איבערהויפּט אזא אויטאָריטעט צו שאַפען איבער זאַכען. ספּעציעל הענגט עס אויך אָב פון אָט די רעכטס־נאָרמען, צי די פּריווילעגיע פון אויסשליסליך שאַפען איבער זאַכען גע־הערט צו איינצעלנע מענשען אזוי גוט ווי צו קאָרפּאָראַציעס, אָדער עס געהערט נור צו קאָרפּאָראַציעס, און צי עס געהט אויף אלע סאָרטען זאַכען אָדער נור אויף דער אָדער יענער זאַך.

4. אלס א רעכט־שיכות, אין קראַפט פון וועלכער ווער עס איז אין א גרופּע מענשען האָט די אויסשליסליכע פּריווילעגיע אין לעצטען פּרט צו שאַפען איבער א זאַך, אונטערשיידט זיך דאָס

אייגענטום פון אלע אנדערע געגענשטאנדען אפילו פון די וואס זיינען אם מייסטען עהנליך צו איהם.

דורכדעם וואס עס איז א רעכט־שיכות, אונטערשיידט זיך עס פון אלע אנדערע שיכות'ן, אין וועלכע איינער האט דאס אויסשליסליכע רעכט צו שאפען אין לעצטען פרט איבער א זאך נור צוליב די פערנינפטיגקייט פון די מענשען וואס רינגלען איהם ארום, אדער נור צוליב זיין אייגענער מאכט, ווי עס קען זיין דער פאל אין א בעגרייפליכען „גאטעס רייך" אדער אין א רייך פון פערנונפט, און ווי עס איז אפט דער פאל אין א בעזיעגטען לאנד.

דערמיט וואס דאס אייגענטום איז א ניט־פריוויליגע רעכט־שיכות, אונטערשיידט עס זיך פון אזוינע רעכט־שיכות'ן, אין קראפט פון וועלכע די אויסשליסליכע פריווילעגיע צו שאפען אין לעצטען פרט איבער א זאך, געהערט צו איינעם נור אויפ'ן סמך פון א קאנטראקט, און נור געגענאיבער די פערזאנען וואס האבען געשלאסען דעם קאנטראקט.

דאס, וואס על פי כה פון אט דער רעכט־שיכות האט איינער די אויסשליסליכע פריווילעגיע צו שאפען איבער א זאך אין לעצטען פרט, אונטערשיידט דאס אייגענטום פון דעם פאטענט־רעכט, אין קראפט פון וועלכען איינער פון א גרופע מענשען האט אויסשליסליך דאס רעכט, ניט פון ש א פ ע ן איבער א זאך, נור פון עפעס אנדערעס. אויך אונטערשיידט עס פון די רעכט וואס איינער האט אין פרעמדע זאכען, אין קראפט פון וועלכע רעכט ער קען טאקי אפילו אויסשליסליך שאפען איבער א זאך, אבער ניט אין לעצטען פרט.

וואס עס איז אין דער דעפיניציאן פון אייגענטום קורץ צו־זאמענגעפאסט געווארען, קען אויסגעדריקט ווער'ען ברייטער, אויב מען זאל נעהמען אין בעטראכט, ערסטענס די פריהער־געגעבענע דעפיניציאן פון א רעכט־נארמע, און צווייטענס די ערקלערונגען וואס זיינען געגעבען געווארען מיט דער דעפיניציאן פון איי־גענטום:

געוויסע מענשען זיינען אזוי מעכטיג, אז זייער ווילען איז אימשטאַנד צו בעאיינפלוסען דעם אויפפיהר פון א גרופּע מענשען צו וועלכע זיי געהערן; און אַט די מענשען ווילען, אז קיין מיט־גליעד פון דער גרופּע זאָל ניט שטערן אַנאַנדער, לויט א געוויסען אופן בעשטימטען, מיטגליעד צו שאַפען זיך אין געוויסע ראַמען איבער זאַכען ווי ער וויל; אויך אז זיי גופא זאָלען, אין אַט די ראַמען, ניט שאַפען זיך מיט די זאַכען כנגד דעם ווילען פון יע־נעם מיטגליעד, אויף ווי ווייט זייער ווילען איז מחמת געוויסע בעדינגונגען ניט געוואָרען אין איינצעלנע פּרטים גלייך מאַסגע־בענד מיט יענעם מיטגליעד'ס ווילען. ווען די זאַך־לאַגע איז אזעל־כע, דאַן עקזיסטירט אייגענטום.



## דריטער קאפיטעל.

# גאָדווין׳ס לעהרע.

### 1. — אלגעמיינעס.

1. וויליאַם גאָדווין איז געבאָרען געוואָרען אין דעם יאָהר 1756 אין וויסביטש, קעמברידזשייר (ענגלאַנד). אין 1773 האָט ער אָנגעהויבען שטודירען טעאָלאָגיע אין האָקסטאָן. פינף יאָהר שפּעטער איז ער געוואָרען פּרעדיגער אין וואַר, הערטפאָרדשייר, און אין 1780 פּרעדיגער אין סטאָומאַרקעט, סאָפאָלק. אין 1782 האָט ער זיין שטעלע אויפגעגעבען. פון יענער צייט אָן האָט ער געלעבט אלס שריפטשטעלער אין לאָנדאָן, וואו ער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1836.

גאָדווין האָט פערפאַסט א מאַסע שריפטען איבער פילאָזאָפיע, עקאָנאָמיע און געשיכטע, ווי אויך מעשה־ביכלעך, טראַגעדיעס און קינדער־ערצעהלונגען.

2. זיין לעהרע וועגען רעכט, שטאַאט און אייגענטום געפינט זיך דערהויפּט אין די צוויי בענדער פון זיין בוך: „א פאָרשונג איבער פּאָליטישע גערעכטיגקייט און איהר איינפלוס אויף די אלגעמיינע זיטליכקייט און גליק“ (1793).

„דאָס בוך האָט זיך אָנגעהויבען דרוקען — דערצעהלט גאָדווין אליין — א צייט פריהער איידער עס איז געווען אין גאַנצען געענדיגט. אין פערלויף פון דער צייט וואָס דאָס בוך האָט זיך געהאַלטען אין שרייבען זיינען דעם פערפאַסער׳ס מיינונגען אלין קלערער און טיעפער געוואָרען. דער דאָזיגער אומשטאַנד האָט מיטגעבראַכט אייניגע ניט־פּינקטליכקייטען אין דער שפּראַך און אין די געדאַנקען, דערהויפּט אין די פריהערע טיילען פון׳ם ווערק.

עס איז איהם קלאָר געווען פון אָנהויב אָן, אז די רעגירונג לויט איהר עצם נאטור ווירקט געגען די פערפאָלקאָמונג פון׳ם אינדיווידו־עלען פערשטאנד; וואָס ווייטער אָבער ער איז אָנגעגאנגען מיט דער ארבייט, האָט ער אַלץ מעהר פערשטאַנען דעם דאָזיגען געדאנק און האָט אַלץ קלערער איינגעזעהען וואָס פאר מיטלען עס דאר־פען אָנגעווענדט ווערען."1) — מיר גיבען דאָ איבער גאָדווינ׳ס לעהרע דורכאויס אין איהר ענטוויקעלטער געשטאַלט, ווי מיר גע־פינען זי אין צווייטען טייל פון זיין בוך.

3. גאָדווין האָט זיין לעהרע וועגען געזעץ, שטאַאט און אייגענטום ניט אָנגערופען מיט׳ן נאָמען אַנאַרכיזם. ער שרעקט זיך אָבער ניט אָב פאר דעם דאָזיגען וואָרט. „די אנארכיע איז א מורא׳דיגע צרה, זי איז אָבער וועניגער שרעקליך איידער דער דעספאָטיזם. וואו די אַנאַרכיע האָט גע׳הרג׳ט אין די הונדערטער, האָט דער דעספאָטיזם אָוועקגעלעגט מיליאָנען איבער מי־ליאָנען קרבנות, און האָט דורכדעם נור פעראייביגט די אונווי־סענהייט, די פערדאָרבענהייט און דעם עלענד פון דער מענשהייט. די אַנאַרכיע איז א קורצ־ווייליגע צרה, בעת דער דעספאָטיזם איז כמעט אונשטערבליך. עס איז אָהן צווייפעל א שרעקליך מיטעל אַז א פאָלק זאָל זיך נאָכגעבען אלע ראשיגע ליידענשאַפטען ביז דער אָנבליק פון זייערע ווירקונגען וועט ווידער אויפמונטערען דעם פערשטאנד: אָבער הגם עס איז א שרעקליך מיטעל, איז עס דאָך א זיכערעס".2)

## 2. — די גרונדלאַגע.

## נאָך גאָדווין נאָך איז אונזער העכסטעס געזעץ די טובה פון כלל.

וואָס איז די טובה פון כלל? „איהר עצם דערקעלרט זיך דורך די טבע פון אונזער זעעל".3) זי איז ניט פערענדערליך; כל זמן

1) גאָדווין, זייט X—XI. 2) דאָרט, ז. 548. 3) דאָרט, ז. 90.

מענשען וועלען זיין מענשען, בלייבט זי דיזעלביגע.1) „זי וואַקסט און מעהרט זיך דורך אלץ וואָס ברייטערט אויס אונזער בילדונג, וואָס רופט ארויס גוטע מדות, וואָס פיעלט אונז אָן מיט אַן ערעלען געפיהל פון אונאָבהענגיקייט און וואָס מיהט זיך אָבצוראַימען יעדע שטרויכלונג פון'ם וועג פון אונזערע טעטיגקייטען".2)

די טובה פון כלל איז אונזער העכסטעס געזעץ. „פליכט מיינט נור אזא אופן פון'ם יחיד'ס טעטיגקייט וואָס קען אַם בעס־טען פערוועגדט ווערען פאר דער טובה פון כלל".3) „גערעכטיג־קייט — דאָס איז דער סך הכל פון אלע מאָראַלע פליכטען";4) „איז דאָ גערעכטיגקייט, דאַן בין איך מחויב צו ארבייטען לטובת הכלל מיט אלע מיינע קרעפטען".5) זיטליכקייט איז דער וואונש צו פערמעהרען דאס וואָהלזיין פון אלע פערנינפטיגע ברואים בכלל, און וואָס גרעסער דער וואונש, אלץ מעהר איז די זיטליכ־קייט";6) די העכסטע פאָלקאָמענהייט פון דעם געפיהל דריקט זיך אויס אין אזא צושטאַנד פון געמיטה, וועלכער בעוועגט אונז צו פרעהען זיך מיט דער גוטסקייט וואָס אנדערע טוען, פונקט ווי מיר וואָלטען עס געטון אליין".7)

„דער אמת־קלוגער מענש"8) שטרעבט נור צום וואָהלזיין פון כלל. איהם „ריהרט ניט קיין אייגעננוצען, קיין אמביציע, קיין ליעבע צו כבוד אדער צו גדלות. ער ווייס ניט פון קנאה. איהם קי־מערט ניט וויפיעל ער האָט אויפגעטון אין פערגלייך מיט דאָס, וואָס דארף איבערהויפּט אויפגעטון ווערען. ער פיהלט זיך פער־פליכטעט צו שטרעבען לטובת הכלל; אָבער דער צוועק איז באמת נור די טובה פון כלל, און עס וועט איהם ניט פערדריסען אויב די טובה וועט מקוים ווערען ניט דורך זיינע, נור דורך אנדערע הענד. ער בעטראַכט אלעמען פאר מיטארבייטער, קיינעם ניט פאר א קאָנקורענט".9)

---

גאָדווין, ז. 150. 2) דאָרט, ז. 90. 3) דאָרט, ז. 101.
4) דאָרט, ז. 150, 80. 5) דאָרט, ז. 81. 6) דאָרט, ז. 254.
7) דאָרט, ז. 61-360. 8) דאָרט, ז. 361. 9) דאָרט, ז. 361.

## 3. — געזעץ.

1. קוקענדיג אויף די טובה פון כלל, פערוואַרפט גאָד־ווין דאָס געזעץ, ניט נור פאַר בעזונדערע אָרטיגע און צייט־ליכע אומשטאַנדען, נור גאַר אין גאַנצען.

„דאָס געזעץ איז א אינסטיטוציע, וועלכע ברייננגט העכסט פערדערבליכעווירקונגען“.1) „האָט מען איינמאָל אָנגעהויבען מאַ־כען געזעץ, איז שוין דערצו קיין סוף ניטאָ. קיין מענשענ'ס האנד־לונג איז קיינמאָל ניט דיזעלביגע וואָס אנאנדער מענשענ'ס, און עס האָט קיינמאָל ניט דיזעלביגע ניצליכקייט אָדער שעדליכקייט. קומט פאָר א נייער פאַל, בעווייזט זיך אלע מאָל, אז דאָס געזעץ טויג שוין ווידער ניט. אָט אזוי מוז מען שטענדיג מאכען נייע געזעץ. דאָס בוך וואו דאָס געזעץ שרייבט אריין זיינע תקנות ווערט נאָכאנאַנד גרעבער, און די וועלט וואָלט צו־קליין זיין פאר אלע געזעץ־ביכער וואָס קענען געשריבען ווערען“.2) דער פועל יוצא פון דער אונגעהויערער צאָהל איז, וואָס מען ווייס ניט וואָס דאָס געזעץ וויל. מען האָט געמאכט די געזעץ כדי יעדער פשוט'ער מענש זאָל וויסען וואו ער האלט, לסוף וויסען אפילו ניט די בעס־טע אַדוואָקאטען וואָס עס וועט ארויסקומען פון מיין פּראָצעס“.3) „נאָך א פונקט איז, וואָס דאָס געזעץ טראָגט דעם כאראקטער פון נביאות. זיין עובדא איז צו בעשרייבען ווי אזוי מענשען וועלען זיך בעגעהן אין דער צוקונפט, און ארויסגעבען א פסק־דין וועגען דעם אין פאָראויס“.4)

„מיר רופען אמאָל אָן דאָס געזעץ די חכמה פון אונזערע אור־עלטערן. דאָס איז אָבער א מאָדנע נארעריי. עס איז פונקט אזוי אָפט געווען די פרוכט פון זייערע ליידענשאפטען, פון פחד, קנאה, ענגהערציגקייט און פון אונבעגרעניצטער לוסט צו הערשען. זיי־נען מיר דען ניט נאָכאנאנד געצוואונגען צו ענדערן און איבער־

1) גאָדווין, זייט 771. 2) דאָרט, ז. 7־766. 3) דאָרט, ז. 768. 4) ז. 769.

מאכען אָט די אזוי־גערופענע חכמה פון אונזערע אורעלטערן ? אויסצובעסערן זי, אויפווייזענדיג זייער אונוויסענהייט און פער־אורטיילענדיג זייער אונטאָלעראַנץ ?"1) „געזעצגעבעריי אין גע־וועהנליכען זין איז ניט פאר מענשליכע כחות. דער שכל איז אונ־זער איינציגער געזעצגעבער, און זיינע פסקים זיינען אומעדום די אייגענע, זיינען ניט פערענדערליך".2) מענשען קענען נישט מעהר ווי אויסטייטשען און דערקלערען דאָס געזעץ; עס איז אָבער ניטאָ קיין אויטאָריטעט, וואָס זאָל האָבען דאָס רעכט עפּעס צו מאכען פאר א געזעץ, וואָס די אבסטראַקטע און אייביגע גערעכ־טיגקייט האָט פון פריהער ניט אוועקגעשטעלט אַלס געזעץ".3)

„אמת, מען מוז צוגעבען, אז מיר זיינען אונפאָלקאָמען, אונ־וויסענד, שקלאַפען פון דאָס וואָס ווייזט זיך אונז אויס".4) אָבער „ווי גרויס עס זאָלען ניט זיין די צרות וואָס שטאַמען אָב פון די מענשליכע ליידענשאַפטען, די איינפיהרונג פון פעסטע געזעץ קען ניט זיין דאָס ריכטיגע מיטעל דערצו".5) „כל זמן א מענש ליעגט געבונדען מיט די שטריק פון געהאָרכזאַמקייט און איז צוגעוועהנט צו וואַרטען אויף א בעפעהל פון אַן אנדערן איידער ער מאכט א טריט, איז זיין פערשטאַנד און דער כח פון זיין שכל איינגעשלאָ־פען. ווייל איך איהם דערהויבען ביז צום גראַד ענערגיע וואָס ער קען ענטוויקלען ? דאַן מוז איך איהם לערנען צו פיהלען זיך אליין, ניט צו בויגען דעם קאָפּ פאר קיין אויטאָריטעט, אונטערזוכען די פּרינציפּען וועלכע ער האלט, און זיך אליין אָבגעבען אַן ערקלע־רונג פון זיין אויפפיהרונג".8)

II. די טובה פון כלל פאָדערט, אז אין דער צוקונפט זאָל זי אליין זיין פאר'ן מענשען דער רעגעל פון אויפפיה־רונג, אַנשטאָט אַלע געזעץ.

„ווען יעדער גראָשען פון אונזער פערמעגען, יעדע שטונדע

1) גאָדווין, ז. 773. 2) דאָרט, ז. 166. 3) דאָרט, ז. 381.
4) דאָרט, ז. 774. 5) דאָרט, ז. 775. 6) דאָרט, ז. 774.
7) דאָרט, ז. 775. 8) דאָרט, ז. 776.

פון אונזער צייט און יעדע פעהיגקייט פון אונזער גייסט וועלען האָבען בעקומען זייער בעשטימונג דורך די פרינציפּען פון דער אונפערמיידליכער גערעכטיגקייט"1) — דאָס הייסט, פון דער טובת הכלל.2) — דאן וועט קיין גזר דין אויף איהר קיין ממשלה ניט האָבען.3) „דער אמת'ער פרינציפּ, וואָס דאַרף פערנעהמען דאָס פּלאַץ פון געזעץ, ליעגט אין דער אונבעשרענקטער הערשאַפט פון שכל".4)

„די איינווענדונג וואָס אונזער חכמה איז בעשרענקט, קען אנטקעגען דעם דאָזיגען פרינציפּ ניט געמאכט ווערען. מען דאַרף ניט מיינען, אז עס פעהלען אונז היינטיגען טאָג מענשען, וועלכע שטעהען פונקט אזוי גרויס ווי די חכמה פון געזעץ. אויב אָבער עס זיינען פאַראַן ביי אונז אזוינע, וועלכע קענען זיך פערגלייכען אין חכמה מיט'ן געזעץ, דאַן האָט דאָך קיין זין ניט צו זאָגען, אז די וואַרהייטען, וואָס זיי האָבען אונז צו געבען, וועלען האָבען א קלענערן ווערטה, דערפאַר ווייל זיי פערלאָזען זיך ניט אויף קיין אויטאָריטעט, נור אויף די גרונדען פון שכל".5)

„די געריכטליכע פּסקים, וואָס וועלען געגעבען ווערען גלייך נאָך דער אָבשאַפונג פון'ם געזעץ, וועלען אין אָנהויב טאקי ווע־ניג־וואָס זיך אונטערשיידען פון די פריהערדיגע. זיי וועלען זיך שטיצען אויף דער געוועהנהייט און אויף די פאָראורטיילען. די גע־וועהנהייט אָבער וואָס האָט פערלאָרען איהר מיטעלפּונקט, ארום וועלכען זי האָט זיך געדרעהט, וועט ביסלעכווייז ווערען אלץ שוואכער אין איהרע ווירקונגען. די מענשען, אויף וועמען מען וועט זיך פערלאָזען צו ענטשיידען א געוויסע פראגע, וועלען זיך אָפּט דערמאָנען, אז די גאנצע זאך איז איבערגעגעבען געוואָרען פאר זיי צו בעשליסען, און עס מוז זיי אַמאָל איינפאַלען זיך צו נעהמען אליין אונטערזוכען דעם שכל פון יענע פרינציפּען, וועל־כע פלעגען פריהער אָנגענומען ווערען גאָר אָהן שאלות. וואָס

1) גאָדווין, ז. 151. 2) דאָרט, ז. 81, 121. 3) ז. 151.
4) ז. 773. 5) ז. 773-74.

מעהר זיי וועלען דערפיהלען די וויכטיגקייט פון זייער אויפגאבע און די פאָלקאָמענע פרייהייט פון זייערע אונטערזוכונגען, אלץ מעהר וועט זיך אָנהויבען א גליקליכע אָרדנונג, וועמעס רעזולטאטען קיין מענש קען היינט ניט פאָראויסזאָגען: דער בלינדער גלויבען וועט פאלען און עס וועט אויפגעריכט ווערען די לויטערע גערעכטיגקייט".1)

## 4. — שטאַאט.

I. וויבאַלד גאָדווין פערוואַרפט אונבעדינגט דאָס געזעץ, מוז ער נויטיגערווייז פונקט אזוי אונבעדינגט פערוואַרפען אויך דעם שטאַאט. נאָך מעהר, ער בעטראַכט דעם שטאַאט אַלס אַ געזעצליכע אינסטיטוציע, וועלכע געהט להיפך צו דער טובת הכלל גאַר אויף א בעזונדער אופן.

א טייל בעגרינדעט דעם שטאאט אויף מאכט, א טייל בעגרינדעט איהם אויף געטליכען רעכט, און נאָך א טייל אויף קאָנטראקט.2) אָבער „די השערה פון מאכט איז געבויט ווי עס שיינט אויפ'ן שטאַנדפונקט, וואָס לייקענט לגמרי אָב די אבסטראקטע און אייביגע גערעכטיגקייט; וואָרים זי בערעכטיגט יעדע רעגירונג, וועלכע בעזיצט גענוג מאכט דורכצוזעצען איהרע געבאָט. זי מאכט א מערדערליכען סוף פון יעדער פאָליטישער וויסענשאַפט, און האָט נור דעם צוועק איינצורעדען מענשען צו לאָזען זיך רוהיג בויגען אונטערן יאָך פון זייערע ליידען און זיך ניט ברעכען דעם קאָפּ אויף צו געפינען עפּעס א הילף. די צווייטע השערה האָט א צווייטיגען כאראקטער. ענטוועדער זי האָט דיזעלביגע בעדייטונג וואָס די ערסטע און דערקלערט, אז יעדע מאכט אָהן אונטערשיעד שטאַמט אָב פון גאָט, אָדער זי מוז בלייבען גאָר אָהן א שום בעדייטונג, ביז וואַנען מען וועט ניט געפינען א פרוב־צייכען, מיט וועלכען מען וועט קענען אונטערשיידען צווישען די רעגירונגען וואָס האָבען א הסכמה פון גאָט און יענע וואָס האָבען ניט אזא הסכמה"".3) די דריטע השערה וויעדער קען נור מיינען, אז „א

1) גאָדווין, ז. 778. 2) ז. 140-41. 3) ז. 141.

מענש דארף נעהמען דעם קאָנטראָל פון זיין געוויסען און דעם אורטייל פון זיינע פליכטען און עס איבערגעבען אין רשות פון אנאנדערען".1) מיר קענען זיך אָבער ניט אָבזאָגען פון אונזער מאָראלער זעלבסטשטענדיגקייט; דאָס איז אַן אייגענס, וואָס מען קען ניט פערקויפען, ניט אוועקשענקען; און דעריבער קען קיין רעגירונג ניט ציהען איהר אויטאָריטעט פון אַן אורשפּרינגליכען קאָנטראקט".2)

„יעדע רעגירונג ענטשפּרעכט ביז א געוויסען גראד, דאָס, וואָס די גריעכען האָבען אָנגערופען א טיראניי. דער חילוק איז נור, וואס אין דעספּאָטישע לענדער ווערט דער גייסט אונטערדריקט פון א איינפאָרמיגער פערגוואלטיגונג, בעת אין רעפּובליקען האלט ער זיך א ביסעל מעהר טהעטיג און די געוואלט פאסט זיך לייכטער צו צו די שטרעמונגען פון דער עפענטליכער מיינונג".3) פעסטגעשטעלטע אינסטיטוציעס האָבען א טענדענץ, וואָס נעהמט זיך פון זייער עצם נאטור, אָבצוהאלטען די בעוועגליכקייט און דעם פּראָגרעס פון אונזער גייסט".4) „מיר דארפען קיינמאָל ניט פערגעסען, אז אלע רעגירונגען, אין כלל גענומען, זיינען א צרה, א גזלנות געגען דעם פּערזענליכען אורטייל און דעם אינדיווידועלען געוויסען פון דער מענשהייט".5)

II. די טובת הכלל פאָדערט, אַז דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען פון מענשען זאָל זיין געבויט לויט איהרע פאָרשריפטען, אַנשטאָט לויט די פאָרשריפטען פון׳ם שטאַאט.

1. מענשען ווילען לעבען געזעלשאפטליך צוזאמען אויף נאָכדעם ווי דער שטאאט וועט זיין אָבגעשאפט. „עס איז פאראַן א גרינדליכער אונטערשיעד צווישען געזעלשאפט און רעגירונג. מענשען האָבען זיך פון אָנהויב אָן פערייניגט אין א געמיינשאפטליך לעבען כדי צו שטיצען איינע די אנדערע;6) ערסט שפּעטער איז אין זייער לעבען אריינגעטראָטען דער צוואנג, צוליב

1) גאָדווין, ז. 148. 2) ז. 149. 3) ז. 572. 4) ז. 185. 5) ז. 380. 6) ז. 79.

די פעהלערען און פערדארבענהייטען פון עטליכע איינצעלנע. „גע־זעלשאפט און רעגירונג זיינען פערשיידען אין זיך גופא און האבען פערשיידענע אבשטאמונגען. די געזעלשאפט איז ענטשטאנען פון אונזערע בעדערפענישען, דער שטאאט — דורך אונזער שלעכט־קייט. די געזעלשאפט איז אין אלע פאלען א בענשונג, דער שטאאט איז אין בעסטען פאל א נויטיגע צרה".1)

וואס וועט אבער די מענשען צוזאמענהאלטען אין „א געזעל־שאפט אהן רעגירונג"?2) יעדענפאלס ניט קיין פערשפרעכען.3) קיין פערשפרעכען קען מיך ניט בינדען; ווארים ממה נפשך: אויב דאס וואס איך האב פערשפראכען איז גוט, דאן מוז איך עס טון אהן א פערשפרעכען אויך; איז עס וויעדער שלעכט, דאן קען קיין פערשפרעכען מיך ניט פערפליכטען דאס צו טון.4) „דער פאקט וואס איך בין איינמאל בעגאנגען א פעהלער, איז מיר ניט מחיב איך זאל זיך נאך אמאל פערשולדיגען".5) „לאמיר אננעהמען אז איך האב פערשפראכען צו געבען א סומע געלד פאר עפעס א גוטען און ווינשענסווערטהען צוועק. דערווייל האט זיך צווישען דער צייט פון מיין צוזאג און דער צייט פון מקים זיין דעם צו־זאג מיר געמאכט אנאנדער צוועק, א פיעל וויכטיגערער און נא־בעלערער, וועלכער פאדערט שטארק מיין מיטווירקונג. וועלכען פון די ביידע זאל איך געבען דעם פארצוג? געוויס דעם, וואס פער־דיענט עס מעהר. מיין פערשפרעכען מאכט דא קיין אונטערשיעד ניט. איך מוז האנדלען לויט דעם ווערטה פון די זאכען, ניט לויט א זייטיגען, פרעמדען שטאנדפונקט. דער ווערטה אבער פון די זאכען האט גאר ניט צו טון מיט דעם וואס איך האב פריהער גע־נומען אויף זיך א התחיבות".6)

„די געמיינשאפטליכע בעטראכטונג וועגען די טובת הכלל וועט די מענשען אין דער צוקונפט צוזאמענהאלטען אין געזעלשאפ־

1) גאדווין, ז. 79. 2) ז. 788. 3) ז. 163. 4) ז. 151. 5) 156. 6) ז. 151.

טען"‎.1) דאָס שטימט זעהר מיט דער טובה פון כלל. אז א פאָלק זאָל אונגעמינדערט זיך אָבגעבען מיט זיין אויפגאַבע פון געמיינ־שאַפטליכע איבערלעגונגען, איז שוין א טריט געוואונען, און עס איז אזא טריט, וואָס מוז פיהרען נויטיגערווייז אויסצובעסערען דעם כאַראַקטער פון די איינצעלנע. אז מענשען זאָלען זיך פער־איינינען אין דער בעהויפטונג פון ווארהייט, איז א גאַנץ אנגענעה מער בעוווייז פון זייערע גוטע מדות. און ענדליך, אז א יחיד, ווי גרויס ער זאָל זיך ביי זיך ניט האַלטען ,זאָל מוזען נאָכלאָזען זיי־נע פערזענליכע פרעטענזיעס צוליב די מיינונג פון דער געמיינ־שאַפט, בעשטעטיגט צום ווענינסטען אויסערליך דעם גרויסען פּרינציפּ, אז אלע פערזענליכע נוצען מוזען זיך אונטערוואַרפען צו דער טובה פון כלל"‎.2)

2. די געזעלשאַפטען דאַרפען זיין קליינע, און דאַרפען פער־קעהרען איינע מיט די אנדערע אזוי ווענינ ווי מעגליך.

קליינע טעריטאָריעס זאָלען אומעדום פערוואַלטען זייערע עסקים זעלבסטשטענדיג.‎3) „קיין אַסאָציאַציע פון מענשען, כל זמן זיי זיינען טריי צו די פּרינציפּען פון שכל, קענען אויף קיין פאַל ניט האָבען קיין אינטערעס אין פרעגרעסערען זייער טעריטאָריע"‎.4) „אלע צרות וואָס זיינען צונויפגעבונדען מיט דער אידעע פון שטאַאט ווערען פיעל ערגער, ווען זיין געוואַלט גרייכט מעהר־אויסגעשפּרייטע גרעניצען, און פערקעהרט, ווערען פיעל מילדער ווען זיין מאַכט איז בעשרענקט אויף א קליינעם געביעט. די אַמ־ביציע, וועלכע איז אין דעם ערסטען פאַל ניט ווענינער שרעקליך איידער די פּעסט, האָט אין דעם אנדער פאַל קיין פּלאַץ ניט וואו זיך פונאַנדערצושפּיעלען. פאָלקס־אונרוהען זיינען ווי די כוואַליעס פון ים, וועלכע אויף א גרויסער אויבערפלעך זיינען בכח אַרויס־צורופען העכסט טרויעריגע ווירקונגען, אָבער זיינען מילד און אונשעדליך, ווען זיי זיינען בעשרענקט אויף דעם קליינעם קריי

1) גאָדווין, ז. 161-62. 2) ז. 164-165. 3) ז. 561.
4) ז. 566.

זעל פון אַן אָרימען טייכעל. געלאַסענקייט און אָרענטליכקייט וואַה־נען נור אין קליינע קרייזען".1) — דער פערלאַנג איינצוגעהמען גרעסערע לענדער, בעזיעגען אָדער האַלטען אין צוויק די נאַכבאַר־שטאַאטען, אריבערשטייגען זיי אין קונסט און אין מאַכט, איז א פערלאַנג וואָס איז געבויט אויף פּאָראורטייל און טעות. מאַכט איז ניט גליק. זיכערקייט און פריעדען איז א סך מעהר ווינשענסווערטה איידער א נאָמען, פאר וועלכען די פעלקער זאָלען ציטערן. מענשען זיינען ברידער. מיר פראייניגען זיך אין א געוויסען געגענד, אונ־טער א געוויסען קלימאַט, ווייל די פעראייניגונג איז נויטיג פאַר אונזער אינערליכע רוה, אָדער כדי זיך צו פערטיידיגען אַנטקעגען א פּרעכען אָנפאַל פון אַן אַלגעמיינעם פיינד. אָבער די קאָנקו־רענץ צווישען פעלקער איז נישט מעהר ווי א פּראָדוקט פון אונזער איינבילדונג".2)

די קליינע זעלבסטשטענדיג־פערוואַלטעטע טעריטאָריעס דאַר־פען אַזוי ווייניג ווי מעגליך האָבען צו טון איינע מיט די אַנדערע. „איינצעלנע מענשען דארפען פערקעהרען איינע מיט די אַנדערע וויפיעל מעגליך, און עס איז גאָר ניט שייך קיין שיעור און קיין סוף; געזעלשאַפטען אָבער האָבען קיינע אינטערעסען ניט, וואָס זיי זאָלען דארפען דערקלערען און מושוה ווערען צווישען זיך, א חוץ נור וואָס געוואַלדטהאַטען און מיספערשטענדניסען קענען ארויס־פאָדערן דערקלערונגען. אָט די איבערלעגונג איז מיט איין קלאַפּ מבטל די הויפּט־צוועקען פון דער געהיימניספּולער און פערדרעה־טער דיפּלאָמאַטיע, וועלכע האָט ביז אַהער אוועקגענומען די אויפ־מערקזאַמקייט פון רעגירונגען. אַלע בעאַמטע פון דער אַרמעע און פלאָטע, אַלע אַמבאַסאַדאָרען און מלוכה־אַגענטען, און אַלע קונצ־שטיק וואָס מען האָט ערפונדען כדי צו האַלטען די אַנדערע נאַ־ציאָנען אין מורא, אויסצושפּירען זייערע סעקרעטען, איבערפּיה־רען זייערע פּלענער, שליסען בונדען און געגען־בונדען — האָבען קיין בעטרעף ניט לגבי דעם דאָזיגען פּרינציפּ".3)

1) גאָדווין ז. 562. 2) ז. 559. 3) ז. 561.

3. ווי אָבער זאָלען אין די צוקונפטיגע געזעלשאפטען ערפיעלט ווערען די אויפגאבען, וועלכע דער שטאַאט ערפיעלט איצטער? „רעגירונגען קענען נור האָבען צוויי בערעכטיגטע אויפגאבען: אונטערדריקען עולות אנטקעגען איינצעלנע אין דער געמיינדע"1) (וואָס עס שליסט איין אויך די אויסגלייכונג פון מחליקות צווישען פערשיידענע געגענדען)2) „און די געמיינשאפטליכע פערטיידיגונג אנטקעגען אַן אַנגריף פון דרויסען".3)

„די ערסטע פון אָט די אויפגאבען, די איינציגע וועלכע לעגט אויף אונז ארויף א שטענדיגען חוב זי צו בעזאָרגען, קען גאַנץ גוט פערענטפערט ווערען דורך אַן אַסאָציאַציע, וועלכע איז גרויס גענוג צו געבען פּלאַץ פאר דער איינפיהרונג פון א געריכט פון געשוואָרענע, וואָס וועט ארויסגעבען זיין פסק מכח די פערברעכען פון איינצעלנע אין דער געמיינדע און מכח שאלות און מחליקות, וואָס קענען פאָרקומען בנוגע אייגענטום־זאכען".4) דאָס דאָזיגע געריכט וועט פסק'נען ניט לויט א וועלכען עס איז סיסטעם פון געזעץ, נור לויט דעם שכל.5) „אמת, עס קען געבען אז א פערברעכער וועט זיך לייכט קענען אויסדרעהען פון די שמאָלע גרעניצען פון אזא געריכט; און עס קען זיך אויסדרוכטען פון אָנהויב, אז מען וועט מוזען זעהען, דאָס די דערבייאיגע געמיינדען זאָלען רעגירט ווערען אויף אַן עהנליכען אופן, אָדער זיי זאָלען, קיין חילוק ניט וואָס פאר א פאָרם פון רעגירונג זיי האָבען, לכל הפחות איינוויליגען מיטצואַרבייטען מיט אונז אין אוועקנעהמען אָדער רעפאָרמירען א פערברעכער, וועמעס מעשים זיינען גלייך שעדליך פאר אונז ווי פאר זיי. אָבער דערצו איז ניט נויטיג צו שליסען אַן אויסגעשפּראָכענעם אָבמאַך, און נאָך ווייניגער נויטיג איז צו גרינדען צוליעב דעם אַן אַלגעמיינעם צענטער פון אויטאָריטעט. אַלגעמיינע גערעכטיגקייט און געמיינשאַפטליכע אינטערעסען קענען

---

1) גאָדווין, ז. 564. 2) ז. 566. 3) ז. 564. 4) ז. 564-565. 5) ז. 80-79-778, 773.

צונויפבינדען מענשען פיעל בעסער איידער חתימות און שטעמפּ־לען".(1)

**די צווייטע אויפגאבע קען אונז פּארקומען נור פון צייט צו צייט. "ווי אונזיניג עס וואָלט געווען צו פיהרען קריעג פון איין** געמיינדע קעגען די אנדערע אין אזא געזעלשאפטליכען צושטאנד, פון דעסטוועגען קען עס דאָך אמאָל פּארקומען. פּארזאָרגען אזעלכע פּארפאלען קען מען נור דורך א פערבאנד פון איינִיגע בעצירקען, וועלכער ערקלערט, און אויב נויטיג זעצט דורך, די געבאָט פון גערעכטיגקייט".(2) אנגריפען פון דער פרעמדער קענען אויך ארויס־רופען די נויטיגקייט פון אזא פערבאנד, און אין דעם ערך וואָלטען זיי געווען געצליכען צו יענע מחליקות.(3) דעריבער וואָלטען "אין געוויסע פאלען נויטיג געווען אנצונעהמען דאָס מיטעל פון נאציאָ־נאל־פערזאמלונגען, דאָס הייסט, פערזאמלונגען צוזאמענגערופען פאר דעם דאָפּעלטען צוועק, אויסצוגלייכען די חלוקים צווישען איין בעצירק און דעם אנדערן, און אויך זיך מישב צו זיין מכח דעם בעסטען אופן ווי צו וועהרען זיך אנטקעגען א פרעמדען אנגריף".(4) אָבער "מען מוז זיי אזוי שפּאָרעוודיג געברויכען וויפיעל עס לאָזט זיך נור לויט דער נאטור פון דער זאך".(5) וואָרים ערסטענס ווערט דאָך בעשלאָסען, לויט דער צאָהל שטימען, "אין בעסטען פאל, פון די שוואכסטע קעפּ פון דער פערזאמלונג; אין ערגסטען פאל אָבער, ווי דאָס טרעפט טאקי פונקט אזוי אָפט, ווערט דער בעשלוס גע־פאסט פון די העכסטע קאָרופּטע און אונעהרליכע מאָטיווען".(6) צווייטענס, ווערען די מיטגליעדער בדרך כלל בעאיינפלוסט אין זייערע פסקים פון אלערליי אויסערליכע טעמים, און ניט דורכאויס פון די רעזולטאטען פון זייער אייגענעם פרייען נאָכדענקען.(7) דריי־טענס, זיינען זיי געצוואונגען צו פערברייגען זייערע כחות אויף קליינִיגקייטען און האָבען ניט די מעגליכקייט צו לאָזען זיך רוהיג

---

1) גאָדווין, ז. 565. 2) ז. 566. 3) ז. 566. 4) ז. 573-74. 5) ז. 573-4. 6) ז. 571-2, 568-9. 7) ז. 569-70.

בעאיינפלוסט ווערען פון די ארגומענטען.1) דעריבער דארפען די נאציאָנאל פערזאמלונגען „אויסגעוועהלט ווערען ענטוועדער בלויז אין עקסטרא־אָרדינערע צופאלען, א שטייגער ווי די אלטע רוימער פלעגען אויסוועהלען א דיקטאטאָר; אָדער זיי זאָלען זיצען פעריאָדיש, איין טאָג למשל אין יאָהר, מיט א רעכט צו מעגען פערלענגערן זייערע סעסיעס אונטער א געוויסען גרעניץ. בוחר זיין דארף מען פיעל מעהר דעם ערסטען אופן".2)

וואָס פאר אן אויטאָריטעט אָבער וועלען האָבען די דאָזיגע נאציאָנאל־פערזאמלונגען און די געריכטען פון געשוואָרענע? די מענשהייט איז אזוי פערדאָרבען דורך די היינטיגע אינסטיטוציעס, אז פון אָנהויב וועט אודאי נויטיג זיין ארויסצולאָזען בעפעהלען און געבאָטען מיט א געוויסען גראד פון צוואנג; שפּעטער אָבער וועט גענוג זיין ווען די געשוואָרענע וועלען נור רעקאָמענדירען א געוויסען אופן ווי אויסצוגלייכען סכסוכים, און ווען די נאציאָנאל־פערזאמלונג וועט נור איינלאַדען די געמיינדען מיטצוארבייטען פאר דעם אלגעמיינעם וואָהלזיין.3) „היינט אויב די געריכטען וועלען מיט דער צייט אויפהערען ארויסצוגעבען פּסקים און וועלען זיך בענוגענען נור מיט איינלאדונגען; אויב די געוואלט וועט בּיסלעכווייז צוריקטרעטען און מען וועט זיך נור פערטרויען אויפ׳ן פערשטאנד אליין — קען דען ניט זיין, אז מיר וועלען איין שעהנעם טאָג אויסגעפינען, אז מען קען אָבלעגען אָן א זייט, ווי אן איבעריגע זאך, אפילו די געריכטען פון געשוואָרענע גופא, ווי אויך יעדען אנדער מין עפענטליכער אינסטיטוציע? וועלען דען די ערקלערונגען פון איין קלוגען מענשען ניט האָבען דיזעלבע איבערצייגונגס קראפט ווי פון צוועלף? וועט דען איין מענשען׳ס פעהיגקייט צו קענען עפּעס לערנען זיינע חברים ניט קענען ווערען גענוג בעקאנט אָהן די פאָרמאליטעט פון וואהלען? וועלען נאך דאן זיין א סך פערדאָרבענהייטען אויסצובעסערען און א סך עקשנות צו בעזיעגען? די דאָזיגע איז איינע פון די דענקווירדיגסטע

---

1) גאָדווין, ז. 570-1. 2) ז. 574. 3) ז. 576-78.

שטופען פון מענשליכען פארטשריט. מיט וואס פאר א פרייד מוז יעדער וואהל־אינפארמירטער פריינד פון דער מענשהייט אויס־קוקען אויף יענער גליקליכער פעריאדע, ווען עס וועט פערשוואונ־דען ווערען דער שטאאט, יענע ברוטאלע מאשין, וועלכע איז געווען די איינציגע איביגע אורזאך פון דער מענשהייטס פערדארבענ־קייטען, און וועלכע פערקערפערט אין זיך אזויפיעל אומגליקען, וואס מען קען אויף קיין אנדער אופן פון זיי ניט פטור ווערען, ווי נור דורך איהר פאלשטענדיגע פערניכטונג!"[1])

## 5. — אייגענטום.

1. אויפ'ן זעלבען גרונד וואס גאדווין פערווארפט אהן תנאים דאס געזעץ, מוז ער אויך נויטיגערווייז פערווארפען דאס אייגענטום. ניין, נאך מעהר, דאס אייגענטום, אדער ווי ער דריקט זיך אויס, „דער היינטיגער סיסטעם פון אייגענ־טום"[1]) — דאס הייסט די היינטיגע גיטערפערטיילונג, ווי עס איז פעסטגעשטעלט על פי געזעץ — קומט ביי איהם אויס איז אזא מין אינסטיטוציע, וועלכע איז ספעציעל שעד־ליך פאר'ן וואהלזיין פון'ם כלל. „מען האט פארווענדט די חכמה פון געזעץ־געבער און פון פארלאמענטען אויף צו בעשאפען די מיזעראבעלסטע און אונזיניגסטע פערטיילונג פון רייכטימער, וועל־כע מאכט צו שפאט די מענשליכע נאטור און אלע פרינציפען פון גערעכטיגקייט".[3])

דער היינטיגער אייגענטום־סיסטעם פערטיילט די גיטער אויף א העכסט אונגלייכען און אייגענווילליגען אופן. „צוליב דעם צו־פאל פון אבשטאמונג ווארפט ער אן אויף איין מענשען אן אונגע־הויערען רייכטום. ווען איינער וועלכער איז פריהער געווען א בעטלער ווערט א רייכער מאן, ווייסען מיר געוועהנליך, אז עס איז ניט אקוראט זיין עהרליכקייט אדער ניצליכקייט וועלכע ער דארף פערדאנקען פאר דעם בייט. אפט איז עס דעם פלייסיגסטען

1) גאדווין, ז. 9—578.  2) ז. 794.  3) ז. 803.

און טהעטיגסטען מיטגליעד פון דער געזעלשאפט שווער גענוג אויסצוהיטען אז זיין פאמיליע זאָל ניט אויסגעהן פון הונגער".1)

„און ווען איך בעקום דעם לוין פון מיין ארבייט, גיט מען מיר דאָן א הונדערט מאָל מעהר שפייז וויפיעל איך קען אויפעסען און א הונדערט מאָל מעהר קליידער וויפיעל איך קען צוטראָגען. וואו איז די גערעכטיגקייט פון דעם? ווען איך בין אפילו דער גרעסטער וואָהלטהעטער פון דער מענשהייט, איז דען דאָס א גרונד פאר וואָס מען זאָל מיר געבען מעהר וויפיעל איך האָב נויטיג, איבערהויפט נאָך ווען מיין איבערפלוס וואָלט געקענט בריינגען די גרעסטע נוצען פאר טויזענדער אנדערע מענשען".2)

אָט די אונגלייכע גיטערפערטיילונג געהט דורכאוים להיפך צו דער טובת הכלל. זי שטערט דעם גייסטיגען פאָרטשריט. „דער אָנגעזאמעלטער אייגענטום טרעט מיט בלאָטיגע פיס אויף די כחות פון געדאנק, ער לעשט אוים די פונקען פון זשעניע און דערטרינקט די גרויסע מאסע מענשען אין שמוציגע זאָרג, א חוץ וואָס ער נעהמט אוועק ביי דעם רייכען די געזינדסטע און וויכטיגסטע מאָטיווען פון טהעטיגקייט".3) און דער רייכער קען מיט זיין איבערפלוס „גאָרנישט קויפען אויסער גלאנץ און קנאה, גאָרנישט אויסער דעם טרויעריגען פערגעניגען, וואָס ער קען אוועקגעבען דעם אָרימאן אין צדקה דאָס, אויף וואָס ער האָט אן אונבעשטרייטבאר רעכט על פי שכל".4)

די אונגלייכע גיטערפערטיילונג איז אָבער אויך א שטערונג צו דער מאָראלער פערפאָלקאָמענונג. ביי די רייכע רופט זי ארוים נארישען שטאָלץ און גרויסהאלטעריי, ביי די אָרימע — געוואלדטהאטען, שקלאפען־געפיהלען און בעטרוג, און דערפון קומט קנאה, שנאה און נקמה.5) „דער רייכער מאן איז דער איינציגער אויף וועמען אלע קוקען מיט אכטונג און עהרפורכט. אומזיסט זיינען געמעסיגקייט, עהרליכקייט און פלייסיגקייט; אומזיסט די ערהאַ־

1) גאָדווין, ז. 794. 2) ז. 795. 3) ז. 806. 4) ז. 795. 5) ז. 811,810.

בענסטע גייסטיגע קרעפטען און די הייסעסטע מענשענליעבע, אויב דער בעזיצער פון די דאָזיגע גוטע מדות איז געבראַכען אין ביי טעל. אַנקלייבען עשירות און ארויסשטעלען זיך פאר לייטען איז דעריבער געוואָרען אַן אַלגעמיינע ליידענשאַפט".1) „מיט דעם פאָרטשריט פון פערשטאַנד און פון ציוויליזאַציע וואָלט די גע־וואַלט זיכער לאַנג אַבגעשטאָרבען, ווען די אַנגעקליבענע פערמע־גענס וואָלטען ניט בעפעסטיגט איהר קיניגרייך".2) „דער גרויסער קוואַל פון פערברעכען נעהמט זיך פון דעם אומשטאַנד, וואָס איין מענש האָט צופיעל פון דאָס, וואָס דעם אנדערן פעהלט גאָר אין גאַנצען".3)

II. די טובת הכלל פאָדערט, אַז די גיטערפערטיילונג זאָל דורכאויס זיין בעגרינדעט אויף איהרע פרינציפען, אַנ־שטאָט אויף די פרינציפען פון אייגענטום. ווען גאָדווין גע־ברויכט דעם אויסדרוק „אייגענטום" פאר דעם חלק גיטער וואָס געהערט איינעם לויט די טובת הכלל־פרינציפען, בענוצט ער דאָס וואָרט נור אין א סאָרט אריבערגעטראָגענעם זין; אין דעם שטרענ־געז זין פון וואָרט „אייגענטום" קען בעצייכענט ווערען נור אזא טייל פון גיטער, וואָס ווערט איינעם צוגעטיילט לויט'ן געזעץ.

נאָך די געבאָט נאָך פון דער טובת הכלל דארף יעדער מענש האָבען די מיטלען צו פיהרען א בכבוד'ן לעבען.

1. „ווי אזוי זאָל מען בעשליסען צי עפעס א זאַך וואָס האָט א ניצליכען ווערטה זאָל זיין מיין אייגענטום אָדער דיינ'ס? עס איז נור פאַראַן איין ענטפער: ווי די גערעכטיגקייט טראָגט אויס".4) „די געזעץ פון פערשיידענע לענדער בעהאַנדלען דאָס אייגענטום אויף טויזענדערליי פערשיידענע אופנים; עס קען אָבער נור זיין איינער פון זיי, וואָס שטימט אם מייסטען מיט דער גע־רעכטיגקייט".5)

---

1) גאָדווין, ז. 802. 2) ז. 809. 3) ז. 809. 4) ז. 789. 5) ז. 790.

די גערעכטיגקייט פאָדערט קודם כל, אז יעדער מענש זאָל האָבען די מיטלען צום לעבען. „אונזערע טיערישע בעדערפעניסען, ווי אלע וויסען, בעשטעהען פון שפייז, קליידונג און וואָהנונג. אויב די גערעכטיגקייט האָט א װעלכען עס איז זין, איז קלאָר, אז עס קען ניט זיין קיין גרעסערער אונרעכט, ווי ווען איין מענשען פעה־לען אָט די אלע זאכען, אין דערזועלביגער צייט וואָס אנאנדערער מענש האָט צופיעל פון זיי. אָבער די גערעכטיגקייט שטעלט זיך נאָך דאָ ניט אָב. כל זמן דער אלגעמיינער אוצר פון פראָדוקטען איז ניט אויסגעשעפּט, האָט יעדער איינער א רעכט, ניט נור אויף די מיטלען צום לעבען, נור אויך אויף א בכבוד'ן לעבען. עס איז אַן אונרעכט, אז איין מענש זאָל ארבייטען איבער זיינע כחות פער־דארבענדיג זיין לייב און לעבען, בעת אנאנדערער וואָהלטאגט זיך אין איבערפלוס. עס איז אַן אונרעכט, אז איין מענש זאָל ניט האָ־בען א ווײלע ליידיגע צייט צו בילדען זיין גייסט, בעת אנאנדערער טוט א פינגער אין קאלט וואסער ניט אריין פאר דעם וואָהלזיין פון כלל".1)

2. אזא „צושטאנד פון גלייכהייט" וואָלט אויפהעבען די טובת הכלל אויף דער העכסטער שטופע. אין אזא צושטאנד „וואָלט די ארבייט געוואָרען אזוי לייכט ,אז זי וואָלט גיכער גע־האט א פנים פון אנגענעהמער ערהאָלונג און לייכטער גליעדער־איבונג".2) יעדער מענש וואָלט האָבען איינפאכע אָבער געזונטע שפייזען; יעדערער וואָלט דורך מעסיגע איבונג פון זיינע קערפּער־ליכע פונקציעס זיך בעוואָרינט מיט מונטערקייט פאר זיין גייסט. קיינער וואָלט זיך ניט געפיהלט שווער פון מיעדיגקייט, אלע וואָל־טען געהאט פרייע צייט צו ענטוויקלען די ליעבליכע און מענשענ־פריינדליכע געפיהלען און בעשעפטיגען זייערע פעהיגקייטען אין דעם שטרעבען נאָך גייסטיגע פאָרטשריטען.3)

ווי שנעל וואָלט זיין דער פאָרטשריט פון אונזער פערשטאנד ווען דאָס פעלד פון וויסען וואָלט געשטאנען פריי פאר אלעמען!

---

1) גאָדווין, ז. 1-790. 2) ז. 821. 3) ז. 806.

עס פערשטעהט זיך, די גייסטיגע אונגלייכהייטען וואָלטען ביז א געוויסען גראַד געבליבען; מען מעג אָבער גלויבען, אז די גרויסע גייסטער פון אזא לעבענסצייט וואָלטען ווייט אריבערשטייגען אלע גרעסטע גייסטיגע ערפינדונגען פון היינטיגער צייט"1).

און דער מאָראַלער פאָרטשריט וואָלט זיין פונקט אזוי גרויס ווי דער אינטעלעקטועלער. די פערברעכען וועלכע זיינען פערבונ־דען מיט'ן היינטיגען אייגענטום־סיסטעם „וואָלטען אונבעדינגט פערשווינדען אין א געזעלשאפטליכען צושטאנד, וואו מענשען לעבען בהרחבה און אלע געניסען גלייך די מתנות פון דער נאַ־טור. דער ענגער עגאָיזם וואָלט פערשווינדען. וויבאלד קיינער וועט זיך ניט פיהלען געצוואונגען צו היטען זיין ביסעל אָרימקייט, אָדער האבעווען מיט יסורים און פיין כדי צו פערזאָרגען זיך אויף שפּעטער, וועלען זיך זיינע פּערזענליכע דאגות פערלירען אין דעם גערדאנק וועגען דער טובה פון כלל. קיינער וועט זיין נאכבאר קיין שונא ניט זיין, ווייל זיי וועלען ניט האָבען איבער וואָס זיך ארומ־צורייסען; און אָט אזוי וועט די מענשענליעבע איננעהמען די קיניגרייך, וואָס דער שכל האָט בעשטימט פאר איהר"2).

3. ווי אזוי וועט אזא גיטערפערטיילונג קענען דורכגעפיהרט ווערען אין איינצעלנע פאלען?

„אזוי שנעל ווי דאָס געזעץ וועט אָבגעשאפט ווערען, וועלען מענשען אָנהויבען נאָכצופאָרשען וועגען גערעכטיגקייט. לאָמיר אָננעהמען אונטער די דאָזיגע אומשטענדען, אז עס איז פאָרגעבראכט געוואָרען פאר מענשען א מחלקה וועגען א ירושה, אויף וועלכער עס זיינען געווען פינף יורשים, וואָס דער פסק־דין פון זייערע אלטע געזעץ איז געווען מען זאָל צוטיילען דאָס פערמעגען אויף פינף גלייכע טיילען. זיי וואָלטען זיך גלייך גענומען נאָכפרעגען וועגען די בעדערפעניסען און וועגען דער לאַגע פון די יורשים. דער ערסטער, וועלען מיר זאָגען, איז א מענש מיט א שעהנעם כאראקטער און עס געהט איהם גאנץ גוט אויף דער וועלט: ער

1) גאָדווין, זייט 807. 2) זייט 810.

איז א בכבוד'ער מיטגליעד פון דער געזעלשאפט, אָבער מעהרער רייכקייט וואָלט ווינציג־וואָס פערגרעסערט סיי זיין ניצליכקייט, סיי זיין צופרידענהייט. דער צווייטער איז א שלים־מזל'דיגער נפש, וואָס געהט אויס פון הונגער און איז איינגעטונקט אין צרות. דער דריטער איז אפילו אַן אָרימאַן, אָבער ניט קיין פער'דאגה'־טער, און דאָ מאכט זיך איהם א שטעלע, וואָס זיין גוטער כאַ־ראקטער טרייבט איהם אָנצונעהמען, און וואו ער וואָלט געקענט ברייינגען גרויסע נוצען, נור כדי עס צו קענען אָננעהמען ווי גע־העריג איז, מוז ער האָבען א קאפיטאַל, וואָס בעטרעפט אקוראַט וויפיעל צוויי פינפטעל פון דער גאַנצער ירושה. איינע פון די יורשים איז אַן עלטערע בתולה שוין אריבער די צייט פון קענען געבערען קינדער. נאָך איינע איז א וויסטע אלמנה מיט א גרויסע געזינד צו דערנעהרען. די ערסטע פראגע וואָס עס וואָלט זיך פאָרשטעלען ביי עהרליך־דענקענדע מענשען, אין ווענעם הענד עס ליעגט דער לעצטער פסק וועגען דער חלוקה, וואָלט זיין — וואָס פאר א גערעכטיגקייט קען זיך געפינען אין דעם געזעץ וואָס הייסט געבען אַלעמען גלייכע חלקים?"[1] און מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען וואָס זייער ענטפער וואָלט געווען.

### 6. — פערוווירקליכונג.

די אומענדערונג וואָס די טובת הכלל פאָדערט, דאַרף געשעהען לויט גאָדווין'ס מיינונג דורך דעם, וואָס די יע־ניגע וועלכע האָבען דערקענט די וואַרהייט, וועלען איבער־צייגען די איבעריגע מענשען, ווי נויטיג די דאָזיגע ענדע־רונג איז פאר דעם אַלגעמיינעם וואָהלזיין, און דאַן וועלען געזעץ, שטאַאט און אייגענטום ממילא פערשווינדען, און אַנשטאָט זיי וועט איינטרעטען דער נייער צושטאַנד.

I. אלץ וואָס מען דאַרף איז, איבערצייגען די מענשען, אז די טובת הכלל פאָדערט די דאָזיגע ענדערונג.

---

1) גאָדווין, זייט 779-80.

1. אלע אנדערע וועגען מוז מען פּרוּוואַרפֿען. „אונזער כח השכל וועט תמיד האָבען א חשד אויף אזוינע וואפען, וואָס קענען געברויכט ווערען מיט די אייגענע אויסזיכטען אויף ערפֿאָלג פאר ביידע זייטען. דעריבער דארפֿען מיר קוקען אויף יעדער פאָרם פון געוואלט מיט פעראכטונג. ווען מיר טרעטען אריין אין די רייהען פון מלחמה, פערלאָזען מיר דאָס זיכערע פעלד פון וואר־הייט און גיבען איבער די ענטשיידונג צום קאַפּריז פון צופאל. דער חיל פון שכל קען ניט בעקעמפּפט ווערען; ער געהט פאָר־ווערטס מיט רוהיגע, זיכערע טריט און קיינער קען זיך איהם ניט שטעלען אנטקעגען. ווען מיר לעגען אָבער אונזערע ארגומענ־טען אוועק אָן א זייט און נעהמען זיך פאר'ן שווערד, איז שוין גאָר אנאנדער מעשה. ווער קען וויסען אין מיטען ליארם און גע־טומעל פון בירגערקריעג צי ער וועט ארויסגעהן מיט א נצחון אָדער מיט א מפּלה? מיר מוזען דעריבער גאנץ גענוי אונטער־שיידען צווישען די ארבייט פון לערנען, אָדער אויפרייצען דעם פאָלק. מיר מוזען זיך אָבזאָגען פון כעס, רציחה און ליידענשאפט און דארפען בעגעהרען נור די רוהיגע איבערלעגונג, דעם קלאָ־רען אורטייל און די פורכטלאָזע דיסקוסיאָן"[1].

2. די הויפטזאך איז צו איבערצייגען אזויפיעל מענשען וויפיעל מעגליך. נור ווען דאָס וועט געלינגען וועט מען קענען אויסמיידען געוואלדטהאטען. „פאר וואָס האָבען די רעוואָלוציעס אין פראנקרייך און אין אמעריקא געהאט פאר זיך די איינשטי־מונג פון כמעט אלע קלאסען און סאָרטען מענשען, בעת דער ווי־דערשטאנד אנטקעגען טשארלס דעם ערסטען האָט צוטיילט אונ־זער פאָלק אויף צוויי גלייכע פארטייען? ווייל אונזער רעוואָ־לוציע איז פאָרגעקומען אין 17טען יאָהרהונדערט, און יענע ביים ענד פון 18טען. ווייל אין דער צייט פון די פראנצויזישע און אמעריקאנער רעוואָלוציעס האָט די פילאָזאָפיע שוין ענטוויקעלט איינינגע פון די גרויסע וואהרהייטען פון פּאָליטישער וויסענשאפט,

1) גאָדווין, זייט 203.

און א געוויסע צאָהל שטארקע און דענקענדע קעפּ האָבען איינ־געזעהען, דורך דעם איינפלוס פון סידנעי און לאָק, פון מאָנ־טעסקיו און רוססאָ, וואָס פאר א גרויסע צרה די געוואלט איז. ווען די דאָזיגע רעוואָלוציעס וואָלטען פאָרגעקומען נאָך שפּעטער, וואָלט איין טראָפּען בלוט ניט פארגאָסען געוואָרען פון די הענ פון די בירגער, עס וואָלט אין קיין איינציגען פאל קיין געוואלט ניט געברויכט געוואָרען אנטקעגען מענשען אָדער זאכען".1)

3. די מיטלען צו איבערצייגען אזויפיעל מענשען וויפיעל מעגליך מכח דער נויטיגקייט פון אַן איבערענדערונג, בעשטעהט אין „געבען בעווייז און קענען איבעררעדען. די בעסטע ערבות פאר א גוטען רעזולטאט ליעגט אין פרייע, אונבעשרענקטע דיס־קוסיאָנען. אויף אַט דעם קאמפּף־פּלאַץ מוז די װארהייט אלעמאָל ארוים דער זיעגער. אויב, אלזאָ, מיר ווילען אויסבעסערען די גע־זעלשאפטליכע אינסטיטוציעס פון דער מענשהייט, מוזען מיר זעהען צו איבערצייגען דורך וואָרט און שריפט. אַט די טהעטיג־קייט האָט ניט קיין גרעניצען, אַט די ארבייט דאַרף ניט איבער־געריסען ווערען. יעדעס מיטעל מוז אָנגעווענדט ווערען, ניט אזוי כדי צו־צוציהען די אויפמערקזאמקייט פון מענשען און איבער־רעדען זיי אָנצונעהמען אונזערע מיינונגען, נור, וואָס איז וויכ־טיגער, כדי אָבצושאפען יעדען צוים פון דענקען און עפענען פאר יעדען איינעם דעם טעמפּעל פון וויסענשאפט און דאָס פעלד פון אונטערזוכונג".2)

„דער מענש, דעריבער, וועלכער נעהמט זיך צום הארצען דעם אידעאל פון דער מענשליכער וויעדערגעבורט, מוז תמיד האָ־בען אין זין צוויי פּרינציפּען — די וויכטיגקייט פון יעדער שעה פון פּראָגרעס אין דער ענטדעקונג און פערשפּרייטונג פון וואר־הייט, און די נויטיגקייט רוהיגערהייט צו לאָזען אוועקגעהן יאָה־רען איידער ער רעדט־צו מען זאָל מוציא זיין זיינע לעהרען אל־הפועל. מיט זיין גאנצער פּאָרזיכטיגקייט קען דאָך טרעפען, אז

1) גאָדווין, ז. 4-203. 2) ז. 4-203.

דער אויפגערודערטער המון וועט לויפען אפריהער איידער דער שטילער, רוהיגער פראגרעס פון פערשטאנד; דאן וועט ער גע־וויס ניט פערדאמען די רעוואלוציע וואס קומט פאר עטליכע יאהר פריהער איידער די צייט וואס דער שכל האט בעשטימט. אויב אבער ער פיהרט זיך אויף לויט די רעגעלען פון שטרענגער פאר־זיכטיגקייט ,וועט ער בלי ספק קענען אבהאלטען פיעלע איבער־איילטע טריט און אויף א היבשע ווײלע פערלענגערן די אלגע־מיינע רוה".1)

„דאס מיינט ניט, ווי איינער וואלט זיך געקענט דענקען, אז די ענדערונג פון אונזערע צושטאנדען איז נאך ווייט פון אונז אויף א גרויסען מהלך. עס איז די טבע פון מענשליכע עסקים אז גרויסע איבערבייטען קומען פאר פלוצלונג און גרויסע ענדערונ־גען ווערען געמאכט אונערווארטעט, עפעס אזוי ווי צופעליג. ווען איך בילד א יונגען מאן'ס גייסט, אדער ווען איך מיה זיך צו האבען אן איינפלוס אויף אן עלטערען מענשען, וועט א לאנגע צייט אויסזעהען, ווי איך וואלט גאר ניט געהאט אויפגעטון, און די פרוכט וועט זיך ארויסווייזען גראד בעת איך דערווארט זיי אם ווייניגסטען. די קיניגרייך פון אמת קומט אן שטילערהייט. די זריעה פון גוטע מדות קען אנהויבען שפראצען, ווען מען האט געמיינט אז זי איז אוועק לאיבוד".2) „ווען דער אמת'ער מענ־שענפריינד זאגט נור אונערמיעדליך ארויס די ווארהייט און שטעהט תמיד אויפ'ן וואך געגען אלץ וואס שטערט איהר פארט־שריט, דאן מעג ער מיט א רוהיגען הארצען דערווארטען א שנע־לען און גוטען רעזולטאט".3)

II. אזוי באלד ווי די איבערצייגונג, אז די טובת הכלל פא־דערט אן ענדערונג פון אונזער צושטאנד וועט ארייגדרינגען אומע־דום, וועלען געזעץ, שטאאט און אייגענטום פערשווינדען פון זיך אליין, און וועלען מאכען פלאץ פאר דעם נייען צושטאנד. „די רע־פארם לויט אט דער בעדייטונג פון'ם ווארט, קען כמעט גאר ניט בע־

1) גאדווין, ז. 204. 2) ז. 223. 3) ז. 225.

טראַכט ווערען ווי עפּעס וואָס טראָגט דעם כאַראַקטער פון טהאַט. עס איז אַן אַלגעמיינע אויפקלערונג. מענשען דערפיהלען זייער לאַגע, און די קעטען, וואָס האָבען זיי פריהער געפּענטעט, פער־שווינדען ווי אַין א חלום. ווען עס וועט קומען צו אַט אַזאַ קריזיס, וועט מען קיין איינציגען שווערט ניט דאַרפען ציהען פון שייד, קיין פינגער וועט מען ניט דאַרפען אויפהעבען אויף צו בע־געהן עפּעס א געוואַלדטהאַט. די געגנער וועלען זיין צו־וועניג און צו־שוואַך צו קענען ערנסט דענקען וועגען שטעלען זיך אנט־קעגען דעם אַלגעמיינעם געפיהל פון דער מענשהייט".1)

אויף וואָס פאַר אַן אופן קען די ענדערונג פון אונזערע צו־שטאַנדען דאָך פאָרקומען?

1. „ווען דער נאַציאָנאַל־קאָנווענט אין פראַנקרייך האָט אָנ־געהויבען זיין טהעטיגקייט, איז דאָרט ספּעציעל געווען פערברייט די מיינונג, אַז זיין עובדא איז נישט מעהר ווי אויסצואַרבייטען א פּלאַן פון א קאָנסטיטוציע, וועלכע דאַרף פאָרגעלעגט ווערען פאַר די בעצירקען, און ערסט נאָך זייער צושטימונג קען עס בע־טראַכט ווערען אַלס געזעץ".2)

„דער ערסטער געדאַנק, וואָס קומט אַרויף אויפ'ן זין מכח אָט דער מיינונג איז, אַז אויב קאָנסטיטוציאָנעלע געזעץ דאַרפען אונטערוואָרפען ווערען אונטער א רעוויזיע פון די בעצירקען, דאַן דאַרפען אַלע געזעץ דורכמאַכען דעם אייגענעם פּראָצעס. כדי אָבער די דאָזיגע צושטימונג פון די בעצירקען זאָל ווירקליך קע־נען האָבען א בעדייטונג, מוזען זיין אונבעגרעניצטע דיסקוסיאָנען פון אַזוינע געזעץ־פּראָיעקטען. דעמאָלט וועט זיך ערסט אָנהויבען א מעשה, וועמעס סוף עס איז גאָר ניט אַזוי לייכט פאָראויסצו־זעהען. איינינע בעצירקען וועלען אויסזעצען אנטקעגען געוויסע פּאַראַגראַפען, און אויב די דאָזיגע פּונקטען וועלען מוזען איבער־געמאַכט ווערען כדי צו קריגען זייער צושטימונג, קען אַקוראַט טרעפען, אַז יענע ענדערונג אין דעם פּאַראַגראַף, וואָס איז גע־

1) גאָדווין, ז. 222-3. 2) ז. 657-8.

מאכט געוואָרען כדי צופריערען צו שטעלען איין טייל פון דער געמיינדע, וועט ארויסרופען א אונצופרידענהייט מיט'ן קאָרעקס ביי אנאנדער טייל".1)

„אָט דער פרינציפּ פון צושטימונג פון די בעצירקען האָט א דירעקטע טענדענץ וואָס פיהרט, אויב אפילו נור אויף דעם גע־זונטען גאנג פון טריט־ביי־טריט, צו דער אויפלייזונג פון אלע רעגירונגען".2) עס איז ווירקליך „ווינשענסווערטה, אז די וויכ־טיגסטע אקטען פון די נאציאָנאלע פערטרעטער זאָלען אונטער־וואָרפען ווערען אונטער דער דעה פון די בעצירקען וועמעס פער־טרעטער זיי זיינען; פונקט פאר דעמזעלבען טעם פאר וואָס עס איז ווינשענסווערטה, אז די אקטען פון די בעצירקען גופא זאָלען, אזוי שנעל ווי דאָס לאָזט זיך אויספיהרען אויף דער פּראַקטיקע, אריינטרעטען אין קראַפט נור אויף וויפיעל עס איז שייך צו יע־נע איינצעלנע, וועלכע גיבען זיי זייער צושטימונג".3)

2. אָט דער סיסטעם וואָלט ערכטענס געהאט די פעולה, וואָס די קאָנסטיטוציע וואָלט מוזען זיין זעהר א קורצע. עס וואָלט גאַנץ שנעל זיך ארויסצייגען, אז עס איז ניט פּראַקטיש צו בע־קומען די פרייע איינשטימונג פון א גאַנצער מאַסע בעצירקען פאר א היבש־גרויסען קאָרעקס; די גאַנצע קאָנסטיטוציע וואָלט גאָר מעגען בעשטעהן נישט מעהר ווי פון א פּלאַן איינצוטיילען דאָס לאַנד אין גלייכע טיילען לויט זייער בעפעלקערונג, און פעסט־שטעלען בעשטימטע צייטען פאר די וואהלען פון א נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג; דעם אמת זאָגענדיג, קען מען גאַנץ וואהרשיינליך אויסקומען אפילו אָהן דעם לעצטען פּאַראַגראַף אויך".4)

א צווייטע פעולה וואָלט עס געהאט, וואָס מען וואָלט באלד איינגעזעהען, אז די גאַנצע מעשה פון שיקען די געזעץ אין די בעצירקען פאר זייער רעוויזיע איז אַן איבעריגע פערדרעהעניש, כיידען נור ווען עס איז זעהר וויכטיג פאר דער אַלגעמיינער זי־

---

1) גאָדווין, ז. 658-9. 2) ז. 659-60. 3) ז. 660.
4) ז. 660-61.

כערהייט; און בכן וואָלט מען אין אזויפיעל פּרטים וויפיעל מעג־ליך לאָזען די בעצירקען אליין מאכען געזעצע פאר זיך. „אויף דעם אופן וואָלט זיך אויסגעלאָזען פון דאָס, וואָס איז פריהער געווען א גרויסע אימפּעריע מיט א צענטראַלער געזעצגעבונג, א קאָנפעדעראַציע פון א סך קליינע רעפּובליקען, וועלכע וואָלטען אָבגעהאַלטען אן אַלגעמיינעם קאָנגרעס, ווען עס איז נויטיג צו ארבייטען אין איינעם אין עקסטרענע פאַלען".1)

די דריטע פּעולה וואָלט געווען, וואָס די געזעצגעבונג וואָלט ביסלעכווייז גאָר אויפגעהערט. „א גרויסע פערזאמלונג וואָס איז צונויפגעבראַכט געוואָרען פון די פערשיידענע פּראָווינצען פון א גרויס לאַנד, און וועלכע קאָנסטיטואירט זיך אַלס די איינציגע געזעצגעבערין פאר דער גאַנצער בעפעלקערונג, בעשאַפט זיך גלייך א אידעע פון דער גרויסער מאסע געזעצע וואָס זי דארף מאכען, די גרויסע שטאָדט, וועלכע רעש'ט מיט די פּרינציפּען פון קאָ־מערציע און סוחר'ישע קנאה, לערנט זיך שנעל געננג אויס פּו־נאַנדערצוקייען דעם דיקען בוך פון איהרע געזעץ־פּאַראַגראַפען און ספּעציעלע פּריווילעגיען. די איינוואָהנער אָבער פון א קליין דער־פיל, וועלכע פיהרען אייניגערמאַסען א פּשוט, נאַטירליך לעבען, וועלען באַלד זיך ארומזעהען, אז אַלגעמיינע געזעצע זיינען גאָר אן איבעריגע זאך, און זיי וועלען אורטיילען די משפּטים וואָס קומען ביי זיי פאָר, ניט לויט די געוויסע געזעץ־כּללים, וואָס זיינען פון פריהער אָנגעשריבען געוואָרען, נור לויט די אומשטענ־דען און די פאָדערונגען פון יעדען בעזונדער פאַל".2)

א פיערטע פּעולה וואָלט עס האָבען, וואָס עס וואָלט העל־פען אָבשאַפען אייגענטום. „יעדע איינפיהרונג פון גלייכהייט בנוגע צו די ראַנגען און געזעלשאַפטליכע פּאָזיציעס פיהרט גאַנץ שטאַרק צו אן אויסגלייכונג פון די פערמעגענס".3) „אָט אזוי וואָלטען ניט נור די נידעריגערע קלאַסען, נור אויך די העכערע, איינזעהען די אונגערעכטיגקייט פון דער היינטיגער פערטיילונג

---

1) גאָדווין, ז. 661-2. 2) ז. 662. 3) ז. 888.

פון אייגענטימער1) די רייכע און די מעכטיגע זיינען גאר ניט אזוי פערהארטעוועט אנטקעגען די אידעען פון אלגעמיינעם גליק, אויב די דאזיגע אידעען ווערען זיי נור פארגעשטעלט מיט דער קלארקייט און אין דעם אנציהענדען געשטאלט, ווי זיי קענען נור פארגעשטעלט ווערען".2) אבער אפילו אין דעם ערך וואס זיי דענקען נור וועגען זייערע פראפיטען און פערגעניגענס, וואלט עס אויך ניט זיין אזוי שווער זיי צו בעווייזען, אז עס איז ארויס־געווארפענע ארבייט צו קעמפפען אנטקעגען די ווארהייט און געפעהרליך ארויסצורופען אויף זיך דעם האס פון פאלק, און אז דעריבער קען עס גאר זיין אין זייערע אייגענע אינטערעסען צו בעשליסען זיך לכל הפחות צו מאכען וועלכע עס איז הנחות.3)

1) גאדווין ז. 889. 2) ז. 882-3. 3) ז. 883-4.



## פיערטער קאפיטעל.

# פרודאָן׳ס לעהרע.

### 1. — אַלגעמיינעס.

1. פיעררע־זשאָזעף פרודאָן איז געבאָרען געוואָרען אין בעזאַנסאָן (פראנקרייך), אין יאָהר 1809. אין אָנהויב האָט ער זיך בעשעפטיגט דאָרט און אין אנדערע שטעדט מיט בוכ־דרוקעריי. אין 1838 האָט ער געקריגען א סטיפענדיע פון דער בעזאַנסאָנער אקאדעמיע, וועלכע האָט איהם געגעבען די מעגליכ־קייט צו געהן אין פאַריז און פערנעהמען זיך מיט וויסענשאַפט־ליכע שטודיען. אין 1843 האָט ער אָנגענומען א קאָמערץ שטעלע אין ליאָן. אין 1847 האָט ער די שטעלע אויפגעגעבען און האָט זיך בעזעצט אין פאַריז.

דאָ האָט פרודאָן אין די פאָר יאָהר פון 1848 ביז 1850 ארויס־געגעבען איינינע צייטונגען, איינע נאָך די אַנדערע. אין 1848 איז ער געוואָרען א מיטגליעד פון דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג. אין 1849 האָט ער געגרינדעט א פאָלקס־באַנק. באלד נאָכדעם איז ער פער׳משפט געוואָרען אויף 3 יאָהר געפענגניס פאר א פער־ברעכען געגען די פרעס־געזעץ, און ער איז אָבגעזעסען זיין צייט ניט אויפהערענדיג זיין שרייבער׳שע טהעטיגקייט.

אין 1852 איז פרודאָן בעפרייט געוואָרען פון תפיסה. ער איז געבליבען וואָהנען אין פאַריז, ביז ער איז אין 1858 ווידער פער׳מישפט געוואָרען אויף 3 יאָהר פאר נאָך א פערברעכען גע־גען די פרעס־געזעץ. דאן איז ער ענטלאָפען און האָט זיך בעזעצט אין בריסעל. אין 1860 האָט מען איהם בעגנאַדיגט און ער האָט

זיך צוריקגעקעהרט אין פראנקרייך. פון דאן אָן האָט ער געלעבט אין פאססי. ער איז דאָרט געשטאָרבען אין 1865.

פּרודאָן האָט ארויסגעגעבען א מאַסע שריפטען, איבערהויפּט אויף די געביטען פון יוריספּרודענץ, פּאָליטישער עקאָנאָמיע און פּאָליטיק.

2. פאר פּרודאָן'ס לעהרע איבער געזעץ, שטאַאט און אייגענטום זיינען פון זיינע שריפטען איידער דעם יאָהר 1848 איבערהויפּט וויכטיג זיין בוך: „וואָס איז אייגענטום? אונטערזוכונגען מכח די פּרינציפּען פון ארבייט און רעגירונג" (1840) און דאָס צוויי־באנדיגע ווערק: „דאָס סיסטעם פון עקאָנאָמישע ווידערשפּרוכען, אָדער די פילאָזאָפיע פון דעם עלענד" (1846); פון די שריפטען וואָס זיינען ערשיענען פון 1848 ביז 1851 — „די קאָנפעסיאָנען פון א רעוואָלוציאָנער" (1849) און „די אלגעמיינע אידעע פון דער רעוואָלוציאָן אין 19טען י. ה." (1851); און לעצטענס פון די וואָס נאָך 1851, דאָס דריי־באנדיגע ווערק „וועגען גערעכטיגקייט אין דער רעוואָלוציאָן און אין דער קירכע, נייע פּרינציפּען פון א פּראקטישער פילאָזאָפיע" (1858) און דאָס בוך, „דער פעדעראטיווער פּרינציפּ און די נויטיגקייט פון אַן איבערבוי פון דער רעוואָלוציאָנערער פּארטיי" (1863).

פּרודאָן'ס לעהרע וועגען געזעץ, שטאַאט און אייגענטום האט אין די קלענערע פּרטים דורכגעמאכט געוויסע ענדערונגען, אין די וויכטיגע טיילען איז זי אָבער געבליבען די זעלביגע; די מיינונג אז זי האָט זיך אויך געענדערט אין די הויפּטפּונקטען, איז ארויסגעוואקסען צוליב זיין קאַפּריזנע און ניט אלע מאָל דיזעלבע שפּראך. אזוי ווי מיר קענען דאָ ניט געבען קיין ענטוויקלונגסגעשיכטע פון פּרודאָן'ס לעהרע, וועלען מיר ברייגגען בנוגע צו די דאָזיגע קלענערע פּונקטען נור זיין לעהרע פון די יאָהרען 1848-51, אין וועלכער פּעריאָדע פּרודאָן האָט ענטוויקעלט זיינע אַנזיכטען זעהר דייטליך און האָט פאר זיי בעזונדערס קרעפטיג געארבייט.

3. פּרודאָן רופט אָן זיין לעהרע איבער געזעץ, שטאַאט און

אייגענטום, „אנארכיזם". — „וועלכע פאָרם פון רעגירונג זאָלען מיר אם בעסטען אויסוועהלען?" — „וואָס הייסט, ווי אזוי קענט איהר גאָר פרעגען", וועט זיך אודאי אָברופען איינער פון מיינע יונגערע לעזער, „איהר זייט דאָך א רעפובליקאנער". — א רע־פובליקאנער, יאָ; אָבער דאָס וואָרט זאָגט גאָר נישט בעשטימט. רעספובליקא מיינט, „די זאך פון כלל"; יעדער איינער, הייסט עס, וואָס וויל די „זאך פון כלל", אונטער וועלכער עס איז פאָרם פון רעגירונג, קען זיך אָנרופען רעפובליקאנער. אפילו קעניגע זיינען רעפובליקאנער. „נו, אויב אזוי, זייט איהר א דע־מאָקראַט". ניין. „וואָס, אפשר זייט איהר גאָר א מאָנארכיסט?" ניין. „א קאָנסטיטוציאָנאליסט"? זאָל מיך גאָט אויסהיטען. „אן אריסטאָקראַט?" ניט אהאָר. „איהר ווילט מסתמא א געמישטע רעגירונג?" נאָך ווענינער. „איז וואָס זייט איהר פאָרט?" איך בין איין אנארכיסט".1)

## 2. — די גרונדלאגע.

נאָך פרודאָן נאָך איז דאָס העכסטע געזעץ פאר אונז — די גערעכטיגקייט.

וואָס איז די גערעכטיגקייט? די גערעכטיגקייט איז די גע־גענזייטיג־בעוואָרינטע אכטונג, וואָס עס פיהלט זיך פון זיך אליין פאר דער מענשליכער ווירדע וואו און ווען נור זי ווערט ער־נידעריגט, און וואָס שטעלט זיך ניט אָב פאר קיין געפאהר כדי זי צו פערטיידיגען".2)

„איך מוז אכטען מיין נאכבאר און מוז זעהען אז אנדערע זאָלען איהם אכטען ווי זיך אליין: אזוי הייסט מיר מיין געווי־סען. פאר וואָס בין איך איהם שולדיג אָט די אכטונג? אפשר פאר זיין כח, פאר זיין טאלאנט אָדער פאר זיין רייכקייט? ניין, וואָס דער צופאל גיט איז ניט דאָס, וואָס מאכט ער זאָל פערדיע־

1) פרודאָן, וואָס איז אייגענטום? זייט 295. 2) פרודאָן, „וועגען גערעכטיגקייט" 1. זייט 182-3.

נען אכטונג. אפשר דערפאר וואָס ער אכטעט מיך? ניין, די גע־רעכטיגקייט שטעלט זיך פאַר די געגענזייטיגע אכטונג, אָבער זי ווארט ניט אויף דעם. אפילו אין דעם פיינד הייסט זי אכטען די מענשליכע ווירדע, און דערפון נעהמען זיך די ג ע ז ע צ פ ו ן מ ל ח מ ה; אפילו אין דעם מערדער וועמען מיר טוידטען אלס אונמענש, און דערפון נעהמען זיך די ש ט ר אָ ף ־ ג ע ז ע צ. איך אכט מיין נאכבאר ניט צוליב די מתנות וואָס די נאטור האָט איהם געגעבען, אָדער מיט וועלכע דאָס גליק האָט איהם בעשאָנקען; עס איז ניט צוליב זיין אָקס, זיין עזעל אָדער זיין דיענסט־מויד, ווי דער חומש זאָגט; עס איז אויך ניט אפילו צוליב די טובות וואָס ער דארף מיר טון אזוי גוט ווי איך איהם; עס איז — זיין מ ע נ ש ל י כ ק י י ט“.1)

„די גערעכטיגקייט איז אין איין צייט אי א ווירקליכקייט, אי א אידעע“.2) „די גערעכטיגקייט איז א כח פון אונזער נשמה, די העכסטע קראפט וואָס מאכט פון אונז געזעלשאפטליכע וועזענס. זי איז אָבער נאָך מעהר איידער א קראפט; זי איז א אידעע, זי צייגט אָן א שייכות, א גלייכונג. אלס א קראפט האָט זי בכח זיך צו ענטוויקלען; אָט די ענטוויקלונג איז עס פון וואָס עס בעשטעהט די ערציהונג פון דער מענשהייט. אלס א גלייכונג ענטהאלט זי ניט קיין זאך וואָס איז פערענדערליך, קאפריזנע אָדער סתירה׳דיג; זי איז אַבסאָלוט און ניט פערענדערליך ווי יעדעס (נאטור) געזעץ, און זי איז אויך, ווי יעדעס געזעץ אלגעמיין־פערשטענדליך“.3)

גערעכטיגקייט איז פאר אונז דאָס העכסטע געזעץ. „די גערעכטיגקייט איז דער מאָסשטאב, וועלכען מען טאָר ניט אריי־בערטרעטען, פון אלע מענשליכע האנדלונגען“.4) „די פאקטען פון געזעלשאפטליכען לעבען, וועלכע זיינען בטבע אונבעשטימט

1) פרודאָן, „וועגען גערעכטיגקייט“ 1. ז. 184־5. 2) דאָרט, ז. 73. 3) דאָרט, ז. 185. 4) דאָרט, ז. 195.

און פול מיט סתירות, לאָזען זיך דורך איהר בעשטימען און איינ־אָרדענען״.1)

„די גערעכטיגקייט איז דער צענטראַל־שטערן וועלכער רעגירט די געזעלשאַפטען, דער פּאָליוס ארום וועלכען עס דרעהט זיך די פּאָליטיק פון דער וועלט, דער פּרינציפּ און רעגעל פון אלע איהרע געשעפטען. אלעס וואָס ווערט געטאָן צווישען מענשען, ווערט געטאָן אין׳ם נאָמען פון ר ע כ ט, קיין זאך ווערט ניט געטאָן ניט דערמאָנענדיג די גערעכטיגקייט. די גערעכטיגקייט איז ניט דאָס ווערק פון׳ם געזעץ; אין גענענטייל, דאָס געזעץ איז נישט מעהר ווי א דערקלערונג און א אָנווענדונג פון דער גערעכטיגקייט״.2) „שטעלט זיך פאָר א געזעלשאפט וואו אנאנדער פּרינציפּ, למשל רעליגיאָן, שטייגט אריבער, ווען אפילו נור א קליין ביסעל, די גערעכטיגקייט; אָדער וואו געוויסע מענשען ווערען בעטראַכט אפילו אין דאָס מינדעסטע אלס העכערע איידער די אנדערע — איך זאָג, דאָרט וואו די גערעכטיגקייט איז אין עצם פערניכטעט, מוז פריהער אָדער שפּעטער אונטערגעהן די געזעלשאפט״.3)

„די גערעכטיגקייט האָט די מעלה וואָס דער גלויבען, וועלכען זי פליסט איין, איז אזוי פעסט, אז קיין טעאָריע קען איהם ניט אָבלייקענען אָדער פערוואַרפען. אלע פעלקער רופען זי אָן; די „שטאַאטס־גרינדע״ ערקלערען אז זיי שטיצען זיך אויף איהר, אפילו בעת זיי געהען איהר להיפך; די רעליגיאָן עקזיסטירט נור פון איהרטוועגען; דער סקעפּטיציזם בעהאַלט זיך פאר איהר; די איראָניע האָט א קראַפט נור איהר צו פערדאַנקען; פערברעכען און צבוע׳יאצטווע בוקען זיך צו איהר. ווען פרייהייט איז ניט בלויז א פוסטע פראַזע, ווירקט זי נור אין דיענסט פון רעכט; און אפילו ווען זי רעבעלירט אנטקעגען דאָס רעכט, שילט זי איהם אין גרונד גענומען דאָן אויך ניט״.4) אלע העכסט־ראַציאָנאַלע

1) פּרודאָן, „וועגען גערעכטיגקייט״, 1. זייט 185. 2) וואָס איז אייגענטום? ז. 18-19. 3) וועגען גערעכ. ז. 195. 4) ז. 45.

לעהרען וועגען גערעכטיגקייט זיינען בקיצור אויסגעדריקט אין דעם בעריהמטען שפרוך: טהו פאר אנדערע וואס דו וואלסט וועלען מען זאל טון פאר דיר; טהו קיינעם ניט וואס דו וואלסט ניט וועלען מען זאל דיר טון".1)

## 3. — געזעץ.

אים נאמען פון גערעכטיגקייט פערווארפט פרודאן, אמת ניט דאס געזעץ, אבער כמעט אלע איינצעלנע געזעצ־ליכע נארמען, און איבערהויפט די שטאאט־געזעץ.

דער שטאאט מאכט געזעץ „און ער מאכט זיי אזויפיעל, וויפיעל אינטערעסען ער טרעפט אן; און אזוי ווי די אינטערעסען זיינען אהן א צאהל, מוז דעריבער די געזעצגעבונג־מאשין ארביי־טען אהן אן אויפהער. געזעץ און תקנות פאלען ווי האגעל אויף די ארימע בעפעלקערונג. דער פאליטישער באדען וועט באלד פער־דעקט ווערען פון א פאפיער־לאגער, וועלכען די געאלאגען וועלען פשוט מוזען פערצייכענען אלס די „פאפיראצעאישע פארמאציאן" צווישען די עפאכען פון דער געשיכטע פון דער ערד. דער קאנ־ווענט האט אין דריי יאהר, איין מאנאט און פיער טעג ארויס־געגעבען עלף טויזענד זעכס הונדערט געזעץ און דעקרעטען; די קאנסטיטואירענדע און לעגיסלאטיווע פערזאמלונגען האבען גע־שאפען אודאי ניט וועניגער; די קייזערליכע און די שפעטערע רע־גירונגען האבען געארבייט פונקט אזוי פלייסיג. מען זאגט אז די געזעצזאמלונג ענטהאלט איצט מעהר אלס פופציג טויזענד; ווען אונזערע פערטרעטער וואלטען געטון זייער פליכט, וואלט את די גרויסע סומע באלד פערדאפעלט געווארען. גלויבט איהר, אז די בעפעלקערונג, אדער די רעגירונג גופא, קען בלייבען ביין זינען אין אט אזא לאבירינט?"2)

„אבער וואס רעד איך? געזעץ פאר א מענשען, וואס דענקט

1) וואס איז אייגענטום? זייט 18. 2) „אלגעמיינע אי־דעע", זייט 8-147.

אליין און איז פעראַנטוואָרטליך פאר זיינע אייגענע מעשים! גע־זעץ פאר א מענשען וואָס וויל זיין פריי און פיהלט זיך פעהיג צו זיין פריי! איך בין בערייט איינצוגעהן אויף פשרות, אָבער איך וויל ניט קיין געזעץ; איך אָנערקען זיי ניט; איך פּראָטעס־טיר אנטקעגען יעדען געבאָט, וואָס א כלומר'שט נויטיגע אויטאָ־ריטעט וויל ארויפצווינגען אויף מיין פרייען ווילען. געזעץ! מיר ווייסען וואָס זיי זיינען און אויף וואָס זיי טויגען. זיי זיינען שפּינען־וועבאכץ פאר די שטארקע און די רייכע, קעטען וואָס קיין שטאָל קען ניט ברעכען זיינען זיי פאר די קליינע און די אָרימע, פישער־נעצען זיינען זיי אין די הענד פון דער רעגירונג".1)

„איהר זאָגט, זאָלען זיי מאכען וועניג געזעץ, איינ־פאכע געזעץ, גוטע געזעץ. דאָס איז אָבער אונמעגליך. מוז ניט די רעגירונג אויסגלייכען אלע אינטערעסען, בעשליסען אלע דיספּוטען? אינטערעסען אָבער זיינען, לויט דער טבע פון דער געזעלשאפט, פאראַן אזוי פיעל, די בעציהונגען ענדערן זיך און בייטען זיך אָהן א סוף — ווי איז עס מעגליך מען זאָל מאכען נור א קליינע צאָהל געזעץ? ווי אזוי קענען זיי זיין איינפאכע? ווי אזוי קען מען אויסמיידען אז דאָס בעסטע געזעץ זאָל ניט ווע־רען באלד פער'מיאוס'ט?"2)

II. די גערעכטיגקייט פאָדערט עס זאָל נור זיין איין געזעץ־נאָרמע, און דאָס איז, די נאָרמע אז אַן אָבמאַך, א קאָנטראַקט, מוז אָבגעהיט ווערען.

„וואָס מיינען מיר אונטער א קאָנטראַקט? א קאָנטראַקט, זאָגט דער ציוויל־קאָדעקס, ארטיקעל 1101, איז אַן אָבמאַך, דורך וועלכען איינער אָדער מעהרערע מענשען פערבינדען זיך מיט איי־נעם אָדער מעהרערע מענשען כדי עפּעס צו טון, אָדער כדי א גע־וויסע זאך ניט צו טון."3) „כדי איך זאָל קענען בלייבען פריי, איך זאָל ניט דארפען זיין אונטערוואָרפען אונטער קיין געזעץ

---

1) „אַלגעמיינע אידעע", זייט 149. 2) דאָרט, זייט 149-150.

3) פעדעראַטיווער פּרינציפּ, ז. 64.

א חוץ מיין אייגענעם, און כדי איך זאָל קענען רעגירען זיך אליין, מוז דער בנין פון דער געזעלשאפט איבערגעבויט ווערען אויף דער אידעע פון ק אָ נ ט ר א ק ט“.1) „דער געדאנק פון קאָנטראקט מוז פאר אונז זיין דער גרונדגעדאנק פון דער פּאָליטיק“.2) אָט די נאָרמע, אז קאָנטראקטען מוזען אָבגעהיט ווערען, דארף ווערען בעגרינדעט ניט נור אויף דער גערעכטיגקייט וואָס שטעקט אין דעם, נור אויך אויף דעם פאקט, וואָס עס געפינט זיך דער ווילען ביי מענשען וועלכע לעבען צוזאמען, צו צווינגען אָבצוהיטען קאָנטראקטען אפילו מיט געוואלט אויב עס איז נויטיג;3) און דעריבער דארף עס זיין ניט נור א געבאָט פון דער מאָראל, נור אויך א געזעצליכע נאָרמע.

„עטליכע מענשען פון דיין גלייכען האָבען איינגעשטימט צווישען זיך צו בעהאנדלען איינער דעם אנדערן געטריי און עהרליך, — דאָס הייסט, רעספּעקטירען די רעגעלן, וועלכע לויט דער נאַטור פון די זאכען, זיינען אליין אימשטאנד צו בעוואָרענען זיי א פולע מאָס פון שפע, זיכערקייט און פריעדען. ווילסטו ארייננטרעטען אין זייער חברה, נעהמען א טייל אין זייער געזעלשאפט? פערשפּרעכסטו צו רעספּעקטירען די עהרע, פרייהייט און פערמעגען פון דיינע ברידער? פערשפּרעכסטו קיינמאָל ניט צו פערכאפּען דורך געוואלט, בעטרוג, וואוכער, אָדער אנדערע ספּעקולאציעס אנאנדערענס פּראָדוקטען אָדער אייגענטום? פערשפּרעכסטו קיינמאָל ניט צו לייגען אדער נארען אין מסחור, אָדער פאר׳ן געריכט, אָדער אין וועלכער עס איז האנדלונג? דו קענסט זאָגען יא אָדער ניין.

„זאָגסטו ניין, געהערסטו צו א געזעלשאפט פון ווילדע. דו האָסט פערלאָזען די חבר׳שאפט פון דער מענשליכער ראסע, און דו שטעהסט אונטער א חשד. דיך קען גאָרנישט בעשיצען. פאר דער קלענסטער בעליידיגונג קען דיך דער ערשטער בעסטער מענש

1) אַלגעמ. אידעע, ז. 235. דער פעדעראטיווער פרינציפ, ז. 64. אלגעמ. אידעע, ז. 343.

דערשלאָגען, און מען וועט איהם העכסטענס קענען משפּט׳ן נור ווי פאר בעגעהן זיך גרויזאם מיט א חיה.

„פערקעהרט אָבער, שווערסטו טרייהייט צו דעם פערבאַנד, דאן געהערסטו צו דער געזעלשאַפט פון פרייע מענשען. אלע דיינע ברידער געהען אריין אין אַן אָבמאַך מיט דיר און פערשפּרעכען דיר טרייהייט און פריינדשאַפט, הילף, דיענסטבאַרקייט און געזעלשאַפטליכען פערקעהר. אין פאַל פון א חטא, פון זייער צד אָדער פון דיינעם, צי בשוגג, צי במזיד, אָדער דורך הייס בלוט, זייט איהר פעראַנטוואָרטליך איינער צום אנדערן פאר דעם היזק, ווי אויך פאר דעם סקאַנדאַל און די אונזיכערהייט וואָס איהר האָט מיטגעבראַכט; און די פעראַנטוואָרטליכקייט קען גרייכען, לויט די ערנסטקייט פון דעם ברעכען די טרייהייט־שבועה, אָדער מחמת די ווידערהאָלונג פון דעם פערברעכען, אזוי ווייט, ביז צו בעקומען דעם פּסק פון ווערען אויסגעשלאָסען, אָדער פון טוידט“.1)

## 4. — שטאַאַט.

1. אזוי ווי פרודאָן האַלט נור פון דער איינציגער געזעצליכער נאָרמע, אז קאָנטראַקטען מוזען אָבגעהיט ווערען, קען ער אָננעהמען נור איין געזעצליכע בעציהונג — די בעציהונג פון צדדים וואָס שליסען א קאָנטראַקט. ער מוז דעריבער נויטיגערווייז פערוואַרפען דעם שטאַאט, ווארים דער שטאַאט ווערט איינגעפיהרט דורך ספּעציעלע געזעצליכע נאָרמען און בינדט, אלס א ניט־פרייווילליגע געזעצליכע בעציהונג, אפילו די וועלכע האָבען גאָר ניט אריינגעטראָטען אין קיין אָבמאַך ניט. פרודאָן, אלזאָ, פערוואַרפט דעם שטאַאַט אַבסאָלוט, אָהן קיין שום תנאי פון צייט אָדער אָרט; ער בעטראַכט איהם זאָגאַר אַלס אַזאַ געזעצליכע בעציהונג, וועלכע זינדיגט געגען די גערעכטיגקייט גאָר אין אַ אונגעוועהנליכען ערך.

„די רעגירונג פון מענשען איבער מענשען איז שקלאַ־

---

1) פרודאָן, „אַלגעמיינע אידעע“, זייט 342-343.

ווערייי".1) „יעדערער וואָס לעגט ארויף זיין האנד אויף מיר כדי מיך צו רעגירען, איז א פערגוואלטיגער און א טיראַן: איך ער־קלער איהם אלס מיין שונא".2) „די הערשאַפט פון מענשען איבער מענשען שטעהט אין יעדער געזעלשאַפט אין א אומגעקעהרטען ערך צו דער גייסטיגער ענטוויקלונג פון דער דאָזיגער געזעלשאַפט, און מען קען אויסרעכנען ווי לאַנג די הערשאַפט וועט נאָך דויערען, לויט דעם מעהר אָדער ווענינער אלגעמיינעם פערלאַנג נאָך אן אמת'ער, ד. ה. א וויסענשאַפטליכער רעגירונג".3)

„קעניגטום איז קיינמאָל ניט געזעצמעסיג. ניט בירושה, ניט דורך וואַהלען אָדער דורך אלגעמיינע שטים־רעכט, ניט דורך דעם הערשער'ס גרויסע מעלות אָדער דורך די פערהייליגונג פון דער רעליגיאָן און פון צייט, קען דאָס קעניגטום ווערען געזעצמעסיג. אין וועלכער פאָרם זי מעג זיך בעווייזען — מאָנארכיש, אָלי־גארכיש אָדער דעמאָקראַטיש — קעניגטום, אָדער די רעגירונג פון מענשען איבער מענשען, איז אונגעזעצליך און אונזיניג".4) כפעציעל די דעמאָקראַטיע „איז מעהר גאָרנישט ווי א קאָנסטי־טוציאָנעלע מוטווויליגע מאַכט, וואָס פערנעהמט דאָס פּלאַץ פון אנאנדער קאָנסטיטוציאָנעלער מוטוויליגער מאַכט; זי האָט ניט קיין וויסענשאַפטליכע ווערדע, און מיר קענען זי העכסטענס נור בעטראַכטען אלס א פּאָרשטופּע פון דער אמת־איינהייטליכער רעפּובליק".5)

„די אויטאָריטעט איז קוים וואָס אָנגעקומען אויף דער ערד, ווי די גאנצע וועלט האָט זיך גענומען ארומרייסען צוליב איהר. אויטאָריטעט, רעגירונג, מאַכט, שטאַאט — די אלע ווערטער בע־דייטען דיזעלביגע זאַך — שטעלט זיך פּאַר יעדען איינעם אלס א מיטעל ווי צו אונטערדריקען און עקספּלואַטירען זיינע מיט־מענשען. אבסאָלוטיסטען, דאָקטרינאָרען, דעמאַגאָגען און סאָצי־

1) פּרודאָן, קאָנפעסיאָנען, ז. 8. 2) דאָרט, ז. 6. 3) וואָס איז אייגענטום? ז. 301. 4) דאָרט, ז. 9-298. 5) די לעזונג פון דער געזעלשאַפט. פּראַגע, ז. 54.

אַליסטען וועגדען נאָכאַנאַנד זייערע אויגען צו דער אויטאָריטעט, ווי צו זייער וועג־ווייזער. אַלע פּאַרטייען אָהן אויסנאַהמע זיינען, לויט דעם ערך וויפיעל זיי שטרעבען נאָך מאַכט, בעזונדערע פאָר־מען פון אַבסאָלוטיזם; און עס וועט ניט געבען קיין פרייהייט פאר די בירגער, עס וועט ניט זיין קיין אָרדנונג אין דער געזעל־שאַפט, קיין איינינקייט צווישען די ארבייטער, ביז וואַנען די אָבלייקענונג פון אויטאָריטעט וועט ניט פערנעהמען אין דעם פּאָ־ליטישען קאַטעכיזם דאָס פּלאַץ פון דעם גלויבען אין דער אויטאָ־ריטעט. קיינע פּאַרטייען, קיין אויטאָריטעט, אבסאָלוטע פרייהייט פון מענשען און בירגער — אָט די דריי ווערטער האַלטען אין זיך איין מיין פּאָליטישען און סאָציאַלען „אני מאמין“.1)

II. די גערעכטיגקייט פאָדערט אַנשטאָט דעם שטאַאט א געזעלשאַפטליך צוזאַמענלעבען פון מענשען, געבויט אויף דעם יסוד פון דער געזעצליכער נאָרמע, אַז קאָנטראַקטען מוזען אָבגעהיט ווערען. דאָס דאָזיגע צוזאַמענלעבען רופט פּרו־דאָן אָן, "אַנארכיע",2) און שפּעטער רופט ער עס אויך פעדע־ראַציאָן".3)

1. נאָכדעם ווי מען וועט אָבשאַפען דעם שטאַאט וועט אַלץ געבען א געזעלשאַפטליך צוזאַמענלעבען פון מענשען. שוין אין׳ם יאָהר 1841 האָט פּרודאָן געזאָגט, אז דער הויפּט פּונקט איז, „צו ענטדעקען א סיסטעם פון פּאָלקאָמענער גלייכהייט, וואו די אַלע

---

1) קאָנפעסיאָנען, ז. 7. 2) וואָס איז אייגענטום? ז. 301; קאָנפעסיאָנען, ז. 68; די לעזונג פון געז. פּראָבלעם, ז. 119. 3) דער פעדעראַטיווער פּרינציפּ, ז. 67. — פּרודאָן׳ס לעהרע איז ניט געווען, ווי דיעהל און צענקער בעהויפּטען, ביז דעם יאָהר 1852 אַנאַרכיזמוס, און פון דאַן אָן און ווייטער פעדעראַליזמוס. זיין אַנאַרכיזמוס איז פון אָנ־הויב אָן געווען דאָס אייגענע וואָס פעדעראַליזמוס, נישט מעהר וואָס ער האָט שפּעטער זיין אַנאַרכיזמוס אויך אָנגערופען מיט׳ן נאָמען פע־דעראַליזמוס.

היינטיגע אינסטיטוציעס א חוץ אייגענטום, ד. ה. א חוץ דעם מיס־ברויך פון אייגענטום, זאָלען ניט נור האָבען אין איהם א פּלאַץ, נור זיי גופא זאָלען זיין די ווערקצייג פון גלייכהייט: אינדיווי־דועלע פרייהייט, די פערטיילונג פון די מעכטען, דער רעגירונגס־ראטה, די געשוואָרענע, די אדמיניסטראטיווע און געריכטליכע אָר־גאניזאציע".1)

מענשען אָבער דארפען זיך האלטען צוזאמען אין געזעלשאפט ניט דורך א וועלכע עס איז העכסטע אויטאָריטעט, נור נישט מעהר ווי דורך די געזעצליך־בינדענדע קראפט פון אָבמאַך. „ווען איך אונטערהאַנדעל מיט איינעם אָדער מעהרערע פון מיינע מיטביר־גער וועגען עפּעס אן עסק, איז גאנץ קלאָר אז מיין ווילען אליין איז דעמאָלט מיין געזעץ; ערפיעלענדיג מיינע התחיבות, בין איך מיר אליין מיין רעגירונג. ווען, אלזאָ, איך קען שליסען דעם קאָנטראַקט מיט אלעמען, אזוי גוט ווי איך קען עס טון מיט איי־ניגע; ווען אָט די אלע וואָלטען קענען טון דאָסזעלבע צווישען זיך; ווען יעדע בירגער־גרופּע, יעדע געמיינדע, בעצירק, פּראָווינץ, קאָרפּאָראַציע, קאָמפּאַניע א. ז. וו. וועלכע זיינען ענטשטאַנען דורך אזא אָבמאַך און ווערען בעטראכט ווי א מאָראַלע פּערזענליכקייט, וואָלטען קענען, אונטער דיזעלביגע בעדינגונגען, פערהאַנדלען מיט יעדערער אין מיט אלע אנדערע גרופּען, דאַן וואָלט עס געווען פּונקט דאָסזעלבע, ווי ווען מיין ווילען וואָלט זיך ווידערהאָלט עד לאין סוף. איך וואָלט דאַן זיכער זיין, אז דאָס געזעץ וואָס ווערט אויף דעם אופן געמאַכט, לויט די פערשיידענע פאָרשלאַגען פון מיליאָנען מענשען, וועגען אלע פּרטים וואָס זיינען נוגע דער רע־פּובליק, וואָלט קיינמאָל ניט געווען עפּעס אנדערס אלס מיין געזעץ; און אויב די דאָזיגע נייע אָרדנונג וואָלט הייסען רעגי־רונג, וואָלט זי געווען מיין רעגירונג. ווען דער רעזשים פון אָבמאַכען וואָלט איינגעפיהרט געוואָרען אַנשטאָט דעם רעזשים פון געזעץ, וואָלטען מיר דאַן געהאַט די אמת'ע רעגירונג פון מענשען

1) וואָס איז אייגענטום? זייט XX־XIX.

און בירגער, די אמת'ע סואווערעניטעט פון פאָלק, די **רעפּובליק**".[1])

„אין דער רעפובליק איז פריי יעדע מיינונג און טהעטיגקייט, אָבער דוקא צוליב דער פערשיידענהייט פון די מיינונגען און טהעטיגקייטען דענקט און האנדעלט דאָס פאָלק ווי איין מענש. יעדער בירגער אין דער רעפובליק, דערמיט וואָס ער טוט ווי ער וויל, און נור ווי ער וויל, נעהמט א דירעקטען אנטייל אין געזעצגעבונג און רעגירונג, פונקט ווי ער נעהמט אַן אנטייל אין דער פּראָדוקציאָן און צירקולאַציאָן פון רייכטימער. דאָ איז יעדער בירגער א קעניג; וואָרים ער האָט דאָ פאָלשטענדיגע מאַכט, ער הערשט און רעגירט. די רעפובליק איז די פּאָזיטיווע אַנארכיע. אין איהר איז די אָרדנונג ניט די הערשערין איבער די פרייהייט ווי אין א קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע, און ניט די תפיסה פון פרייהייט ווי אונטער די פּראָוויזאָרישע רעגירונג. אין איהר איז די פרייהייט אויסגעלייזט פון אלע איהרע פענטעס, אָבערגלויבענס, פּאַראורטיילען, סאָפיזמען, חקירות, אויטאָריטעטען; די פרייהייט איז געגענזייטיג און בעגרעניצט ניט זיך אליין; די פרייהייט איז ניט די טאָכטער, נור די מוטער פון אָרדנונג".[2])

די אַנאַרכיע קען זיך אונז לייכט אויסדרוכטען איז „די העכסטע אונאָרדנונג און דער אויסדרוק פון א כאַאָס. מען דערצעהלט, אז א פאריזער בירגער פון 17טען יאָהרהונדערט, דערהערענדיג אז ווענעדיג האט ניט געהאט קיין קעניג, האָט ער עס אָנגענומען פאר אזא חידוש'דיגען וויטץ, אז ער האָט געמיינט ער וועט פּלאַצען פאר געלעכטער. אָט אזא פּאַראורטייל האָבען מיר".[3]) אנטקעגען דעם שילדערט פּרודאָן ווי דאָס געזעלשאפטליכע צוזאמענלעבען פון מענשען וואָלט קענען פאָרקומען אין דער אַנאַרכיע און ערפיעלען די אויפגאַבען וואָס געהערען איצטער צום שטאַאט.

---

1) אַלגעמיינע אידעע, זייט 235-6. 2) די לעזונג פון געזעלשאַפט. פּראָבלעם, ז. 119. 3) וואָס איז אייגענטום? ז. 341-2.

ער פאנגט אָן מיט א ביישפּיעל. „שוין פון הונדערטער יאָה־רען אז די גייסטליכע מאַכט איז געווען אָבגעטיילט, לויט דער טראַדיציע, פון דער וועלטליכער מאַכט. עס איז אָבער קיינמאָל ניט געווען קיין פאָלשטענדיגע אָבטיילונג, און דעריבער איז צום גרויסען שאָדען פון דער קירכליכער מאַכט און פון די גלויביגע, די צענטראַליזאַציע קיינמאָל ניט געווען גענוגענד. די אָבטיילונג וואָלט קענען זיין א פאָלשטענדיגע, ווען די וועלטליכע מאַכט וואָלט ניט נור זיך ניט געמישט אין די ריין־רעליגיעזע צערעמאָניעס און אין דער רעגירונג פון דער קירכען־געמיינדע, נור ווען זי וואָלט זיך אויך ניט אריינגעמישט אין דעם עסק פון אָנשטעלען בישאָפען. די צענטראַליזאַציע וואָלט געווען א גרעסערע און די רעגירונג א מעהר־רעגעלמעסיגע, ווען דאָס פאָלק פון יעדער קהלה וואָלט געהאַט דאָס רעכט אליין אויסצוקלייבען זייערע גלחים און כהנים אָדער גאָר אויסקומען אָהן זיי; ווען די פּריסטער פון יעדען קיר־כען־קרייז וואָלטען אליין קענען אויסוועהלען זייער בישאָף; ווען די אסיפה פון בישאָפען וואָלטען אליין האָבען די גאַנצע דעה צו רעגולירען די רעליגיעזע עסקים, די טעאָלאָגישע למודים און דעם גאָטעס־דיענסט. דורך אזא אָבטיילונג וואָלטען די גייסטליכע אויפ־געהערט צו זיין א ווערקצייג אין די הענד פון דער פּאָליטישער מאַכט פון טיראַניי איבער'ן פאָלק; דורך אָט די אָנווענדונג פון אַלגעמיינע שטימ־רעכט וואָלט די קירכען־רעגירונג, זיינענדיג צענטראַליזירט אין זיך אליין און בעקומענדיג איהר איינפלוס פון פאָלק, אנשטאָט פון דער רעגירונג אָדער פון פּאַבסט, שטענדיג האַרמאָניזירט מיט די בעדערפעניסען פון דער געזעלשאַפט און מיט דער מאָראַלער און גייסטיגער לאַגע פון די בירגער. כדי אַלזאָ, זיך אומצוקעהרען צו דער וואַרהייט — צו דער אָרגאַנישער, פּאָליטישער, עקאָנאָמישער און סאָציאַלער וואַרהייט — מוזען מיר ערסטענס אָבשאַפען די קאָנסטיטוציאָנעלע מאַכט־אָנהויבונג, דערמיט וואָס מען וועט אוועקנעהמען פון'ם שטאַאט די בעשטע־לונג פון בישאָפען און מען וועט קלאָר אָבטיילען די גייסטליכע פון דער וועלטליכער מאַכט; צווייטענס, אָרגאַניזירען די קירכע

גופא דורך א סיסטעם פון וואהלען אין מדרגות; דריטענס, די ביר־גער־שטימען מוזען זיין די גרונדלאגע פון דער קירכליכער מאכט, אזוי גוט ווי פון אלע אנדערע מעכטען אין שטאאט. דורך אָט דעם סיסטעם וועט דאָס, וואָס היינט איז ר ע ג י ר ו נ ג, זיין מעהר גאָר נישט ווי איינפאכע א ד מ י נ י ס ט ר א צ י ע; גאנץ פראנק־רייך וועט זיין אָרגאניזירט אין אלץ וואָס איז נוגע די קירכליכע פונקציעס; און דאָס גאנצע לאנד וועט דורך דעם פאקט אליין פון זיין וואהל־איניציאטיווע זיך אליין רעגירען אין די גייסטליכע ענינים, אזוי גוט ווי אין די עסקים פון דער וועלט. מען זעהט דער־פון קלאָר, אז אויב מען וואָלט געקענט דאָס גאנצע לאנד אָרגאני־זירען אין אלע וועלטליכע זאכען אויף דיזעלביגע גרונדלאגען, וואָלטען מיר געהאט די פאָלקאָמענסטע אָרדנונג און די קרעפ־טיגסטע צענטראליזאציע און עס וואָלט קיין שמץ ניט געווען פון דאָס, וואָס מיר רופען היינט קאָנסטיטואירטע אויטאָריטעט אָדער רעגירונג".1)

פרודאָן גיט א צווייטען ביישפיעל פון דער אָרדנונג אין דער געריכטליכער אויטאָריטעט. „די געריכטליכע פונקציעס, דורך זייע־רע פערשיידענע ספעציאליטעטען, זייערע ראנגען־מדריגות, זייער פעראייניגונג אונטער איין מיניסטעריום און צוליב דעם וואָס דאָס ריכטער־אמט איז לעבענסלענגליך, ציינען ארויס א קלאָר־אויסגע־שפּראָכענע טענדענץ צו אָבזונדערונג און צענטראליזאציע. זיי זיינען אָבער אויף ק"ין אופן ניט אָבהענגיג פון די וואָס שטעהען אונטער זייער יוריסדיקציע; זיי זיינען אלע אין רשות פון דער עקזעקוטיווער מאכט, וועלכע דאָס פאָלק בעשטימט איין מאָל אין פיער יאָהר און גיט איהר אַן אויטאָריטעט, וואָס קען פאר דער צייט ניט געמינערט ווערען; זיי זיינען ניט אונטערטעניג צום לאנד דורך וואהלען, נור צו דער רעגירונג — צום קעניג אָדער פרעזידענט — דורך בעשטימונג. דערפון קומט ארויס, אז די וועל־כע שטעהען אונטער דער יוריסדיקציע פון א געריכט, ווערען אי־

1) פרודאָן, קאָנפעסיאָנען, זייט 65.

בערגענעבען צו זייערע „נאַטירליכע“ ריכטער פּונקט ווי די דאָרפּס־
לייט זיינען אָבגעגעבען צו זייערע גלחים; אז דאָס פּאָלק געהערט
דעם מאַגיסטראַט, ווי א ירושה; אז די וואָס קומען זיך משפּט'ן
זיינען דעם ריכטער'ס, ניט ער איז זייערער. זאָל מען אָבער אָנ־
ווענדען אַלגעמיינע שטים־רעכט און וואַהלען לויט די מדריגות
בנוגע צו די געריכטליכע עמטער, אזוי גוט ווי צו די קירכליכע;
זאָל מען אָבשאַפען דאָס לעבענסלענגליכע פערבלייבען אין אמט,
וואָס איז כותר דעם וואַהל־רעכט; זאָל מען אוועקנעהמען פון
שטאַאט יעדע ווירקונג און יעדען איינפלוס וואָס ער האָט אויף
די געריכטליכע אינסטיטוציע; זאָל אָט די קערפּערשאַפט, א בע־
זונדער־צענטראַליזירטע אין זיך אליין, ניט אָבהענגען פון קיינעם
ניט א הוץ פון פּאָלק — און איהר וועט גלייך האָבען אוועקגע־
נומען ביי דער מאַכט איהר שטאַרקסטען ווערקצייג פון טיראַניי;
איהר וועט האָבען געמאַכט די גערעכטיגקייט פאַר א פּרינציפּ פון
פרייהייט, אזוי גוט ווי פון אָרדנונג. און אויב איהר נעהמט נור
ניט אָן, אז דאָס פּאָלק פון וועמען יעדע מאַכט דאַרף אָבשטאַמען
דורך אַלגעמיינע שטים־רעכט, ווידערשפּרעכט זיך אליין — אז
דאָס וואָס עס פערלאַנגט אין עניני רעליגיאָן, וויל עס ניט אין
עניני גערעכטיגקייט — קענט איהר זיין בטוח, אז די מאַכט־אָב־
זונדערונג וועט ניט פיהרען צו קיינע מחליקות: איהר מעגט עס
גאַנץ פּעכט אוועקשטעלען פאַר א פּרינציפּ, אז אָבזונדערונג
און גלייכגעוויכט האָבען פון איצט אָן אין ווייטער די־
זעלבע בעדייטונג“.[1]

פּרודאָן געהט דאן איבער צו דער אַרמעע, צום טאַריף, צו די
דעפּאַרטאַמענטען פון לאַנד־ארבייט און פון קאָמערציע, צו די
עפענטליכע ארבייטען, פאָלקס־שולען און די פינאַנצען: פאַר אָט
די אַלע אַדמיניסטראַציעס פאָדערט ער זעלבסטשטענדיגקייט און
צענטראַליזאַציע אויפ'ן יסוד פון אַלגעמיינע שטים־רעכט.[2]

---

1) קאָנפעסיאָנען, זייט 65־66. 2) דאָרט ז. 66־68.

„כדי א פאָלק זאָל זיך קענען ארויסווייזען אין זיין איינהייט, מוז עס זיין צענטראליזירט אין זיין רעליגיאָן, אין זיינע אָנשטאַל־טען פון גערעכטיגקייט, אין זיין ארמעע, אין זיין אקערבוי, אינ־דוסטריע, און האנדעל, אין זיינע פינאנצען — מיט איין וואָרט, עס מוז זיין צענטראליזירט אין אלע זיינע פונקציעס און טהעטיג־קייטען: די צענטראליזאציע מוז זיך אָבער אויסארבייטען פון אונ־טען ארויף־צו, פון די פעריפעריען צום צענטער־צו, אלע פונקציעס מוזען זיין אונאָבהענגיג און יעדערע פאר זיך מוז זיך אליין רעגירען.

„ווילט איהר דאן ניט אנדערש, אז אָט די אונזיכטבארע איינ־הייט זאָל ווערען בעמערקבאר דורך א ספּעציעלען אָרגאן, לאָזען, הייסט עס, דאָס געשטאלט פון דער אלטער רעגירונג? נעהמט און שטעלט צונויף א גרופּע פון די קעפּ פון אָט די אלע אדמיניסטרא־ציעס, וועט איהר האָבען אייער קאבינעט, אייער עקזע־קוטיווע, וועלכער וועט גאנץ גוט קענען אויסקומען אָהן א שטאאט־ראטה אויך.

„זעצט ארויף איבער אלע די א געשוואָרענעם גרויס־געריכט, א לעגיסלאטור, אָדער נאציאָנאל־פערזאמלונג, וואָס זאָל דירעקט בעשטימט ווערען פון גאנצען לאנד, וועמעס עובדא זאָל זיין, ניט א שטייגער צו בעשטימען די מיניסטאָרען — דאָס וועלען די קרייז־וועהלער אליין טון — נור דורכצוזעהן די רעכענונגען, מאכען די געזעץ, בעשטימען דעם בוזשעט, בעשליסען די מחליקות צווישען די אדמיניסטראציעס, אלץ נאָכדעם ווי זיי וועלען האָבען אויסגע־הערט די ראפּאָרטען פון דעם „עפענטליכען דעפּארטאמענט", אָדער פון דעם „דעפּארטאמענט פאר אינערליכע אנגעלעגענהיי־טען", פון וועלכען די גאנצע רעגירונג וועט דעמאָלט בעשטעהן — און איהר וועט האָבען א צענטראליזאציע, וועלכע וועט זיין אלץ שטארקער, וואָס מעהר איהר וועט פערפיעלפאכען איהרע קוואַ־לען; א פעראנטוואָרטליכקייט, וועלכע וועט אלץ מעהר ממשות האָבען, וואָס שארפער עס וועט זיין די אָבזונדערונג צווישען די

פערוואַלטונגען: איהר וועט האָבען א קאָנסטיטוציע, וועלכע וועט זיין אי א פּאָליטישע, אי א סאָציאַלע".[1])

## 5. — אייגענטום.

אזוי ווי פּרודאָן סאַנקציאָנירט נור די איין־איינציגע געזעצליכע נאָרמע, אז קאָנטראַקטען מוזען אָבגעהיט ווערען, קען ער האַלטען נור פון איין געזעצליכער בעציהונג — די בעציהונג צווישען די וואָס שליסען דעם אָבמאַך. ער מוז דעריבער נויטיגערווייז פערוואַרפען דאָס אייגענטום, אזוי גוט ווי דעם שטאַאט, וואָרים דאָס אייגענטום איז דאָך איינגעפיהרט דורך בעזונדערע געזעצליבע נאָרמען, און אלס א ניט־פרייוויליגע געזעצליכע בעציהונג בינדט עס אפילו אזוינע מענשען, וועלכע זיינען אויף קיין אופן ניט אריינגעטראָטען אין דעם אָבמאַך. ער פערוואַרפט טאַקי דאָס אייגענטום[2]) גאָר אָהן שום תנאים, און אָהן וועלכער עס איז בעגרעניצונג פון צייט אָדער אָרט; נאָך מעהר, אייגענטום ווייזט זיך איהם אויס איז אַזאַ מין געזעצליכע בעציהונג, וועלכע איז ספּעציעל צו־ווידערליך דער גערעכטיגקייט.

„לויט דער דעפיניציאָן פון וואָרט אייגענטום מיינט עס, דאָס רעכט צו געברויכען און צו מיסברויכען; דאָס הייסט, די אַבסאָלוטע, אונפעראַנטוואָרטליכע הערשאַפט פון מענשען איבער זיין פּערזאָן, און זיינע גיטער. ווען אייגענטום וואָלט אויפגעהערט צו זיין דאס רעכט צו מיסברויכען, וואָלט עס אויפגעהערט צו זיין אייגענטום. האָט דען ניט דער אייגענטימער דאָס רעכט אוועק־צוגעבען זיינע גיטער וועמען ער וויל, לאָזען זיין שכן רוהיג אָבברענען, האַנדלען געגען די אינטערעסען פון כלל, פערשווענדען זיין פערמעגען, עקספּלואַטירען און בערויבען דעם ארבייטער, פּראָדו־

---

1) קאָנפעסיאָנען, זייט 68. 2) פּפּאָ, אַדלער און צענקער האָבען פערזעהען אָט דעם פּונקט מחמת דעם ניט־ריכטיגען זין, אין וועלכען פּרודאָן געברויכט דאָס וואָרט אייגענטום, אַלס אַ טייל גיטער וואָס איז גאַראַנטירט על פּי קאָנטראַקט.

צירען שלעכטע וואארע און זיי שלעכט פערקויפען? קען דאָס געריכט איהם צווינגען צו געברויכען זיין אייגענטום ווי עס בעדארף צו זיין? קען עס איהם שטערען ניט צו מיסברויכען עס? וואָס איז דאָ צו רעדען? איז ניט דאָס אייגענטום טאקי דעריבער די הייליגסטע זאך אויף דער וועלט פאר דעם געזעצגעבער, ווייל עס קען מיסברויכט ווערען? קען זיך ווער עס איז פאָרשטעלען אן אייגענטום וואָס די פּאָליציי זאָל בעשטימען ווי עס צו געברויכען, און וואָס זי זאָל ניט דערלאָזען עס זאָל מיסברויכט ווערען? איז עס ענדליך דען ניט קלאָר, אז ווען מען וואָלט זיך גענומען איינפיהרען גערעכטיגקייט אין אייגענטום, וואָלט מען דערמיט פערניכטעט דאָס אייגענטום, אקוראט ווי דאָס געזעץ, וואָס האָט איינגעפיהרט אנשטענדיגקייט אין דער קעפּס־ווייבעריי האָט דערמיט פערניכטעט די קעפּסווייבעריי? 1)

„מענשען גנב'נען: ערסטענס, ווי רויבער וואָס בעפאלען אויפ'ן וועג; צווייטענס, איינציגווייז אָדער אין א באנדע; דריטענס, זיך אריינברעכענדיג ביי יענעם אין הויז; פיערטענס, פערכאפּענדיג יענעמס געלד; פינפטענס, דורך א בעטריגערשען באנקראָט; זעכסטענס, פעלשענדיג יענעמס נאָמען; זיבעטענס, מאַכענדיג פאלש געלד; אכטענס, גנב'נען פון קעשענע; נייטענס, דורך שווינדעל; צעהנטענס, דורך אונטרייהייט; עלפטענס, אין קאָרטען אָדער לאָטעריי שפּיעל. צוועלפטענס, דורך וואָכער־פּראָצענט. דרייצעהנטענס, נעהמענדיג רענט. פיערצענטענס, אין קאָמערציע, ווען די פּראָפיטען זיינען גרעסער וויפיעל עס איז אן עהרליכער לוין פאר דעם סוחר'ס ארבייט. פונפצעהנטעס, ווען מען פערקויפט אן אייגענעם פּראָדוקט צו־טייער, און ווען מען נעהמט אָן א סינעקור (א שטעלע לפנים) און מען לאָזט זיך בעצאָהלען א פעטען געהאלט". 2) „ביי גניבות וועלכע די געזעץ פערבאָטען קומען פאָר געוואלט און בעטרוג גאנץ אָפען; ביי ערלויבטע

---

1) ווידערשפּרוכען, 2טען באנד, ז. 303-4. 2) וואָס איז אייגענטום? ז. 285-290.

גניבות זיינען זיי בעהאַלטען אונטער א צודעק פון עפּעס נוצ־באַרעס, וואָס זיי געברויכען ווי א פּאַרטעל כדי צו בערויבען זייער קרבן. דעם דירעקטען געברויך פון געוואַלט און רויב האָט מען שוין פון לאַנג איינשטימיג אָוועקגעוואָרפען: קיין פאָלק איז אָבער אַזוי וויט נאָך ניט געקומען עס זאָל קענען זיך בעפרייען פון די גניבות, וואָס זיינען פערבונדען מיט טאַלאַנט, ארבייט און בעזיץ".1) אין אָט דעם זין איז אייגענטום „גניבה",2) די „עקספּלואַטאַציע פון שוואַכען דורכ'ן שטאַרקען",3) „כנגד דעם יושר",4) „דער זעלבסט־מאָרד פון דער געזעלשאַפט".5)

II. די גערעכטיגקייט פאָדערט אויף דעם אָרט פון אייגענטום, אַ צוטיילונג פון גיטער, וואָס איז בעגרינדעט אויף דער געזעצליכער נאָרמע, אז קאָנטראַקטען מוזען אָב־געהיט ווערען.

פּרודאָן רופט אָן אייגענטום דאָס טייל פון גיטער, וואָס עס קומט דעם יחיד על פּי קאָנטראַקט. אין 1840 האָט ער געפאָדערט מען זאָל איינפיהרען דעם אינדיווידואַל־בעזיץ אויף דעם אָרט פון אייגענטום; דורך אָט די איין ענדערונג וואָלטען אַלע צרות פער־שוואונדען פון דער ערד.6) אין דעם יאָהר 1841 אָבער ערקלערט ער שוין, אַז אונטער אייגענטום פערשטעהט ער נור דעם מיס־ברויך פון דעם.7) נאָך מעהר, אפילו דאַן האָט ער שוין געהאַלטען פאַר נויטיג די איינפיהרונג פון א געזעלשאַפטליך סיסטעם, וואָס זאָל קענען גלייך אָנגעווענדט ווערען, און אין וועלכען עס זאָל זיך איינגעפינען דאָס רעכט פון קויפען און בייטען, דאָס רעכט פון ירושה פאַר קרובים, דאָס רעכט פון בכורה און דאָס רעכט אָבצוזאָגען דעם פערמעגען אין א צואה.8) אין 1846 זאָגט ער: „עס וועט קומען א צייט, ווען דאָס איבערגעשטאַלטעטע אייגענטום וועט ווערען א פּאָזיטיווער, פאָלשטענדיגער, געזעלשאַפטליכער און

1) וואָס איז אייגענטום? ז. 293. 2) ז. 1-2. 3) ז. 283. 4) דאָרט, ז. 311. 5) ז. 311. 6) ז. 311. 7) דאָרט, ז. XVIII-XIX. 8) דאָרט, ז. XX.

אמת׳ער גערעאנק; א נייע אייגענטום וועט אויפשטעהען אויף דעם אָרט פון דאָס אלטע, וואָס וועט זיין ווירקליך און גוט פאר אלע־מען".1) אין 1848 ערקלערט ער: „דאָס אייגענטום, אויף ווי ווייט זיין גרונדלאגע און זיין אינהאלט שטעלט צונויף די פערזענליכ־קייט, וועט קיינמאָל ניט בטל ווערען. אלס א שטענדיגער סטימול צו ארבייט, אלס א געגענקראפט, אָהן וועלכער די ארבייט וואָלט מאַט ווערען און שטארבען, מוז עס אויביג בלייבען אין מענ־שען׳ס הארץ".2)

און אין 1850 זאָגט ער זיך ארויס גאנץ דייטליך: וואָס איך האָב געוואָלט, פערטייטשענדיג אייגענטום, און וואָס איך וויל איצ־טער, איז ניט א צערשטערונג: איך בין שוין מיעד געוואָרען דאָס איבערחזרנדיג. דאָס וואָלט געמיינט אריינפאלען צוזאמען מיט רוססא, מיט פלאַטאָן, אפילו מיט לואי בלאַן און מיט אלע געג־נער פון אייגענטום, אין דעם קאָמוניזמוס, אַנטקעגען וועלכען איך פּראָטעסטיר מיט מיין גאַנצער קראפט. וואָס איך פאָדער בנוגע דעם אייגענטום איז א ב א ל א נ ס",3) ד. ה. — „גערעכטיגקייט".4)

אין אָט די אלע ערקלערונגען מיינט אייגענטום קיין אנדער זאַך ניט אויסער יענעם חלק פון גיטער, וואָס געהערט דעם יחיד אויפ׳ן יסוד פון אָבמאַכען, אויף וועלכע די געזעלשאפט דארף זיין געבויט.5) דאָס אייגענטום וואָס פרודאָן סאַנקציאָנירט קען ניט זיין קיין ספּעציעלע געזעצליכע בעציהונג, נור נישט מעהר ווי א מעגליך טייל פון דער איין־איינציגער געזעצליכער בעציהונג אויף וועלכער ער איז מסכים — די בעציהונג פון אַן אָבמאַך. דער דאָ־זיגער בעגריף קען ניט געבען קיין בעשיצונג אנטקעגען א גרופּע מענשען, וועלכע ווערט בעשטימט דורך געזעצליכע נאָרמען, נור אנטקעגען א גרופּע מענשען, וועלכע האָבען זיך געגענזייטיג פער־

1) ווידערשפּרוכען, 2 באַנד, ז. 234-5. 2) דאָס רעכט אויף ארבייט א. ז. וו. ז. 50. 3) וועגען גערעכטיגקייט, 1 באַנד, ז. 302-3. 4) דאָרט, ז. 303. 5) אלג. אידעע, ז. 235; פעדעראַ־טיוו פּרינציפּ, ז. 64.

זיכערט מיט א חלק גיטער על פּי קאָנטראַקט. פּרודאָן, אלזאָ, געּ־ברויכט דאָ דאָס וואָרט אייגענטום אין אַן אונפּינקטליכען זין; אין דעם אייגענטליכען זין קען אייגענטום בעדייטען נור א חלק גיטער, וואָס ווערט בעזונדער צוגעטיילט אין א ניט־פּריוויליגער געזעצליכער בעציהונג, דורך געוויסע געזעצליכע נאָרמען.

ווען פּרודאָן פאָדערט אים נאמען פון גערעכטיגקייט א געּ־וויסע פערטיילונג פון אייגענטום, מיינט עס, לויט דעם זין, קיין אנדער זאַך ניט ווי נור, אז די אָבמאַכען אויף וועלכע די געזעל־שאַפט דארף געבויט ווערען, זאָלען ענטהאַלטען א געוויסע בעּ־שטימונג בנוגע צו דער פערטיילונג פון די גיטער. און דער אופן לויט וועלכען זיי זאָלען עס בעשטימען איז אָט דער — אז יעּ־דער מענש זאָל האָבען דעם פּראָדוקט פון זיין ארבייט.

1. „לאָמיר זיך פאָרשטעלען די רייכטימער ווי א מאַססע, וואָס האַלט זיך בעשטענדיג צוזאַמען דורך א כעמישע קראַפט, צו וועלכער עס קומען נאָכאַנאַנד צו נייע עלעמענטען, וועלכע קאָמ־בינירען זיך אין פערשיידענע פּראָפּאָרציעס, אָבער תמיד לויט א בעשטימטען געזעץ. די פּראָפּאָרציע אָדער די מאָס, לויט וועלכער יעדער פון די עלעמענטען ווערט א טייל פון דאָס גאנצע, איז — דער ווערטה“.[1] „איך נעהם אָן, הייסט עס, א קראַפט, וועלכע קאָמבינירט די עלעמענטען פון רייכטום אין בעשטימטע פּראָ־פּאָרציעס און מאכט פון זיי אלעמען א איינפאָרמיגע מאַססע“[2] „די דאָזיגע קראַפט איז — ד י א ר ב י י ט. עס איז די ארבייט און נ ו ר די ארבייט, וועלכע שאַפט אלע עלעמענטען פון רייכ־טום און קאָמבינירט זיי ביז'ן לעצטען מאָלעקול לויט א פערענ־דערליכען אָבער בעשטימטען געזעץ פון פּראָפּאָרציאָן־מעסיג־קייט“.[3] „יעדער פּראָדוקט איז א צייכען וואָס שטעלט מיט זיך פאָר ארבייט“.[4]

„יעדער פּראָדוקט קען דעריבער אויסגעביטען ווערען פאַר

1) ווידערשפּרוכען, באַנד 1, זייט 51. 2) ז. 53. 3) ז. 55. 4) ז. 68.

אנאנדערען".1) „ווען אָבער דער שניידער לאָזט זיך געבען פאר זיין איין טאָג ארבייט צעהן פון דעם וועבער'ס ארבייטס טעג, איז עס אקוראט ווי דער וועבער וואָלט אוועקגעגעבען צעהן טעג פון זיין לעבען פאר דעם שניידער'ס איין טאָג. פונקט דאָס אייגענע פאסירט ווען א בויער בעצאָהלט דעם אדוואָקאט צוועלף פראנק פאר אָנשרייבען א דאָקומענט וואָס געדויערט איין שטונדע: אָט די אונגלייכהייט, די אונגערעכטיגקייט אין טויש האנדעל איז די שטארקסטע אורזאך פון אָרימקייט. יעדער פעהלער אין דער גע־רעכטיגקייט פון בייט איז אַן אויפאָפּפערונג פון דעם ארבייטער, עס איז פונקט ווי מען וואָלט איבערגיסען איין מענשען'ס בלוט אין אנאנדער מענשען'ס קערפּער".2)

„וואָס איך פאָדער בנוגע צו דעם אייגענטום איז א ב א־ ל א נ ס, א וואָג. ניט אומזאָנסט האָט דער גייסט פון די פעלקער געגעבען דער גערעכטיגקייט אָט אזא אינסטרומענט פון פּינקטליכ־ קייט אין די הענד. די גערעכטיגקייט אָנגעווענדט אויף דער עקאָ־ נאָמיע איז אין פאקט נישט מעהר ווי אַן אייביגע וואָג; אָדער, נאָך גענויער זיך אויסצודריקען, די גערעכטיגקייט בנוגע צו דער פער־ טיילונג פון גיטער איז נישט מעהר ווי א חוב, וואָס ליעגט אויף יעדען בירגער און אויף יעדען קהל, צו פיהרען זיך אין זייערע געשעפטליכע שיכות'ן לויט יענעם געזעץ פון גלייכגעוויכט, וועלכער בעווייזט זיך אומעדום אין ווירטהשאפטליכען לעבען, און וואָס דאָס עובר זיין אויף איהם בשוגג אָדער במזיד איז דער גרונד פּרינציפּ פון אָרימקייט".3)

2. כדי יעדער מענש זאָל קענען געניעסען דעם ערטראג פון זיין ארבייט, איז נאָך פּרודאָן'ען נאָך מעגליך נור באופן פון גע־ געניזייטיגקייט; און דעריבער רופט ער אָן זיין לעהרע, „די טעאָריע פון מוטואליטעט".4) „די געגענזייטיגקייט דריקט זיך אויס אין

---

1) ווידערשפרוכען, באנד 1, ז. 68. 2) ז. 83. 3) וועגען גערעכטיגקייט, באנד 1, ז. 302-3. 4) ווידערשפרוכען, באנד 2, ז. 528.

דעם געבאָט: „טהו פאר אנדערע וואָס דו וואָלסט וועלען מען זאָל טון פאר דיר", א געבאָט וועלכען די פּאָליטישע עקאָנאָמיע האָט איבערזעצט אין איהר בעריהמטער פאָרמולע: „פּראָדוקטען בייטען זיך אויף פּראָדוקטען". די צרה וועלכע עסט אונז אויף, נעהמט זיך פון דעם פאקט, וואָס מען אָנערקענט ניט, וואָס מען איז עובר, אויף דעם דאָזיגען געזעץ פון גענענזייטיגקייט. די איינציגע רפואה ליעגט נור אין דער בעקאנטמאכונג פון אָט דעם געזעץ. די אָרגאניזאציע פון אונזערע מיטועלע, געגענזייטיגע בעציהונגען — אין דעריין בעשטעהט דער גאנצער סוד פון דער סאָציאַלער וויסענשאפט".1)

אין זיין ערנסטע אויפקלערונג צו דער קאָנסטיטוציע פון דער פּאָלק׳ס־באנק, ערסטער אויפלאגע, גיט אָב פּרודאָן פאָלגענדע פערזיכערונג: „איך פּראָטעסטיר, אז איך האָב קיינמאָל ניט געמיינט, בעת איך האָב קריטיקירט דאָס אייגענטום, אָדער בעסער צו זאָגען, דעם כלל אינסטיטוציעס פון וועלכע אייגענטום איז דער מיטעלפּונקט, צו אטאקירען די אינדיווידועלע רעכט, וואָס זיינען אָנערקענט פון פריהערדיגע געזעץ, אָדער צו בעשטרייטען די בערעכטיגונג פון ערוואָרבענע בעזיצטימער, אָדער ארויסצורופען א קאפּריזנע פערטיילונג פון גיטער, אָדער צו געהן כנגד דאָס פרייע און רעגעלמעסיגע ערווערבען פון אייגענטימער דורך מסחר. איך האָב אפילו קיינמאָל ניט געוואָלט עס זאָל פון דער רעגירונג זיין פערבאָטען צו נעהמען ערד־רענט אָדער צינזען אויף קאפּיטאל. איך דענק, אז אָט די אלע ערשיינונגען פון מענשליכער טהעטיגקייט דארפען בלייבען פריי, לויט דעם גוטען ווילען פון יעדען איינעם. איך וואָלט ניט וועלען קיין אנדער ענדערונג, בעשרענקונג אָדער אונטערדריקונג פון די דאָזיגע טהעטיגקייטען, א חוץ נור וואָס עס מוז נאטירליכערהייט און נויטיגערווייז קומען פון דער אַלגעמיינער אָנווענדונג פון דעם פּרינציפּ פון געגענזייטיגקייט און פון דעם סינטעטישען געזעץ, וואָס איך שלאָג פאָר. דאָס

1) די אָרגאַניזאַציע פון קרעדיט א. ז. וו. ז. 5.

איז מיין לעצטער ווילען און צואה. איך ערלויב צו צווייפלען אין מיין אויפריכטיגקייט נור דעם, וועלכער איז פעהיג צו זאָגען א ליגען א מינוט פאר'ן טוידט".1)

6. — פערווירקליכונג.

די ענדערונג וואס די גערעכטיגקייט פאָדערט דארף קומען דורך דעם, וואָס די וועלכע האָבען אָנערקענט די וואָרהייט זאָלען איבערצייגען אַנדערע מענשען ווי נויטיג די ענדערונג איז פאַר דעם קיום פון גערעכטיגקייט, און אַז דורך דעם וועט דאָס געזעץ פון זיך אליין קריגען אַנאַנדער פנים, שטאַאַט און אייגענטום וועלען בטל ווערען, און דער נייער צושטאַנד וועט מקוים ווערען. דער נייער צושטאנד וועט אָנקומען „אזוי באלד ווי די אידעע וועט ווערען פאָפולער"2) „און כדי ער זאָל אָנקומען, מוזען מיר די אידעע מ א כ ע ן פאָפולער".3)

I. מען דארף מעהר גאָר נישט ווי נור איבערצייגען מענשען, אז די גערעכטיגקייט הייסט די ענדערונג קומען.

1. פרודאָן ווארפט אוועק אלע אנדערע מעטאָדען. זיין לעהרע „געהט ניט כנגד דער קאָנסטיטוציע און די געזעץ".4) „מען זאָגט אונז, מאכט איהר נור די רעוואָלוציע, די אויפקלערונג וועט שוין קומען דערנאָך. אָבער די רעוואָלוציע גופא איז דאָך נישט מעהר ווי אַן אויפקלערונג פון די מחות".5) „בעקומען פאר זיך גערעכטיגקייט דורך בלוטפערגיסונג איז א נויט-פאַל, פאר וועלכע די אָקאָרסט אָנגעלאָפענע גאָלד-זוכער אין קאליפאָרניע מוזען זיך אָנבאפען; אונז דאָ זאָל שוין פראַנקרייך'ס מזל אויסהיטען פון דעם!"6)

„טראָץ דער געוואלט וואָס מיר זעהען שטענדיג צו, גלויב איך ניט, אז די פרייהייט וועט זיך שפעטער נויטיגען אָנצו-ווענדען

---

1) פאָלקסבאַנק, זייט 3-4. 2) וועגען גערעכטיגקייט, באַנד 1, ז. 515. 3) דאָרט. 4) קאָנפעסיאָנען, ז. 71. 5) וועגען גערעכטיגקייט, באַנד 1, ז. 515. 6) דאָרט, ז. 466.

געוואלט, כדי אויפצומאָהנען איהרע רעכט און נקמה נעהמען פאר דעם אונרעכט. מיט'ן שכל וועלען מיר בעסער אויספיהרען: די גרעסטע פונקט ווי די רעוואָלוציע קען מען נישט גובר זיין".1)

2. ווי אזוי אָבער זאָלען מיר די מענשען איבערצייגען, „ווי אזוי זאָלען מיר פּאָפּולער מאכען די אידעע, ווען די בורזשואזיע פערפאָלגט אונז; ווען די בעפעלקערונג, וועלכע איז ברוטאליזירט דורך די קנעכטשאפט און פול מיט פאָראורטיילען און שלעכטע אינסטינקטען, איז נאָך אלץ פערזונקען אין גלייכגילטיגקייט; ווען די פּראָפּעסאָרען, די אקאדעמיקער, די פּרעסע, פערלוימדען אונז; ווען די געריכטען בעגעהען זיך מיט אונז מערדעריש; ווען די רעגירונג פערשטיקט אונזער קול? נור ניט געזאָרגט! פונקט ווי דער דוחק אויף אידעען מאכט איינעם פערלירען די זיכערסטע אונטערנעהמונגען, אזוי, פערקעהרט, ברייננגט דער קאמפּף געגען די אידעען אלץ מעהר פּאָרוועדטס די רעוואָלוציע. זעהט איהר דען ניט שוין איצט, אז דער רעזשים פון אויטאָריטעט, פון אונגלייכהייט, פון מזל, פון עולם הבא און פון „שטאאט-רעזאָנען", ווערט וואָס פון טאָג אלץ מעהר אונערטרעגליך פאר די וואָהלהאבענדע קלאסען, וועמעס געוויסען און פערשטאנד עס מאטערט, נאָך מעהר אפילו ווי די גרויסע מאסען, וועמעס מאָגען עס געוואלטעוועט אנטקעגען דעם?"2)

3. דאָס ווירקזאמסטע מיטעל, נאָך פּרודאָן'ס מיינונג, ווי צו איבערצייגען מענשען, איז צו געבען דעם פאָלק, לעבענדיג אין שטאאט און ניט איבערטרעטענדיג זיינע געזעץ, „א ביישפּיעל פון פרייוויליגער, אונאָבהענגיקער און געזעלשאפטליכער צענטראליזאציע", און אויף דעם אופן שוין איצט אָנווענדען די פּרינציפּען פון דעם צוקינפטיגען בנין פון דער געזעלשאפט.3) „וועקט אויף די קאָלעקטיווע טהעטיגקייט, אָהן וועלכע דעם פאָלק'ס לאגע וועט אייביג זיין א טרויעריגע און זיינע כחות וועלען אייביג אוועק-

1) וועגען גערעכטיגקייט, באנד 1, זייט 1-470. 2) דאָרט, ז. 515. 3) קאָנפעסיאָנען, ז. 69.

געהן לאיבוד. לערנט איהם שאַפען רייכטימער און ארדנונג מיט זיינע אייגענע הענד, אָהן די הילף פון זיינע בעלי בתים".1)

פרודאָן האָט געזוכט אזא ביישפּיעל דורך די גרינדונג פון דער פאָלקס־באַנק.

די פאָלקסבאַנק האָט געזאָלט „פערזיכערען ארבייט און וואָהל־זיין פאר אלע פּראָדוצירער, אָרגאַניזירענדיג זיי אין זייער שייכות איינע צו די אנדערע אלס אָנהויב און סוף פון פּראָדוקציאָן — ד. ה. אלס קאַפּיטאַליסטען און אלס קאָנסומענטען".2)

„די פאָלקסבאַנק דארף זיין דאָס אייגענטום פון אלע בירגער וועלכע נעהמען אָן איהרע נוצען, וועלכע לעגען אין איהר אריין פאר דעם צוועק זייער געלד, אויב זיי דענקען אז פאר דער ערסטער צייט וועט זי ניט קענען אויסקומען אָהן א געלד־קאַפּיטאַל, און וועלכע פערשפּרעכען יעדענפאַלס זי צו שטיצען מיט זייער דיס־קאָנט, און נעהמען אָן איהרע פּאַפּירען פאר מזומן. די פאָלקס־באַנק ארבייטענדיג אויף דעם אופן פאר די פּראָפּיטען פון איהרע קונדען אליין, דארף ניט נעהמען קיין פּראָצענט פאר די הלואות וואָס זי גיט, און דארף ניט רעכענען קיין דיסקאָנט אויף האנ־דעלס פּאַפּירען; זי דארף נור רעכענען א גאַנץ קליינעם בעטראַג פאר שכירות און הוצאות. דער קרעדיט ווערט אָט אזוי פריי. און האָט מען איינמאָל פערווירקליכט דעם פּרינציפּ, ענטוויקלען זיך שוין די פאָלגען עד לאין סוף".3)

„די פאָלקסבאַנק, אלזאָ, געבענדיג א ביישפּיעל פון אייגענער איניציאַטיווע אין רעגירונג און אין עקאָנאָמיע, וועלכע דארפען מהיום והלאה זיין פערייניגט אין איין סינטעז, וועט ווערען פאר'ן פּראָלעטאַריאַט אין דערזעלבער צייט אי דער פּרינציפּ, אי דאָס מיטעל פון זייער עמאַנציפּאַציע; עס וועט שאַפען פּאָלי־טישע און אינדוסטריעלע פרייהייט. און אזוי ווי יעדע פילאָזאָפיע און יעדע רעליגיאָן איז דער מעטאַפיזישער אָדער סימבאָלישער אויסדרוק פון דער געזעלשאַפטליכער עקאָנאָמיע, איז דעריבער

---

1) קאָנפעסיאָנען, זייט 72. דאָרט, ז. 69. 3) ז. 69-70.

וועט די פאָלקסבאַנק, וואָס בייט איבער דעם מאַטעריעלען יסוד פון דער געזעלשאפט, אריינפיהרען די רעוואָלוציע פון פילאָזאָפיע און רעליגיאָן. אזוי וועלען זי איהרע גרינדער צום ווענינסטען האָבען בעגריפען".[1]

מיר וועלען דאָס אלעס אם בעסטען קענען קלאָר מאכען, בריינגענדיג עטליכע בעשטימונגס פונקטען פון דער קאָנסטיטוציע פון דער דאָזיגער פאָלקסבאַנק.

ארטיקעל 1. דאָ דערמיט ווערט געגרינדעט א האנדעלס געזעלשאפט אונטער דעם נאָמען די פאָלקסבאַנק געזעלשאפט. די מיטגליעדער זיינען: דער בירגער פרודאָן און די פערזאָנען וועלכע שטימען איין צו דער קאָנסטיטוציע, קויפענדיג די אקציען פון דער געזעלשאפט.

ארטיקעל 3. .... לעת עתה וועט די געזעלשאפט זיין א שותפות־זאך, אין וועלכער דער בירגער פרודאָן איז דער הויפט־שותף, און די אנדערע וואָס וועלען זיך דעריין בעטייליגען וועלען זיין בעגרעניצטע שותפים, וועלכע דארפען אויף קיין פאל ניט זיין פעראנטוואָרטליך אויף מעהר ווי דעם בעטראף פון זייערע אקציען.

ארט. 5. .... דער נאָמען פון דער פירמא איז פ. זש. פרודאָן עט קאָמפּ.

ארט. 6. א חוץ די אייגענטליכע מיטגליעדער פון דער געזעלשאפט, בעט מען יעדען בירגער אריינטרעטען אין דער פאָלקס־באַנק ווי א מיטארבייטער. דערצו איז גענוג איינצושטימען צו דער קאָנסטיטוציע פון'ם באַנק און אָננעהמען די באַנק־נאָטען.

ארט. 7. אזוי ווי די פאָלקסבאַנק געזעלשאפט האָט בכח זיך אויסצושפרייטען אָהן א סוף, קען זי דעריבער דויערן אייביג. כדי אָבער צו זיין געזעצליך, מוז זי בעשטימען איהר לעבענסדויער אויף 99 יאָהר, אָנהויבענדיג רעכענען פון דעם דאטום פון איהר פאקטישער אָרגאַניזירונג.

ארט. 9. .... אזוי ווי די פאָלקסבאַנק איז געבויט אויפ'ן

---

[1] קאָנפעסיאָנען, זייט 70.

י ס ו ד פון פרייען קרעדיט און אויסטויש, מיט דעם צ ו ו ע ק, ניט פון פראָדוקציאָן, נור פון צירקולאציאָן פון וואארע און איהרע מ י ט ל ע ן זיינען די אחדות פון די פּרדוציר ער און די פערברויכער, קען און דארף זי דעריבער ארבייטען אָהן קאפּיטאל.

דאָס ציעל וועט זיין געגרייכט ווען די גאנצע מאסע פּראָדוצירער וועלען איינשטימען מיט דער קאָנסטיטוציע פון דער געזעלשאפט. ביז דאן אָבער, אזוי ווי די פאָלקסבאנק מוז נאָכקומען די איינגעפיהרטע מנהגים און די פאָדערונגען פון געזעץ, און בפרט כדי צו געווינען וואָס מעהר מיטארבייטער, וועט זי זיך איינשאפען א קאפּיטאל.

ארט. 10. דאָס קאפּיטאל פון דער פאָלקסבאנק דארף זיין 5 מיליאָן פראנק צוטיילט אין אקציען פון 5 פראנק יעדער. די געזעלשאפט זאָל זיין ענדליך אָרגאניזירט און אָנהויבען איהרע געשעפטען, ווען צעהן טויזענד אקציען וועלען זיין פערקויפט.

ארט. 12. אקציען זאָלען ווערען ארויסגעגעבען נור „א פּאר" (ד. ה. ניט אונטער דעם אָנגעגעבענעם פּרייז) און צאָהלען ניט קיינע דיווידענדען.

ארט. 15. די הויפּט געשעפטען פון דער פאָלקסבאנק זיינען 1) ארויסלאָזען באנק-נאָטען כדי צו פערגרעסערן די סומע פון מזומן; 2) דיסקאָנטירען האנדעלס-וועקסלען וואָס האָבען צוויי אונטערשריפטען; 3) דיסקאָנטירען קאָמיסיאָנען און פּאפּיערען אויף ארויסגעשיקטע סחורות; 4) הלואות אויף פערזענליכען אייגענטום (מטלטלין); 5) הלואות אויף פּערזענליכע ערבות; 6) הלואות אויף יעהרליכע איינקונפטען און היפּאָטעקען; 7) איינמאָהנונגען פון חובות; 8) הלואות אויף פּראָדוקטיווע און אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען.

דערצו קומען נאָך: 9) שפּאָר-קאסע, הילפס און פּענסיאָנס-קאסען, 10) סעקורירונג, 11) זיכער האלטונגס קאמערן, 12) באלאנסירען רעכענונגען.

ארט. 18. דער חילוק צווישען די געוועהנליכע באנק-נאָטען און די נאָטען פון דער פאָלקסבאנק איז, וואָס יענע זיינען צאָהל־

באר אין געלד אויפ'ן נאָמען פון א געוויסער פערזאָן, בעת די זיי־
נען אַן אָנווייזונג אויף סחורה, טראָגען א געזעלשאַפטליכען כאַ־
ראַקטער און זיינען אלעמאָל גילטיג, זיינען צאָהלבאר צו יעדען
דורך יעדען מיטגליעד אָדער מיטארבייטער מיט די פּראָדוקטען
אָדער דיענסטלייסטונגען פון זיין אינדוסטריע אָדער פּראָפּעסיאָן.

ארט. 21. יעדער מיטארבייטער איז זיך מתחיב צו געבען
דעם פּאָרצוג אין האנדעל מיט אלע סחורות, וועלכע די געזעל־
שאַפט קען איהם בעזאָרגען, צו אנדערע מיטארבייטער פון באנק,
און צו מאכען אלע זיינע בעשטעלונגען דורכאויס נור ביי זיינע
חבירים מיטארבייטער אָדער מיטגליעדער. דערפאר פערשפּרעכט
יעדער פּראָדוצירער אָדער סוחר אָבצולאָזען זיינע וואארע צו די
אנדערע מיטארבייטער פאר א ביליגערן פּרייז.

ארט. 62. דער הויפּטפּלאַץ פון דער פאָלקסבאנק איז אין
פּאריז. איהר צוועק איז צו עטאַבעלירען מיט דער צייט א צווייג
אין יעדען בעצירק און א פערטרעטערשאפט אין יעדער געמיינדע.

ארט. 63. אזוי שנעל ווי די אומשטענדען וועלען ערלויבען
וועט די געזעלשאפט ווערען אן אקציען־געזעלשאפט, ווייל די דאָ־
זיגע פאָרם גיט אונז די מעגליכקייט צו פערווירקליכען לויט דעם
וואונש פון די גרינדער דעם דרייפאכען פּרינציפּ, ערסטענס פון
וואהלען, צווייטענס די אָבזונדערונג און זעלבסטשטענדיגקייט אין
דער ארבייט פון די צווייגען, און דריטענס די פּערזענליכע פער־
אנטוואָרטליכקייט פון יעדען אָנגעשטעלטען".1)

II. ווען די מענשען וועלען זיין איבערצייגט, אז די גערעכ־
טיגקייט רופט ארויס די דאָזיגע ענדערונג, וועט דאן „דער דעס־
פּאָטיזם פון זיך אליין פאלען מחמת זיין נוצלאָזיגקייט".2) שטאאט
און אייגענטום פערשווינדען, דאָס געזעץ ווערט אומגעענדערט
און דער נייער צושטאנד טרעט אריין.

„די רעוואָלוציע האנדעלט ניט אויפ'ן שטייגער פון די אלטע
אריסטאָקראטישע אָדער דינאַסטישע רעגירונגס פּרינציפּען. זי

1) פאָלקסבאַנק, זייט 20-5. 2) קאָנפעסיאָנען, ז. 72.

איז דאָס רעכט, דער באַלאַנס פון קרעפטען, די גלייכהייט. איהר צוועק איז ניט איינצונעהמען לענדער, צו פערקנעכטען פעלקער, צו פערטיידיגען איהרע גרעניצען, צו בויען פעסטונגען, אויפצו־האלטען ארמעען, געווינען נצחונות, זיין שטארקער פאר אנדערע לענדער. די מאכט פון איהרע עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס, איהר פרייער קרעדיט, די שארפקייט פון איהר געדאנק, זיינען איהרע בעסטע מיטלען איינצונעהמען די וועלט".1) „די רעוואָלוציע האלט פאר חברים אלע די וואָס ליידען אונטערדריקונג און עקס־פלואטאציע; זאָל זי נור ערשיינען, וועט די גאנצע וועלט אויס־שפרייטען איהרע אָרימס צו איהר".2)

„איך וויל די פריעדליכע רעוואָלוציע. איך וויל איהר זאָלט מאכען אז דיזעלבע אינסטיטוציעס, וועלכע איך היים אייך פער־ניכטען און דיזעלבע געזעץ־פרינציפען וועלכע איהר וועט דאר־פען פערפאָלקאָמענען, זאָלען אליין דיענען דער פערווירקליכונג פון מיינע פערלאנגען, בכדי אז די נייע געזעלשאפט זאָל אויפקומען אלס די פון־זיך'דיגע, נאטירליכע און נויטיגע ענטוויקלונג פון דער אלטער געזעלשאפט, און בכדי אז די רעוואָלוציע זאָל בעת וואָס זי שאפט אָב די אלטע אָרדנונג, זיין פון דעסטוועגען אליין די פערפאָלקאָמענונג פון יענער אָרדנונג".3) „ווען דאָס פאָלק, איינ־מאָל אז עס איז אויפגעקלערט געוואָרען בנוגע צו זיינע אמת'ע אינטערעסען, בעשליסט ניט צו רעפאָרמירען די רעגירונג, נור צו רעוואָלוציאָנירען די געזעלשאפט",4) דאן וועט „די אויפלייזונג פון דער רעגירונג אין דעם עקאָנאָמישען אָרגאניזם"5) קומען אויף אזא אופן, וואָס איצטער קען מען וועגען איהר נישט מעהר ווי פּרובירען טרעפען".6)

---

1) גערעכטיגקייט, באַנד 1, ז. 509. 2) דאָרט, ז. 510.
3) אַלגעמיינע אידעע, ז. 196-7. 4) דאָרט, ז. 197. 5) דאָרט, ז. 277. 6) דאָרט, ז. 195-7.

## פינפטער קאפיטעל.

# שטירנער׳ס לעהרע.

### 1. — אַלגעמיינעס.

1. יאָהאַן קאספאר שמידט איז געבוירען געוואָרען אין בייראוטה, בייערן, אין דעם יאָהרע 1806. ער האָט שטודירט פילאָזאָפיע און טעאָלאָגיע אין בערלין פון 1826 ביז 1828 און אין ערלאנגען פון 1828 ביז 1829. אין 1829 האָט ער אויפגעגעבען זיין שטודיום, האָט ארומגערייזט דייטשלאנד און האָט געוואָהנט אמאָל אין קעניגסבערג, אמאָל אין קולם ביז׳ן יאָהר 1832. פון דאן ביז 1834 האָט ער ווייטער שטודירט. אין בערלין; אין 1835 האָט ער אָבגעגעבען עקזאמען אויף לעהרער אין א גימנאזיע. ער האָט אָבער קיין רעגירונגס שטעלע ניט געקריגען און האָט אין 1839 אָנגענומען א שטעלע אלס פריוואט לעהרער אין א טעכטערשולע אין בערלין. אין 1844 האָט ער די דאָזיגע שטעלע אויפגעגעבען, ער איז אָבער געבליבען וואָהנען אין בערלין און איז דאָרט געשטאָרבען אין 1856.

טיילוויז אונטער דעם נאמען מאקס שטירנער, און טיילוויז גאָר אָהן א נאָמען האָט ער פערעפענטליכט א קליינע צאָהל שריפטען, דאָס רוב פון א פילאָזאָפישען כאראקטער.

2. שטירנער׳ס לעהרע וועגען געזעץ, שטאאט און אייגענטום געפינט זיך אין זיין בוך „דער איינציגער און זיין אייגענטום". (1845) — דאָ אָבער מוז מען שטעלען די פראגע: צי קען מען איבערהויפט גאָר רעדען וועגען שטירנער׳ס א „לעהרע"?

שטירנער אָנערקענט ניט קיין „מוז". „מענשען זיינען דאָס וואָס זיי זאָלען זיין, וואָס זיי קענען זיין. וואָס זאָלען זיי זיין? געווים דאָך ניט מעהר ווי דאָס, וואָס זיי קענען זיין! און וואָס

קענען זיי זיין? וויעדער דאָס אייגענע, ניט מעהר ווי דאָס וואָס זיי — קענען, ד. ה. ניט מעהר וויפיעל זיי האָבען ביכולת, בכח צו זיין".1) „א מענש איז צו קיין זאַך ניט „בעשאַפען", ער האָט ניט קיין „אויפגאַבע", קיין „עובדא", מעהר וויפיעל א פלאַנץ אָדער א טהיער האָט אַן אויפגאַבע. ער האָט ניט קיין בערוף, ער האָט אָבער קרעפטען, וועלכע ווייזען זיך ארוים וואו זיי זיינען, ווייל זייער זיין בעשטעהט נור אין דעם געפינען פאר זיך אַן אויסדרוק, און זיי קענען פונקט אזוי וועניג בלייבען רוהיג, ווי דאָס לעבען גופא, וואָס אויב עס וואָלט שטיל געשטאַנען פאר איין רגע, וואָלט עס מעהר גאָר קיין לעבען ניט געווען. עס קומט אוים אויף דעם אופן, אז מען קען אויסרופען צום מענשען: געברויך דיין קראַפט! אין דעם געבאָט אָבער וואָלט געלעגען דער זין, אז עס איז דעם מענשענ'ס אויפגאַבע צו געברויכען זיין קראַפט. און דאָס איז ניט אזוי. ריכטיגער איז, אז יעדער איינער געברויכט אין דער ווירקליכקייט זיין קראַפט, גאָר ניט בעטראַכטענדיג עס פאר זיין אויפגאַבע; יעדער איינער געברויכט יעדע רגע אזוויפיעל קראַפט וויפיעל ער בעזיצט".2)

נאָך מעהר: שטירנער אָנערקענט איבערהויפט ניט קיין וואַרהייט. „וואַרהייטען זיינען פראַזען, פאָרמען פון רעדען, ווער־טער (Logos), ווען זיי ווערען געבראַכט אין א צוזאַמענהאַנג, אין א סדר, שטעלען זיי צונויף די לאָגיק, די וויסענשאַפט, די פילאָזאָפיע".3) „עס איז ניטאָ קיין וואַרהייט — ניט דאָס רעכט, ניט די פרייהייט, ניט די מענשהייט, א. ז. וו. — וואָס האָט גע־קענט האָבען א קיום פריהער פאר מיר, און צו וועלכער איך וואָלט זיך אונטערוואַרפען".4) „איז נור דאָ איין איינציגע וואַר־הייט, צו וועלכער דער מענש מוז ווידמען זיין לעבען און זיינע כחות, ווייל ער איז א מענש, דאַן איז ער אונטערוואָרפען אונ־טער א רעגעל, א הערשאַפט, א געזעץ א. ד. ג., ער איז דאַן א

1) דער איינציגער, ז. 439. 2) דאָרט, זייט 435-6. 3) ז. 465. 4) דאָרט, ז. 464.

מענש וואָס שטעהט אין דיענסט".1) „כל זמן דו גלויבסט אין די וואַרהייט, גלויבסטו ניט אין זיך, און דו ביסט — א דיענער, א — רעליגיעזער מענש: דו אליין ביזט די וואַרהייט אָדער בעסער געזאָגט, דו ביזט נאָך מעהרער איידער די וואַרהייט, וועלכע איז פריהער פאר דיר כלל גאַרנישט".2)

ווען מען זאָל וועלען ציהען פון דעם דעם שאַרפסטען שלוס, וואָלט מען קענען זאָגען, אז שטירנער'ס בוך איז נישט מעהר ווי א פערזענליכע ערקלערונג, אן אויסדרוק פון געדאַנקען, וואָס מאַכען ניט קיין אנשפּרוך אויף אַלגעמיינע גילטיגקייט; שטירנער וועט אונז אין דעם בוך ניט דערצעהלען וואָס ער דענקט אז ס'איז אמת, אָדער וואָס מיר דאַרפען לויט זיין מיינונג טון, נור ער גיט אונז א געלעגענהייט צו בעטראַכטען זיין געדאַנקען־גאַנג. — שטירנער האָט דעם דאָזיגען שלוס ניט געצויגען,3) און קיינער דאַרף זיך ניט לאָזען פערפיהרען פון דעם סטיל פון'ם בוך, וואָס רעדט מעהרסטענטיילס פון שטירנער'ס „איך", און מיינען אז שטירנער האָט יאָ געצויגען אזא שלוס. ער רופט יענעם אָן „פערבלענדעט, דער וואָס וויל נור מ ע נ ש זיין".4) ער שטעלט זיך אַנטקעגען יענעם פעראירטען בעוואוסטזיין, אז איך קען מיך ניט בערעכטיגען צו אזויפיעל וויפיעל איך ברויך".5) ער מאַכט חוזק פון אונזער־ע באָבעס' גלויבען אין גייסטער.6) ער דערקלערט: „די שטראָף מוז מאַכען פּלאַץ פאר דער צופרידענשטעלונג",7) „דער מענש דאַרף זיך וועהרען אַנטקעגען מענשען".8) און ער בעהויפּטעט, אז „איבער דעם טויער פון אונזער צייט שטעהט ניט אַפּאָלאָ'ס אויפשריפט „דערקען זיך אליין", נור עס שטעהט „גיב זיך אָב דיין ווערטה!"9) שטירנער, אלזאָ וויל אונז בעווייזען, ניט נור זיין אינערליכען צושטאַנד בעת ער האָט געשריבען דאָס בוך, נור ער וויל אונז טאַקי זאָגען, וואָס ער האַלט פאר אמת און

1) דאָרט, ז. 466. 2) דאָרט, ז. 473. 3) זיינע אָנהענגער, צ. ב. ש. מאַקיי אויך ניט. 4) דער איינציגע, ז. 322. 5) ז.343. 6) ז. 45. 7) ז. 318. 8) דאָרט. 9) ז. 420.

וואָס מיר זאָלען טון; זיין בוך איז ניט בלויז א פּערזענליכע ער־קלערונג, נור אויך א וויסענשאַפטליכע לעהרע.

3. שטירנער רופט ניט אָן זיין לעהרע וועגען געזעץ, שטאַאט און אייגענטום אַנאַרכיזם. מיט דעם וואָרט „אַנאַרכיש" בעצייכענט ער גראָד דעם פּאָליטישען ליבעראַליזם, וועלכען ער בעקעמפּפט.1)

## 2. — די גרונדלאַגע.

**נאָך שטירנער'ן נאָך איז דאָס אייגענער וואָהלזיין פאַר יעדען איינעם פון אונז דאָס העכסטע געזעץ.**

וואָס בעטייט דאָס אייגענע וואָהלזיין? „לאָמיר זוכען דעם גענוס פון לעבען!"2) „פון איצט אָן איז ניט די פראַגע, ווי אזוי קען מען ערווערבען דאָס לעבען, נור ווי אזוי קען מען עס פער־טון, געניסען; ניט ווי אזוי מען זאָל שאַפען אין זיך דעם ריכטיגען „איך", נור ווי אזוי מען זאָל זיך אויפלייזען, אויסלעבען".3) „אויב דער גענוס פון לעבען דארף גובר זיין די האָפענונג אָדער דאָסביינקען נאָכ'ן לעבען, דאַן מוז ער עס בייקומען אין זיין דאָפּעל־טער בעדייטונג, ווי שיללער בריינגט עס ארויס אין זיין „אי־דעאַל און לעבען"; ער מוז פערטיליגען די גייסטיגע און די וועלט־ליכע אָרימקייט, ער מוז פערניכטען דעם אידעאַל און — די נויט אין דעם טעגליכען ברויט. דער, וועלכער מוז פערווענדען זיין לע־בען כדי איינצוהאַלטען דאָס לעבען, קען עס ניט געניסען, און דער וואָס זוכט ערסט זיין לעבען, האָט עס נאָך ניט און קען פונקט אזוי ווייניג געניסען: ביידע זיינען אָרים".4)

דאָס אייגענע וואָהלזיין איז אונזער העכסטעס געזעץ. שטיר־נער אָנערקענט ניט קיין סאָרט פליכט.5) „צי איז דאָס וואָס איך דענק און טהו קריסטליך — וואָס קימערט עס מיך? צי עס איז מענשליך, ליבעראַל, הומאַן, אָדער צי עס איז אונמענשליך, ניט־ליבעראַל, ניט־הומאַן — וואָס געהט עס מיך דעראָן? אויב עס

1) דאָרט, ז. 189-90. 2) ז. 427. 3) ז. 428. 4) ז. 429.
5) ז. 258.

בעצוועקט נור וואָס איך וויל, אויב נור איך בעפריערדיג דערייַן זיך אליין, דאן מעגט איהר עס רופען מיט וועלכע נעמען איהר ווילט, מיר איז אלץ איינס"1.) „מיין שיכות מיט דער וועלט איז אויף דעם אופן אָט די: איך טהו פאר איהר מעהר גאָרנישט פון גאָט'ס וועגען; איך טהו גאָרנישט פון'ם מענשענ'ס וועגען, נור וואָס איך טהו דאָס טהו איך פ ו ן מ י י נ ט װ ע ג ע ן"2.) וואו נור די וועלט שטעהט מיר אין וועג — און זי שטעהט מיר אומעדום אין וועג — פערצעהר איך זי, כדי צו שטילען דעם הונ־גער פון מיין עגאָיזם. דו ביסט פאר מיר גאָרנישט א חוץ — מיין שפּייז, אקוראט ווי איך אליין ווער פון דיר אויפגעגעסען און פערברויכט. מיר האָבען איינע צו די אנדערע נור איין שיכות — די שיכות פון ברויכבארקייט, פון ניצליכקייט, פון נוצען"3.) „איך האָב אויך ליעב מענשען. און ניט נור געוויסע איינצעלנע, נור יעדען מענשען. אָבער איך האָב זיי ליעב מיט דעם בעוואוסטזיין פון עגאָיזם; איך ליעב זיי, ווייל די ליעבע מאכט מ י ך גליק־ליך, איך ליעב, ווייל דאָס ליעב האָבען איז מיר נאטירליך, ווייל עס געפעלט מיר. איך ווייס ניט פון קיין „געבאָט פון ליעבע"4.)

### 3. — געזעץ.

פון שטאנדפּונקט פון יעדען איינעמס וואָהלזיין פּער־וואַרפט שטירנער דאָס געזעץ גאַר אָהן הועלכער עס איז בעֵ־גרעניצונג וואָס איז שייך צו אָרט אָדער צייט.

דאָס רעכט*) האָט א קיום, ניט דערפאר ווייל דער יחיד מיינט אז עס איז לטובה פון זיינע אינטערעסען, נור דערפאר ווייל ער

---

1) דאָרט, ז. 478. 2) ז. 426. 3) ז. 395. 4) ז. 387. 5) ז. 258.

*) דאָס דייטשע וואָרט „דאס רעכט" דריקט אויס אי דעם בעגריף פון רעכט, אי זיין פאָרם אלס געזעץ. אין דער איבערזעצונג פון שטיר־נער וועלען מיר בענוצען דאָס וואָרט „רעכט" אין זיין אָריגינעלען דייטשען זין. דער איבערזעצער.

האלט עס פאר הייליג. „ווער קען זיך נאכפרעגען וועגען „רעכט", אויב ער שטעהט ניט אויך אויף דעם רעליגיעזען שטאנדפונקט? איז ניט „דאס רעכט" א רעליגיעזער בעגריף; ד. ה. עטוואס הייליגעס?"1) „ווען די רעוואלוציע האט די גלייכהייט געשטעמפעלט אלס א „רעכט", איז זי אוועקגעלאפען אין רעליגיעזען געביעט, אין געביעט פון דאס הייליגע, פון אידעאל".2) „דאס סולטאנישע רעכט דארף איך עהרען אין דעם סולטאנאט, דאס פאלקסרעכט אין רעפובליקען, דאס רעליגיאנסרעכט אין דער קאטוילישער געמיינדע, א. ז. וו. צו די אלע „רעכטען" מוז איך זיך אונטערווארפען, איך מוז זיי אלעמען האלטען הייליג".3) „דאס געזעץ איז הייליג, און ווער עס איז עובר אויף איהם איז א פערברעכער".4) „פערברעכער קענען נור זיין אנטקעגען עפעס א הייליגעס".5) „דאס פערברעכען פאלט אוועק, ווען דאס הייליגע פערשווינדט".6) „די שטראף האט א בעדייטונג נור לגבי עפעס א הייליגעס".7) „וואס טוט דער פריעסטער ווען ער מוסר׳ט דעם פערברעכער? ער האלט איהם פאר, וואס ער האט מחלל געווען דאס אייגענטום, וואס דער שטאאט האט הייליג געמאכט, (אריינגעהמענדיג אין דעם חשבון אויך דאס לעבען פון די בירגער, וועלכע געהערען צום שטאאט".8)

דאס רעכט איז אבער פונקט אזוי וועניג הייליג, ווי עס איז וועניג ניצליך פאר דעם וואהלזיין פון יחיד. „דאס רעכט איז א פערפיהרעניש, וואס דער רוח האט אונז איינגעטיילט".9) די מענשען זיינען „איבער דעם געדאנק פון „רעכט", וועלכען זיי האבען אליין געשאפען, ניט געווארען וויעדער די בעלי בתים: זייער בעשעפענים האט זיי פערשלעפט".10) „דער איינצעלנער מענש מעג האבען תביעות אויף וויפיעל „רעכטען" ער וויל: וואס קימערט מיך זיין רעכט און זיינע תביעות?"11) איך רעספעקטיר זיי ניט.

---

1) דארט, ז. 247. 2) ז. 248. 3) ז. 246. 4) ז. 314.
5) ז. 268. 6) ז. 317. 7) ז. 316-7. 8) ז. 265-6.
9) ז. 276. 10) ז. 270. 11) ז. 326-7.

— „אויף וואָס דו האָסט די מאַכט, אויף דאָס האָסטו דאָס רעכט. איך דרינג יעדעס רעכט און יעדע בערעכטיגונג פון מיר אליין ארויס. איך בין אויף אַלעס בערעכטיגט, אויף וואָס איך בין נור בעמעכטיגט. איך בין בערעכטיגט ארונטערצו־וואַרפען צעאוס, יע־האָוואַ, גאָט און אז. ווי., אויב איך קען עס נור; קען איך עס ניט, וועלען אָט די געטער בלייבען ביי זייער רעכט און זייער מאַכט קעגענאיבער מיר“.1) „דאָס רעכט ווערט בטל ומבוטל ווען עס ווערט פערשלונגען פון דער געוואַלט“;2) „מיט דעם בעגריף אָבער פערלירט דאָס וואָרט אויך זיין זין“.3) „דאָס פאָלק קען אפשר עפּעס האָבען דאַגעגען דעם גאָטלעסטערער; נו, הייסט עס שוין, א געזעץ אנטקעגען גאָטלעסטערונג. זאָל איך דעריבער ניט לעס־טערן? זאָל דאָס געזעץ האָבען ביי מיר א גרעסערן בעטרעף ווי א בעפעהל?“4) „ווער עס האָט די מאַכט, דער שטעהט העכער פון געזעץ“.5) „די ערד געהערט צו דעם, ווער עס פערשטעהט ווי זי צו נעהמען, אָדער ווער עס פערשטעהט ניט צו לאָזען־זיך עס אָבנעהמען, ניט צו לאָזען־זיך בערויבען פון דעם. ווען ער נעהמט זי אלס זיין אייגענטום, דאן געהערט איהם, ניט נור די ערד, נור אויך דאָס רעכט דערצו. דאָס איז דאָס עגאָיסטישע רעכט, ד. ה. עס איז מ י ר אזוי רעכט, דעריבער איז עס רעכט“.6)

**II. דאָס אייגענע וואָהלזיין הייסט, אז אויפ'ן אָרט פון רעכט זאָל דאָס אליין זיין פאַר יעדען מענשען געזעץ.**

יעדער איינער פון אונז איז „איינציג“,7) א וועלט־געשיכטע פאר־זיך; און ווען ער „פערשטעהט זיך צו האַלטען אלס אַן איינ־ציגער“, איז ער זיין „אייגענער“.8) „גאָט און די מענשהייט האָבען זייער זאַך אוועקגעשטעלט אויף גאָרנישט א חוץ אויף זיך. לאָ־מיך אזוי אַוועקשטעלען מיין זאַך אויף מיר אליין, וועלכער בין, אזוי גוט ווי גאָט, דאָס גאָרנישט פון אלעס אנדערע, דער איך פון מיין אַליז, איך דער איינציגער“. 9) געהט אַוועק, אלזאָ, מיט יעדער

---

1) ז. 248-9. 2) ז. 275. 3) דאָרט. 4) ז. 256, 259.
5) ז. 220. 6) ז. 251. 7) ז. 8. 8) ז. 490-1. 9) ז. 7.

זאך, וועלכע איז ניט גאַנץ און גאָר מיין זאך! איהר מיינט אפשר, אז מיין זאך מוז לכל הפּחות זיין „א גוטע זאך"? וואָס מיר גוט, וואָס שלעכט? ! איך בין דאָך אליין מיין זאך, און איך בין ניט גוט, ניט שלעכט:ביידע האָבען פאר מיר קיין זין ניט. דאָס געטליכע איז גאָטס זאך, דאָס מענשליכע איז די מענשען'ס זאך. מיין זאך איז ניט דאָס געטליכע און ניט דאָס מענשליכע, עס איז ניט דאָס אמת'ע, דאָס גוטע, רעכטע, פרייע, א. ז. וו. נור עס איז בלויז מ י י נ ע, און זי איז ניט קיין אלגעמיינע, נור זי איז איינציג, ווי איך בין איינציג. איבער מיך איז פאר מיר גאָרנישט".1)

„וואָס פאר א גרויסער אונטערשיעד צווישען פרייהייט און אייגענקייט! פריי בין איך פון דאָס וואָס איך האָב ניט, און איי־גענטימער בין איך פון דאָס וואָס איך האָב אין מיין מאַכט, פון דאָס וואָס איך בין מעכטיג".2) „מיין פרייהייט ווערט נור דאן פאָלקאָמען, ווען זי איז מיין — מאַכט; אָבער דורכדעם הער איך אויף צו זיין בלויז א פ ר י י ע ר און ווער אן א י י ג ע נ ט י־מ ע ר".3) „יעדערער מוז זיך זאָגען: איך בין מיר אלץ, און איך טהו אלץ פון מיינטוועגען. וואָלט אייך א מאָל קלאָר געוואָרען, אז גאָט און די געבאָט שאַדען אייך נור, אז זיי פערקירצען און פער־דאַרבען אייך, דאן וואָלט איהר זיי אראָבגעוואָרפען פון אייך, פונקט ווי די קריסטען האָבען אמאָל פערדאַמט דעם גאָט אפּאָלאָ אָדער די געטין מינערוואַ, אָדער די מאָראַל פון די היידען".4) „ווי אזוי איינער ווירקט נור פון זיך אליין און פרעגט ניט וועגען עפּעס ווייטערעס, האָבען די קריסטען פאָרגעשטעלט אין דער אידעע פון „גאָט". ער טהוט „ווי איהם געפעלט".5)

„די מאַכט איז א גאַנץ שעהנע זאך און קומט אין א סך פּרטים צוניץ; וואָרים „מיט איין הויפען מאַכט קען מען געהן א סך ווייטער ווי מיט א גאנצען זאַק פול רעכט". עס ציהט אייך דאָס

1) דאָרט, ז. 8. 2) ז. 207. 3) ז. 219. 4) ז. 214.
5) ז. 212.

האריז נאך פרייהייט? איהר שוטים! נעהמט זיך נור די מאכט, וועט שוין די פרייהייט קומען פון זיך אליין. זעהט נור, ווער עס האט די געוואלט, דער שטעהט „איבער דעם געזעץ". ווי שמעקט אייך אט דער פלאן, איהר „געזעצליכע" לייט? אך, איהר האט אבער קיין געשמאק ניט!"1)

## 4. — שטאאט.

שטירנער מוז נויטיגערווייז צוגלייך מיט די געזעץ פונקט אזוי אונבעדינגט אויך פערוואַרפען די געזעצליכע אינסטיטוציע, וועלכע מען רופט אן שטאאט. אהן דאס געזעץ איז ניט מעגליך קיין שטאאט. „אכטונג פאר דעם געזעץ!" — דער גאנצער שטאאט־בנין האלט זיך צוזאמען נור דורך אט דעם צעמענט".2)

דער שטאאט, הייסט עס, האט א קיום אויך ניט דערפאר, ווייל דער איינצעלנער האלט איהם פאר ניצליך צו זיין וואהלזיין, נור פיעל מעהר דערפאר, ווייל ער האלט איהם פאר הייליג, ווייל „מיר לעבען אין טעות און מיינען, אז ער איז אן „איך", און אלס אזעלכער רופט ער זיך אן מיט'ן נאמען פון א „מאראלישער, מיס־טישער אדער פאליטישער פערזאן". איך, וועלכער בין ווירקליך איך, מוז ארונטעררייסען דעם איך'ס לייבענפעל פון אט דעם שטאלצירענדיגען מעקענע־פרעסער".3) מיט דעם שטאאט איז דאס אייגענע ווי מיט דער פאמיליע. „אויב יעדער איינער וואס גע־הערט צו דער פאמיליע וואלט דארפען אנערקענען און אויפהאלטען איהר קיום, דאן וואלט ביי איהם די בלוט־פערבינדונג מוזען זיין הייליג, ער וואלט מוזען פיהלען פאר איהר א מין פאמיליען־פרומ־קייט, א רעספעקט דורך וועלכען יעדער בלוט־פערוואנדטער ווערט פערהייליגט ביי איהם. אזוי אויך מוז יעדען מיטגליעד פון דער שטאאט־קהלה די דאזיגע קהלה זיין הייליג, און דער בעגריף, וועל־כער איז ביי'ן שטאאט דער העכסטער, מוז אויך ביי איהם זיין

1) ז. 220. 2) ז. 295. 3) ז. 295.

דער העכסטער".1) דער שטאאט איז „ניט נור בערעכטיגט, נור געצוואונגען דאס צו פאָדערן".2)

אָבער דער שטאאט איז ניט הייליג. „דעם שטאאט׳ס אויפ־פיהרונג איז געוואלדטהעטיגקייט, און זיין געוואלט רופט ער אָן „רעכט", די געוואלט פון די איינציגע — „פערברעכען".3) ווען איך טהו ניט וואָס ער וויל, דאן „ווענדעט זיך דער שטאאט אנט־קעגען מיר מיט דער גאנצער קראפט פון זיינע לייבען־לאפעס און אָדלער־נעגעל: דען ער איז דער קעניג פון די חיות, ער איז לייב און אָדלער".4) „ווען איהר אימפּאָנירט אפילו אייער געגנער אלס א מאכט, זייט איהר דאָך דורכדעם פאר איהם אלץ ניט קיין היי־ליגע אויטאָריטעט, סיידען ער איז א טפש. קיין רעספעקט און אכטונג איז ער אייך ניט שולדיג, אפילו ווען ער דארף זיך היטען אנטקעגען אייער געוואלט".5)

דער שטאאט איז אויך גאָר ניט ניצליך פאר דעם איינצעל־נעמ׳ס וואָהלזיין. „איך בין דעם שטאאט׳ס א דם שונא".6) „די טובת הכלל אלס אזעלכע איז ניט מיין טובה, עס איז נור דער העכסטער פונקט פון זעלבסטפערלייקענונג. די „טובת הכלל" קען יובעלען פאר וואָהלטאָג, און איך מוז שטומען ווי א הונד; דער שטאאט קען גלענצען, בעת איך מוז דארבען".7) „יעדער שטאאט איז א דעספּאָטיע, צי דער דעספּאָט איז איינער אָדער מעהרערע, אָדער, ווי מען קען זיך עס גאנץ גוט פאָרשטעלען וועגען א רע־פובליק, אלע זיינען די הערן, ד. ה. זיי דעספּאָטיזירען איינער דעם אנדערן".8) „אמת, דער שטאאט לאָזט די איינצעלנע זיך שפּיעלען אזוי פריי ווי מעגליך, אָבער ערנסט טאָרען זיי ניט ווע־רען, זיי טאָרען אָן איהם ניט פערגעסען. דער שטאאט האָט תמיד דעם צוועק צו בעשרענקען דעם יחיד, צו צוימען איהם, צו אונ־טערטעניגען, צו מאכען איהם פאר א נכנע צו עפּעס א כלל־זאך; ער, דער שטאאט, האָט א קיום נור כל זמן דער איינצעלנער איז ניט

1) ז. 231-2. 2) ז. 231. 3) ז. 259. 4) ז. 337.
5) ז. 258. 6) ז. 339. 7) ז. 280. 8) ז. 257.

דער כל וכל; ער, דער שטאאט, איז נור די קלאָר־אויסגעדריקטע בעגרעניצונג פון מיר; ער איז מיין בעשרענקונג, מיין קנעכט־שאפט".1)

„א שטאאט ציעלט קיינמאָל ניט ארויסצוברייננגען די פרייע טהעטיגקייט פון די איינצעלנע, נור בלויז יענע טהעטיגקייט, וועל־כע איז געבונדען צום שטאאט'ס צוועקען".2) דער שטאאט זוכט צו הינדערן יעדע פרייע טהעטיגקייט דורך זיין צענזור, זיין השגחה, זיין פּאָליציי, און די דאָזיגע שטערונגען האלט ער פאר זיין פליכט, ווייל עס איז אין דער אמת'ן א פליכט פון זעלבסט־ערהאַלטונג".3) „איך טאָר ניט ארויסגעבען אלץ וואָס איך קען, נור בלויז וויפיעל דער שטאאט ערלויבט; איך טאָר ניט שאפען א ווערטה פאר מיינע געדאַנקען, פאר מיין ארבייט, איבערהויפּט פאר גאָרנישט וואָס איז מ י י נ ע".4) „דער פּאופּעריזם איז דער סמן פון מיין ווערטהלאָזיגקייט; עס איז די ערשיינונג וואָס בע־וויזט אז איך קען זיך ניט געבען קיין ווערטה. דעריבער איז שטאאט און פּאופּעריזם איינס און דאָסזעלבע. דער שטאַט לאָזט מיך ניט צו־קומען צו מיין ווערטה, און האָט א קיום נור דורך מיין ווערטהלאָזיגקייט: זיין כונה איז אלעמאָל צו ציהען נוצען פון מיר, ד. ה. צו עקספּלואטירען מיך, צו בערויבען, צו פערברויכען, ווען דאָס דאָזיגע פערברויכען בעשטעהט אפילו נור דעריין, וואָס איך בעזאָרג א פּראָלעטאריאט; ער וויל איך זאָל זיין „זיינע א בעשעפענים".5).

„דער שטאאט קען עס ניט פערליידען, אז דער מענש זאָל שטעהן אין א דירעקטע שיכות צום מענשען; ער מוז אריינטרעטען צווישען זיי אלס פערמיטלער, ער מוז זיך אריינמישען. ער מאַכט א פּירוד הלבבות צווישען די מענשען, כדי ער זאָל זיך אלס „גייסט" קענען אריינשטעלען אין מיטען. די ארבייטער וועלכע פערלאַנגען א העכערן לוין ווערען בעהאַנדעלט ווי פערברעכער, אזוי באלד ווי

1) ז. 298. 2) ז. 298. 3) ז. 299. 4) ז. 298.
5) ז. 336.

זיי ווילען עס קריגען דורך צוואנג. וואס זאלען זיי טון? אהן צוואנג וועלען זיי דעם העכערן לוין ניט בעקומען און אין דעם צוואנג זעהט דער שטאאט א זעלבסטהילף, א פרייזבעשטימונג וואס דער „איך" שטעלט אוועק, א ווירקליכע, פרייע אבשעצונג פון זיין אייגענטום, וועלכע דער שטאאט קען בשום אופן ניט ער־לויבען".1)

II. דאס אייגענע וואהלזיין פון יעדען מענשען פער־לאנגט, אז א געזעלשאפטליך צוזאמענלעבען, וואס איז גע־בויט דורכאוים נור אויף דעם יסוד פון זיינע פארשריפטען, זאל פערנעהמען דעם פלאץ פון'ם שטאאט. אט דעם אופן פון געזעלשאפטליכען צוזאמענלעבען רופט שטירנער אן „דער פעראיין פון עגאיסטען".2)

1. מענשען דארפען געזעלשאפטליך צוזאמענלעבען אפילו נאכדעם ווי דער שטאאט וועט בטל ווערען. די „אייגענע" וועלען קעמפען פאר די אחדות וואס שטאמט פון זייער אייגענעם ווילען. פאר דעם פעראיין".3) וואס וועט אבער צוזאמענהאלטען די מענ־שען אין'ם פעראיין?

יעדענפאלס ניט קיין פערשפרעכען. „ווען איך זאל היינט אין ווייטער זיין געבונדען צו מיין ווילען פון געסטערן, דאן וואלט מיין ווילען אבהענגיג געווארען. דאס ווערק וואס איך האב געשאפען, ד. ה. א בעשטימטער אויסדרוק פון מיין ווילען וואלט געווארען דער בעל הבית איבער מיר. דערפאר וואס איך בין געסטערן געווען א נאר, וואלט איך שוין אזוי מוזען בלייבען מיין גאנצען לעבען לאנג".4) „דער פעראיין איז מיין אייגענע שעפונג, מיין בריאה, ניט הייליג, ניט קיין גייסטיגע קראפט איבער מיין גייסט, ניט מעהר איידער יעדע אנדערע אסאציאציע פון וועלכען עס איז סארט. אזוי ווי איך וויל ניט זיין קיין שקלאף פון מיינע לעבענס־רעגעלן, נור איך שטעל זיי שטענדיג אהן קיינע הבטחות אפען פאר מיין קריטיק און גיב גאר ניט קיין גאראנטיע פאר זייער קיום,

---

1) ז. 337-8. 2) ז. 235. 3) ז. 304. 4) ז. 268.

אזוי און נאָך וועניגער פערפליכט איך זיך אויף להבא צום פער־
איין, און שווער ניט אָב צו איהם מיין זעעלע, ווי עס רעדט זיך
ביין טייוועל, און ווי עס איז ווירקליך דער פאל ביי'ן שטאאט און
אלע גייסטיגע אויטאָריטעטען, נור איך בין און בלייב מיר מעהר
איידער שטאאט, קירכע, גאָט און דערגלייכען, און פאָלגליך גאָר
אָהן א שיעור מעהר איידער דער פעראיין".1)

די נוצען וואָס יעדער איינצעלנער האָט ביי יעדער מינוט
פון'ם פעראיין — אָט דאָס זאָל די מענשען האלטען צוזאמען אין
פעראיין. ווען איך קען „געברויכען" מיינע מיטמענשען, „דאן פער־
שטענדיג איך זיך מיט זיי, כדי צו פערשטארקען דורך די פער־
איינינונג מיין מאכט און אויפצוטון דורך די פעראייניגטע קרעפ־
טען מעהר איידער די איינצעלנע קראפט וואָלט קענען אויפטון.
אין אָט דער געמיינזאמקייט זעה איך דורכאויס מעהר גאָרנישט
ווי א כפל פון מיין קראפט און איך האלט זיך ביי איהר נור כל
זמן זי איז מיין פערפיעלפאכטע קראפט".2)

„אָט דער פעראיין איז דעריבער גאנץ וואָס אנדערעס איי־
דער „יענע געזעלשאפט, וועלכע דער קאָמוניזמוס וויל גרינדען".3)
„אין דעם פעראיין ברייננסטו דיין גאנצע מאכט, דיין פערמעגען,
און מאכסט זיך פאר א בעל הבית; אין דער געזעלשאפט ווערסטו
מיט דיין ארבייטסקראפט פערברויכט. אין יענעם לעבסטו עגאָיס־
טיש, אין דער — מענשליך, ד. ה. רעליגיעז, ווי „א גליעד אין קער־
פער פון דעם גאָט". דער געזעלשאפט ביזטו שולדיג אלץ וואָס דו
האָסט, דו ביסט איהר א מחויב — דו ביזט פער'דבוק'ט פון גע־
זעלשאפטליכע פליכטען; דעם פעראיין בענוצסט דו און ווארפסט
איהם אוועק אָהן פליכטען און אָהן א חוב פון טרייהייט ווען דו
קענסט פון איהם מעהר קיין נוצען ניט ציהען. אויב די געזעלשאפט
האָט מעהר בעטרעף ווי דו, דאן שטעהט זי העכער פאר דיר; דער
פעראיין איז נור דיין ווערקצייג אדער דיין שווערד, מיט וועלכען
דו שארפסט און פערגרעסערסט דיין נאטירליכע קראפט. דער

---

1) זייט 411. 2) ז. 416. 3) ז. 411.

פעראיין עקזיסטירט נור פאר דיר און דורך דיר, דאגעגען די געזעלשאפט נעהמט דיך אין אנשפרוך פאר זיך און עקזיסטירט אויך אָהן דיר. קורץ, די געזעלשאפט איז היילִיג, דער פעראיין איז דיין אייגענער: די געזעלשאפט פערברויכט דיך, דעם פעראיין פערברויכסט דו".1)

2. ווי אָבער קען זיך אזא געזעלשאפטליך צוזאמענלעבען אויסבילדען בפרט? ענטפערענדיג זיין קריטיקער מאָזעס העסס, גיט שטירנער עטליכע ביישפיעלען פון פעראיינען, וואָס עקזיסטירען שוין איצטער.

„אפשר גראָד אין דעם אויגענבליק לויפען זיך קינדער צוזאמען פערביי זיין פענסטער חבר'שאפטליך צו שפיעלען זיך; זאָל ער זיי אָנקוקען, וועט ער דערזעהן לוסטיגע עגאָיסטישע פעראיינען. אפשר האָט העסס א פריינד, א געליעבטע; דאן וועט ער קענען וויסען ווי א הארץ פערבינדט זיך מיט א הארץ, ווי צוויי איהרע פעראייניגען זיך עגאָיסטיש, כדי צו געניסען איינער דעם אנדערן, און ווי קיינער פון זיי נאַרט זיך ניט אָב. אפשר בעגעגענט ער אויפ'ן גאס א פאָר גוטע בעקאנטע און זיי לאַדען איהם איין אריינצוגעהן מיט זיי אין א טראַקטיר; געהט ער דען מיט זיי מיט כדי זיי צו טאָן א טובה, אָדער ער „פעראיינט" זיך מיט זיי, ווייל ער דערוואַרט אליין הנאה צו האָבען דערפון? דאַרפען זיי איהם גאַנץ שעהן אָבדאַנקען פאַר זיין „זעלבסטאָפּפערונג", אָדער זיי וויסען אז זיי האָבען געבילדעט פאַר א שטונדע צייט אַן „עגאָיסטישען פעראיין" צוזאמען?"2) שטירנער דענקט אפילו וועגען א „דייטשען פעראיין". 3)

## 5. — אייגענטום.

1. צוזאמען מיט דעם געזעץ מוז שטירנער נויטיגערהייז פונקט אזוי אונבעדינגט פערוואַרפען די געזעצליכע

1) זייט 8-417. 2) וויגאנד'ס פיערטעליאָהרשריפט 3, זייט 4-193. 3) דער איינציגע, ז. 305.

אינסטיטוציע פון אייגענטום. דאָס אייגענטום „לעבט דורך דאָס גנאָד פון׳ם געזעץ. זיינע בטוחות האָט ער נור אין׳ם געזעץ; ער איז ניט קיין פאַקט, ער איז נור א פיקציע, א געדאַנק. עס איז געזעץ־אייגענטום, געזעצליכעס אייגענטום, גאַראַנטירטעס אייגענטום. ניט דורך מיר איז עס מיינס, נור דורכ׳ן געזעץ"1).

אין דעם זין איז דאָס אייגענטום, פונקט ווי דאָס געזעץ און דער שטאַאט, אויך ניט בעגרינדעט דערויף וואָס דער יחיד אָנער־קענט, אז עס דיענט זיינע אינטערעסען, נור דערויף וואָס ער האַלט עס פאַר הייליג. „אייגענטום אין בירגערליכען זין בעטייט הייליגעס אייגענטום, עס מיינט אז איך מוז רעספּעקטירען דיין אייגענטום. „רעספּעקט פאַר דעם אייגענטום!" דעריבער וואָלטען די פּאָליטיקער ווּלען, אז יעדער זאָל בעזיצען זיין ברעקיל אייגענטום, און זיי האָבען טיילווייז פּועל געווען דורך זייערע בעמיהונגען איינצופיהרען אן אונגלויבליכע צופּיצלונג. יעדערער מוז האָבען זיין שטיקעל ביין, כדי ער זאָל האָבען וואָס צו גריזשען"2).

דאָס אייגענטום איז אָבער ניט הייליג. „איך טרעט ניט צוריק מיט מורא פאַר דיין אָדער פאַר אייער אייגענטום, נור איך בעטראַכט עס שטענדיג ווי מיין אייגענטום, אין וועלכען איך נעהמען גאָרנישט וואָס צו רעספּעקטירען. נעהמט און טוט דאָסגלייכען מיט דאָס, וואָס איהר רופט מיין אייגענטום!"3)

דאָס אייגענטום איז אויך ניט ניצליך דעם וואָהלזיין פון׳ם איינצעלנעם. „דאָס אייגענטום, ווי די בירגערליכע ליבעראַלען פערשטעהען עס, האָט ניט קיין אָנהאַלט, ווייל דער בירגערליכער אייגענטימער איז באמת גאָר אַן אייגענטומלאָזער, אַן איבעראַל־אויסגעשלאָסענער מענש. אנשטאָט וואָס די וועלט זאָל איהם געהערען געהערט איהם ניט אפילו דער בידנער פונקט אויף וועלכען ער דרעהט זיך ארום"4).

II. דאָס אייגענע וואָהלזיין פון יעדען מענשען פער־

1) דער איינציגע, ז. 332. 2) דאָרט, ז. 327-8. 3) דאָרט, ז. 328, 326. 4) ז. 328-9

לאנגט עס זאָל ווערען אַ גיטערפערטיילונג, וואס איז גע־בויט אויפ׳ן יסוד פון זיינע פאָרשריפטען, אַנשטאַט אויפ׳ן היינטיגען אייגענטום. ווען שטירנער רופט אָן דעם חלק פון גיטער, וואָס זאָל געהערען דעם איינצעלנעם, לויט די דאָזיגע פאָר־שריפטען „אייגענטום“, געברויכט ער עס אין דעם ניט־ריכטיגען זין, אין וועלכען ער געברויכט דאָס וואָרט „אייגענטום“ נאָכ־אנאנד. אין דעם ריכטיגען זין קען נור אזא חלק גיטער הייסען איי־גענטום וועלכער איז אָנגעוויזען פון געזעץ“.1)

לויט דעם געבאָט פון זיין אייגענעם וואָהלזיין קומט אַלזאָ אויס, אז דער מענש דאַרף האָבען אַלץ וואָס ער איז נור מעכטיג גענוג צו קריגען.

1. „איבער וואָס מען קען ביי מיר די מאַכט ניט אוועק־נעהמען, דאָס בלייבט מיין אייגענטום; איז זאָל די געוואלט ענט־שיידען מכח דעם אייגענטום, און איך וויל אַלעם דערוואַרטען פון מיין געוואלט! פרעמדע געוואלט, די געוואלט, וואָס איך לאָז איבער אנאנדערען, מאַכט מיך פאר א שקלאַף, איז זאָל אייגענע געוואלט מיך מאַכען פאר אָן אייגענטימער“.2) „צו וועלכען איי־גענטום בין איך בערעכטיגט? צו יעדערן, צו וועלכען — איך בע־מעכטיג מיך. איך גיב זיך דאָס אייגענטומסרעכט דערמיט וואָס איך נעהם מיר אייגענטום, אָדער וואָס איך גיב זיך די מאַכט פון׳ם אייגענטימער, די פאָלמאַכט, די בערעכטיגונג“.3) „וואָס איך בין בכח צו האָבען, דאָס איז מיין פערמעגען“.4) „די קראַנקע, די קינדער און די אַלטע לייט האָבען נאָך גאָר א היבש ביסעל בכח, דהיינו צו בעקומען (אויף) זייער לעבען, אַנשטאָט זיך (אליין) צו נעהמען (פאר) דעם לעבען. האָבען זיי אזא כח איבער אייך, אז איהר זאָלט וועלען אויפהאַלטען זייער קיום, דאַן האָבען זיי א מאַכט איבער אייך“.5) „וועלכען פערמעגען בעזיצט דאָס קינד

1) צענקער האָט דאָס פערזעהן, ווען ער בעהויפּטעט, אַז שטירנער פאָדערט אייגענטום וואָס איז בעגרינדעט אויף בעזיץ־רעכט. 2) דער איינצעלנע, זייט 340. 3) ז. 339. 4) ז. 351. 5) דאָרט.

ניט אין זיין געלעכטערל, אין זיין שפּיעלען־זיך, אין זיין געשריי, קורץ — בלויז אין זיין עקזיסטענץ אליין. ביזטו אים שטאַנד אויפ־צוהאַלטען ווען ער פערלאַנגט עפּעס, אָדער צי גיסטו איהם ניט אַלס מוטער די ברוסט, אַלס פאָטער אַזויפיעל פון דיין האָב און גוטס וויפיעל ער בעדאַרף? ער צווינגט אייך, דערום בעזיצט ער דאָס, וואָס איהר רופט אָן אייער אייגענס".1)

„דאָס אייגענטום, הייסט עס, דאַרף ניט און קען ניט אָב־געשאַפט ווערען; עס מוז, בעסער געזאָגט, אַרויסגעריסען ווערען פון די שדים'שע הענט און ווערען מיין אייגענטום; דאַן וועט פערשווינדען דאָס פעראירטע בעוואוסטזיין, אַז איך קען זיך ניט בערעכטיגען צו נעהמען אַזויפיעל וויפיעל איך בעדאַרף. — איז אָבער דען עפּעס דאָ, וואָס אַ מענש קען ניט בעדאַרפען? נו, יאָ, דער וואָס בעדאַרף אַ סך און וויים ווי עס צו קריגען, האָט עס טאַקי אַלע מאָל זיך גענומען, ווי נאַפּאָלעאָן דעם קאָנטינענט און די פראַנצויזען אַלזשיער. די אונטערסטע שורה איז דעריבער: זאָל דער שטאַטעצנער המון זיך שוין אַמאָל אויסלערנען צו נעהמען וואָס ער בעדאַרף. טאָמער דערלאַנגט ער אייך צו־ווייט? נו, וועהרט זיך אַנטקעגען!"2) „וואָס „דער מענש" בעדאַרף, דאָס איז בשום אופן ניט קיין מאָסשטאָב פאַר מיר און פאַר מיינע בעדערפעניסען, וואָרים איך קען געברויכען וועניגער אָדער מעהר. ריכ־טיגער איז, איך מוז האָבען אַזויפיעל וויפיעל איך האָב בכח זיך אָנצואייגענען".3)

2. „די פעראיינען וועלען אויך אין דעם פּרט פערפיעל־פאַכען די מיטלען פון דעם איינצעלנעם און בעשיצען זיין אָנ־געגריפענעם אייגענטום".4) „ווען מיר ווילען ניט לאָזען דאָס לאַנד לענגער ביי די לאַנד־אייגענטימער, נור מיר ווילען עס צו־נעהמען פאַר זיך, דאַן פעראייניגען מיר זיך פאַר אָט דעם צוועק, מאַכען אַ פעראיין, אַ חברה, וועלכע מאַכט זיך פאַר דעם איי־

1) זייט 2-351. 2) ז. 4-343. 3) ז. 349. 4) ז. 342.

גענטימער; געלינגט עס אונז, הערען יענע אויף צו זיין די לאנד־אייגענטימער. און פונקט ווי פון גרונד און באָדען, אזוי קענען מיר זיי אויך ארויסטרייבען פון נאָך א סך אנדערע אייגענסען, כדי צו מאַכען זיי פאר אונזער אייגענטום, פאר דעם אייגענטום פון די — זיעגער. די זיעגער בילדען א געזעלשאפט, וועלכע, מען קען זיך משער זיין, קען ווערען אזוי גרויס, אז זי קען אלץ ווייטער און ווייטער ארומנעהמען די גאנצע מענשהייט; אָבער אָט די זאָגענאנטע מענשהייט איז אלס אזעלכע נישט מעהר ווי א געדאנק (אן איינבילדונג, א רוח): איהר ווירקליכקייט זיינען די איינצעלנע. און אָט די איינצעלנע אלס א קאָלעקטיווע מאסע וועלען זיך בעגעהען מיט׳ן גרונד און באָדען ניט ווענינער אייגענווילינג איידער א פעראיינצעלטער איינצעלנער״.1)

„דאָס, אין וואָס אלע ווילען האָבען א חלק, וועט אוועקגענו־מען ווערען פון יענעם איינצעלנעם, וועלכער וויל עס האָבען פאר זיך אליין, און עס וועט געמאַכט ווערען פאר א קהל׳שע נחלה. אלס א קהל׳שע נחלה האָט יעדערער דעריין זיין חלק, און דער דאָזיגער חלק איז זיין אייגענטום. אזוי איז עס אויך אין אונזערע אלטע בעציהונגען: א הויז וואָס געהערט צו פינף יורשים איז זייער געמיינזאמע פּאָסעסיע, יעדען איינעם אָבער געהערט א פינפטער טייל פון דער הכנסה. דאָס אייגענטום, וואָס לעת עתה לאָזט מען אונז צו איהם נאָך ניט צו, וועט בעסער קענען בענוצט ווערען, ווען עס וועט זיין אין אונזערע אלעמענס הענט. לאָמיר זיך אלזאָ פעראייניגען צוליב דעם צוועק פון אָט דעם רויב״.2)

### 6. — פערוווירקליכונג.

נאָך שטירנער׳ס מיינונג דאַרף די ענדערונג, וועלכע יע־דען איינעמס אייגענוואָהלזיין פאָדערט, מקוים ווערען אויף אזאַ אופן, אַז א גענוג־גרויסע צאָהל מענשען וועלען אפּרי

1) זייט 329-30. 2) ז. 330.

הער זיך ענדערן אינערליך און אנערקענען זייער אייגענ־
וואהלזיין אלס זייער העכסטען געזעץ, און דאן וועלען אט
די מענשען דורך געוואלט איינפיהרען אויך די אויסערליכע
ענדערונג, ד. ה. אבשאפען געזעץ, שטאאט און אייגענטום,
און איינפיהרען דעם נייען צושטאנד.

I. דאס ערסטע און וויכטיגסטע איז די אינערליכע ענ־
דערונג פון מענשען.

„רעוואלוציאן און אויפשטאנד מוזען ניט בעטראכט ווערען
ווי זיי וואלטען געהאט דיזעלבע בעדייטונג. די ערסטע בעשטעהט
פון אן איבערקעהרענים פון די צושטאנדען, פון דעם בעשטעהענ־
דען מצב אדער סטאטוס, פון דעם שטאאט אדער געזעלשאפט,
און בכן איז עס א פאליטישער אדער סאציאלער אקט; דער צוויי־
טער פיהרט אפילו אויך צו אן אונפערמיידליכער ענדערונג פון
די צושטאנדען, ער נעהמט זיך אבער ניט פון דער נויטיגקייט פון
דער ענדערונג, נור פון דער אונצופרידענהייט פון די מענשען
מיט זיך אליין: ער איז ניט קיין אויפהעבען פון געוועהר, נור
אן ערהעבונג פון די איינצעלנע, אן אויפשטעלען־זיך העכער, ניט
נעהמענדיג אין בעטראכט די נייע איינפיהרונגען וואס וועלען
דערפון ארויסקומען. די רעוואלוציאן בעצוועקט נייע איינארדע־
נונגען, דער אויפשטאנד פיהרט דערצו, אז מיר זאלען זיך ניט
לאזען איינגעארדענט ווערען, נור מיר זאלען זיך אליין איינ־
ארדענען, און ער לעגט ניט קיין גלענצענדע האפנונג אויף „אינ־
סטיטוציעס". דער אויפשטאנד איז ניט קיין קאמפף אנטקעגען
דעם בעשטעהענדען צושטאנד, ווארים אויב ער איז מצליח פאלט
איין דער בעשטעהענדער צושטאנד פון זיך אליין: ער איז נור
איין ארויסארבייטען זיך פון דעם בעשטעהענדען צושטאנד. ווען
איך פערלאז די בעשטעהענדע ארדנונג, בלייבט זי טוידט און
נעהמט פוילען. איז דעריבער, וויבאלד מיין צוועק איז ניט איינ־
צו־ווארפען א בעשטעהענדע ארדנונג, נור בלויז אויפצוהעבען זיך
איבער איהר, איז מיין כונה און מיין ארבייט ניט קיין פאליטי־

שע אָדער סאָציאַלע, נור, אַלס אַזעלכע וואָס בעציהט זיך אליין אויף מיר און אויף מיין אייגענהייט — אַן עגאָיסטישע״.1)

פארוואָס איז דער גרינדער פון׳ם קריסטענטום „ניט געווען קיין רעוואָלוציאָנער, קיין דעמאַגאָג, ווי די יודען האָבען איהם געוואָלט בעטראַכטען, ווארום איז ער ניט געווען קיין „ליבע־ראַל״? ווייל ער האָט קיין גוטס ניט דערוואַרט פון אַן ענדערונג פון די צושטאַנדען, און ער איז געווען גלייכגילטיג צו דעם דאָזיגען גאַנצען עסק. ער איז ניט געווען קיין רעוואָלוציאָנער ווי צעזאַר צום ביישפיעל, נור אַן אויפהעבער; ער איז ניט געווען קיין שטאַאט־איינוואַרפער, נור אַזוינער וואָס האָט זיך אליין הויך געשטעלט. ער האָט ניט געפיהרט קיין ליבעראַלען אָדער פּאָליטישען קאַמפּף אנטקעגען די בעשטעהענדע ממשלה, ער האָט נור געוואָלט געהן זיין אייגענעם וועג, ניט קימערענדיג זיך וועגען די אויטאָריטעטען און ניט זיין געשטערט פון זיי״.2)

„אַלץ וואָס איז הייליג איז א באַנד, א פּענטע. אַלץ וואָס איז הייליג ווערט און מוז פערדרעהט ווערען פון די געזעץ־פערדרעהער; דעריבער האָבען מיר היינטיגע צייט אין אַלע קרייזען א מאַסע אַזעלכע פערדרעהער. זיי ברייטען פאָר דאָס ברעכען פון׳ם געזעץ, די געזעצלאָזיגקייט״.3) „האַלט זיך פאַר מעכטיגער איידער מען זאָגט אויף דיר אז דו ביזט, און דו וועסט האָבען מעהר מאַכט; האַלט זיך פאַר מעהר, וועסטו זיין מעהר״.4) „די אָרימע וועלען נור דאַן ווערען פריי און זיין אייגענטימער, ווען זיי וועלען זיך — אויפריהרען, זיך העכער שטעלען, אויפהעבען״.5) „דער המון קען געהאָלפען ווערען נור דורך דעם עגאָאיזמוס, און ער מוז זיך אליין די הילף ברייננגען — און ער וועט זי זיך ברייננגען. ווען ער לאָזט זיך ניט ווערען אָנגעשראָקען, דאַן איז ער א מאַכט״.6)

II. ווייטער, כדי מיטצוברייננגען די „ענדערונג פון די צו־

---

1) זייט 421־2. 2) ז. 423. 3) ז. 284. 4) ז. 483.
5) ז. 344. 6) ז. 343.

שטאנדען" און אויפשטעלען דעם נייען צושטאנד אויפ'ן פלאץ פון געזעץ, שטאאט און אייגענטום, פאָדערט זיך אַן אויפהעבונג מיט געוואלט אנטקעגען דעם ביזאהעריגען צושטאנד.

1. „דער שטאאט קען בעזיעגט ווערען נור פון אַן עזות'־דיגען מוטהווילען".1) „דעם איינצעלנעמ'ס געוואלט הייסט פערברעכען, און נור דורך פערברעכען ברעכט ער די געוואלט פון שטאאט, ווען ער האלט פון דער מיינונג, אז דער שטאאט איז ניט איבער איהם, נור ער איז איבער'ן שטאאט".2) מיר זעהען „אויך דאָ דעם זעלבען רעזולטאט, אז דער קאמפף פון די רעגיערענדע אנטקעגען דער רעגירונג געפינט זיך אין אונרעכט, ד. ה. אין אונמאכט, לפי ערך וואָס ער פערשטעהט נור ארויסצופיהרען גערעכטע אויפ'ן מלחמה־פעלד אנטקעגען א פערזענליכע מאכט, (די עגאָיסטישע מאכט פערשטאָפּט די רעגיערענדע דאָס מויל). דער טעאָרעטישער קאמפף קען ניט געווינען דעם ענדליכען זיעג, און די הייליגע מאכט פון גערעכטן פאלט פאר דער געוואלט פון עגאָיזם. נור דער עגאָיסטישער קאמפף, דער קאמפף פון עגאָיסטען אויף ביידע זייטען בריינגט אלץ ארויס אויף קלאָר".3)

„די אייגענטומס פראגע לאָזט זיך ניט אזוי געמיטליך פערענטפערן ווי די סאָציאליסטען, אָדער אפילו ווי די קאמוניסטען טרוימען. זי קען נור פערענטפערט ווערען דורך דעם קריעג פון אלע אנטקעגען אלעמען".4) „לאָמיך, אלזאָ צוריקנעהמען די געוואלט וואָס איך האָב געלאָזען פאר אנדערע, ווייל איך בין געווען אונבעוואוסט וועגען די שטארקייט פון מיין אייגענער געוואלט! לאָמיך זיך אליין זאָגען, וואוהין מיין געוואלט גרייכט, דאָס איז מיין אייגענטום, און לאָמיך דאן אלץ אָננעהמען פאר אייגענטום, וואָס נור איך פיהל זיך שטארק גענוג צו דערלאנגען און לאָמיך לאָזען מיין ווירקליכען אייגענטום גרייכען אזוי ווייט, אויף וויפיעל איך בערעכטיגט זיך, ד. ה. איך בעמעכטיג

1) זייט 199. 2) ז. 259. 3) ז. 198-9. 4) ז. 344.

זיך צו נעהמען".1) „דער עגאיזם זאגט ניט, כדי אבצושאפען דעם בעזיצלאזען המון: ווארט אויף די בעלי יושר, וואס זיי וועלען דיר אין נאמען פון קהל — שענקען; נור ער זאגט: גרייף אן און נעהם וואס דו דארפסט!"2)

אין אט דעם קאמפף איז שטירנער׳ן רעכט יעדעס מיטעל. „איך וועל זיך ניט אבשרעקען פאר קיין אקט, דערפאר וואס עס שטעקט אין איהם א גייסט פון גאטלאזיגקייט, פון אונזיטליכקייט און פון עפעס וואס געהט להיפך צו רעכטליכקייט, אקוראט ווי דער הייליגער באניפאציוס איז וועניג־וואס אויפגעלעגט געוועזן אבצוהאלטען זיך, צוליב רעליגיעזע אויסרעכענונגען, פון ארומ־צוהאקען דעם הייליגען אייכען־בוים פון די היידען".3) „די מאכט איבער לעבען און טוידט, וואס די קירכע און דער שטאאט האבען געהאלטען פאר זיך — אט די מאכט רוף איך אויף אן מיי־נע".4) מיר גילט דאס לעבען פון דעם איינצעלנעם מענשען נור בערך וואס עס האט פאר מיר א ווערטה. זיינע גיטער, די מא־טעריעלע אזוי גוט ווי די גייסטיגע, זיינען מיינע, און איך שאלט און וואלט איבער זיי ווי אן אייגענטימער לויט דעם ערך פון מיין — געוואלט".5)

2. שטירנער בעשרייבט פאר אונז אן איינצעלנעם פרט אין דער דאזיגער ענדערונג פון די צושטאנדען דורך געוואלט. ער איז זיך משער אז געוויסע מענשען הויבען אן איינצוזעהען, או זיי פערנעהמען א לפי ערך ניט־גינסטיגע פאזיציע אין׳ם שטאאט אין פערגלייך מיט אנדערע, וואס האבען תמיד דעם פארצוג.

„די פערשטויסענע נעהמען זיך אן מיט מוטה צו פרעגען: דורך וואס איז עס אייער אייגענטום געזיכערט, איהר פריווילי־גירטע? און זיי גיבען זיך אליין דעם ענטפער: דורך דעם וואס מיר האלטען זיך אב עם אנצוגרייפען! הייסט עס, דורך אונזער שוטץ! און וואס גיט איהר אונז דערפאר? בריקעס מיט די פיס

1) זייט 340. 2) ז. 341. 3) ז. 479. 4) ז. 424.
5) ז. 326-7.

און פעראַכטונג גיט איהר דעם „געמיינעם עולם"; א פּאָליציי־השגחה גיט איהר אונז און א קאַטעכיזם מיט דעם הויפּט פּסוק: רעספּעקטיר אלץ וואָס איז ניט דיינס, אלץ וואָס עס געהערט צו אנדערע! רעספּעקטיר די אנדערע און איבערהויפּט די הויכגע־שטעלטע! מיר אָבער ענטפּערן אויף דעם: ווילט איהר, אונזער רעספּעקט, דאַן קויפט עס ביי אונז פאַר דעם פּרייז וואָס אונז גע־פעלט. מיר וועלען אייך לאָזען אייער אייגענטום, אויב איהר וועט געהעריג בעצאָהלען פאַר דעם לאָזען. מיט וואָס בעצאָהלט דער גענעראל אין צייט פון פריעדען פאַר די פיעלע טויזענדער גע־האַלט וואָס ער קריגט? מיט וואָס בעצאָהלט אַנאַנדערער פאַר די הונדערט טויזענדער אָדער גאָר מיליאָנען איינקונפט יעהרליך? מיט וואָס צאָהלט איהר אָב וואָס מיר קייען קאַרטאָפּעל און קו־קען זיך רוהיג צו ווי איהר שלינגט אייערע אויסטערס? קויפט נור ביי אונז אָב די אויסטערס אזוי טייער ווי מיר מוזען ביי אייך די קאַרטאָפּלען אָבקויפען, וועט איהר זיי מעגען עסען אויך אויף ווייטער. אָדער מיינט איהר אפשר, אז די אויסטערס געהערען אונז ניט אזוי גוט ווי אייך? איהר וועט שרייען איבער די גע־וואַלט, ווען מיר וועלען צוקומען און זיי נעהמען עסען מיט אייך צוגלייך, און איהר האָט רעכט. אָהן געוואַלט וועלען מיר זיי ניט בעקומען, פונקט ווי איהר האָט זיי, דורך דעם וואָס איהר טהוט אונז אָן געוואַלט.

„אָבער נעהמט זיך אייך די אויסטערס און א סוף דערמיט, נור לאָזט אונז צוקומען צו אונזער נעהענטערן אייגענטום (דען דאָס אנדערע איז נור בעזיצטום) — צו א ר ב י י ט. מיר פּלאַ־גען זיך צוועלף שטונדען א טאָג אין שוויים פון אונזער אנגעזיכט, און איהר באָט אונז אָן דערפאַר א פּאָר גראָשען. אויב אזוי, נעהמט פאַר אייער ארבייט אויך אזויפיעל. מיר וועלען שוין איינע מיט די אנדערע פערטיג ווערען, ווען מיר וועלען אפריהער האָבען אָבגעמאַכט, אז קיינער דאַרף מעהר דעם אנדערן עפּעס — שענ־קען. הונדערטער יאָהרען האָבען מיר אייך נדבות געטיילט פון גוט־האַרציגער — דומהייט; מיר האָבען דעם אָרימאַן'ס חלק פער־

טיילט און דעם העררן געגעבען וואס דעם העררן — געהערט ניט: איצט מאכט, זייט מוחל, אויף אייער זעקיל, ווארים פון איצט אן שטייגט אונזער סחורה גאר הויך אין פרייז. מיר ווילען ביי אייך גאר נישט ניט נעהמען; איהר אבער זאלט בעסער בע־צאהלען פאר דאס וואס איהר ווילט האבען. אלזא, וואס האט איהר? „איך האב א גוט פון טויזענד אקער". און איך בין דיין אקערקנעכט און וועל פון היינט אן און ווייטער דיין אקער בע־ארבייטען נור פאר א טאלער א טאג. „דאן וועל איך נעהמען אנאנדערן". דו געפינסט קיינעם ניט, ווארים מיר, אקערקנעכט, טוען שוין מעהר ניט אנדערס, און אויב איינער מעלדעט זיך וואס נעהמט ווענינער, וועט ער זיך דארפען היטען פאר אונז".1)

---

1) זייט 357-360.



## זעקסטער קאפיטעל.

# באַקונין׳ס לעהרע.

### 1. — אַלגעמיינעס.

I. מיכאיל אַלעקסאַנדראָוויטש באַקונין איז געבאָרען געוואָרען אין׳ם יאָהר 1814 אין פּריאַמוכינאָ, טאַרזשאָקער אויעזד, טווערער גובערניע. אין 1834 איז ער אָנגעקומען אין דער אַרטילעריע־שולע אין פּעטערבורג; אין 1835 איז ער געוואָרען אַן אָפּיציער, אָבער שוין אין דעמזעלבען יאָהר האָט ער פערלאָזען די דיענסט און האָט געוואָהנט אַמאָל אין פּריאַמוכינאָ, אַמאָל אין מאָסקווע.

אין יאָהר 1840 האָט באַקונין פערלאָזען רוסלאַנד. אין די ווייטערע יאָהרען האָבען איהם זיינע רעוואָלוציאָנערע אַרבייט געפיהרט אין בעזונדערע טיילען פון אייראָפּא; אין פּאַריז איז ער געווען זעהר אויפגעטראָגען מיט פּרודאָן׳ען. אין 1849 האָט מען איהם אין זאַכסען פערורטיילט צום טוידט, אָבער נאָכהער בעגנאָדיגט; אין 1850 האָט מען איהם אויסגעליפערט צו עסטרייך און אויך דאָרט האָט מען איהם פערורטיילט צום טוידט. אין 1851 האָט מען איהם אויסגעליפערט צו רוסלאַנד און דאָרט איז ער געזעסען אין די טורמעס פון פּעטערבורג און שליסעלבערג ביז 1857, ווען ער איז פערשיקט געוואָרען קיין סיביר.

פון סיביר איז באַקונין אַנטלאָפען אין 1865 איבער יאַפּאַן און קאַליפאָרניע דורך אַמעריקא נאָך לאָנדאָן. ער האָט זיך גלייך ווידער גענומען צו זיינע רעוואָלוציאָנערע בעשטרעבונגען און

האָט זיך אויפגעהאַלטען אמאָל אין איין פּלאַץ, אמאָל אין דעם אנדערן פון די פערשיידענסטע טיילען פון אייראָפּא. אין 1868 איז ער געוואָרען א מיטגליעד פון דער „אינטערנאַציאָנאַלע אסאָ־ציאַציאָן דער ארבייטער", און באלד דערנאָך האָט ער געגרינדעט די „אינטערנאַציאָנאַלע אַלליאַנץ פון דער סאָציאַליסטישער דע־מאָקראַטיע". אין 1869 איז ער אריינגעטראָטען אין ענגע בעציי־הונגען מיט נעטשאַעוו'ן, אָבער גלייך דעם נעכסטען יאָהר האָט ער זיך אָבגעזאָגט פון איהם. אין 1872 איז ער אויסגעשלאָסען גע־וואָרען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אסאָסיאַציאָן, מחמת דעם טעם וואָס ער האָט געארבייט פאר אנדערע ציעלען איידער די אסאָסיאַציאָן. ער איז געשטאָרבען אין בערן, אין 1876.

באַקונין האָט פערפאַסט א צאָהל שריפטען פון א פילאָזאָ־פישען און פּאָליטישען אינהאַלט.

2. באַקונין'ס לעהרע איבער געזעץ, שטאַאט און אייגענטום געפינט זיך אין דער „פּראָפּאָזיציאָן א. ז. וו." וואָס ער האָט פאָר־געשלאָגען אין יאָהר 1,1868) אין די סטאַטוטען פון דער אַלליאַנץ אינטערנאַציאָנאַל" וואָס ער האָט געשריבען (1868)2) און אין דעם בוך „גאָט און שטאַאט" (1871).3)

די שריפטען וועלכע מען קען ניט אויף זיכער זאָגען אז זיי זיינען באַקונין'ס, ווערען דאָ ניט גענומען אין בעטראַכט. צו דעם

---

1) געדרוקט אונטער דעם טיטול פעדעראַליזם, סאָציאַליזם און אַנטיטעאָלאָגיזם אין באַקונין'ס ווערק (1895) זייט 1-205.

2) געדרוקט אין „ל'אַלליאַנץ דע לאַ דעמאָקראַטיע סאָסיאַליסט, א. ז. וו." (1873) זייטען 118-135.

3) געדרוקט זיינען נור אָבגעהאַקטע שטיקער, איינס אונטער דעם טיטול „די קנוטא־גערמאַנישע אימפּעריע און די סאָציאַלע רעוואָלוציע" (1871) אַ צווייטעס אונטער דעם טיטול „גאָט און שטאַאַט" (1882) און אַ דריט שטיק אונטער דעם אייגענעם טיטול אין באַקונין'ס ווערק (1895) זייטען 261-326.

סאָרט געהערען ספּעציעל די ביידע שריפטען, די „פּרינציפּען דער רעוואָלוציאָן"1) און „דער קאַטעכיזמוס דער רעוואָלוציאָן",2) אין וועלכע נעטשאיעוו'ס אַנזיכטען ווערען פערטראָטען. אייניגע שרייבען זיי צו פון דעסטוועגען צו באקונין'ען,3) זייער אינהאַלט אָבער איז סותר זיינע אנדערע מאמרים, ווי אויך זיינע מעשים; מעהרערע מאָל האָט ער אפילו זיך גאַנץ שטארק אויסגעשפּראָכען געגען נעטשאיעוו'ס „מאַכיאַוועליזמוס און יעזואיטיזמוס".4) און ווען אפילו מען זאָל אָננעהמען, אז זיי זיינען באקונין'ס, וואָלטען זיי אויך געקענט נור אויפוויזען א גאַנץ אונבעדייטענדען טייל פון זיין ענטוויקלונג.

3. באקונין רופט אָן זיין לעהרע איבער געזעץ, שטאאט און אייגענטום אנארכיזמוס. „מיט איין וואָרט, מיר פערוואַרפען יעדע געזעצגעבונג, יעדע אויטאָריטעט, יעדען פּריווילעגירטען, פּאַטענטירטען, אָפיציעלען און לעגאַלען איינפלוס, אפילו ווען ער זאָל געשאַפען ווערען דורך דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט; ווייל מיר זיינען איבערצייגט, אז אָט די אַלע זאַכען זיינען אַלעמאָל נור צום נוצען פאר דער הערשענדער מינאָריטעט פון אויסביי־טער און צום שאָדען פאר דער זעהר גרויסער מאיאָריטעט פון פערשקלאַפּטע. אין אָט דעם זין זיינען מיר באמת אנארכיסטען".5)

---

1) געדרוקט אין דראגאמאַנאָוו'ס, מיכאיל באַקונין'ס סאָציאַל־פּאָ־ליטישע קאָרעספּאָנדענץ מיט אַלעקסאַנדער הערצען און אגארעוו, אויף דייטש פון מינצעס (1895) זייטען 358-364.

2) איין טייל איז געדרוקט אין אַ פראַנצויזישער איבערזעצונג אין ל'אַלליאַנץ דע לאַ דעמאָקראַטיע סאָסיאַליסט א. ז. וו. (1873), ז. 90-95; דאָס איבעריגע ביי דראגאמאנאָוו, ז. 83-371.

3) ל'אַלליאַנץ דע לאַ דעמאָקראַטיע סאָסיאַליסט, ז. 89; דראגאמאַ־נאָוו, ז. IX.

4) באַקונין'ס בריעף, דראגאמאנאָוו, ז. 272, 266, 233, 223.

5) גאָט און שטאאט, זייט 34.

## 2. — די גרונדלאגע.

באקונין בעטראכט דאס ענטוויקלונגסגעזעץ פון דעם פראגרעס פון דער מענשהייט פון א ווענינער פאלקאמענער עקזיסטענץ ביז צו דער מעגליך פאלקאמענסטער עקזיס־טענץ, אלס דאס העכסט־גילטיגע געזעץ פאר'ן מענשען.

„די וויסענשאפט האט ניט קיין אנדער אויפגאבע א חוץ צו שאפען א סיסטעמאטישע ערקלערונג איבער די נאטירליכע געזעץ פון קערפערליכען, גייסטיגען און מאראלען לעבען אין דיביידע וועלטען, די פיזישע און די געזעלשאפטליכע, וועלכע שטעלען פאקטיש צונויף איין איינציגע נאטירליכע וועלט“.1)

„די וויסענשאפט, ד. ה. די אמת'ע, ניט־אייגעננוציגע וויסענ־שאפט“2) לערנט אונז דאס פאלגענדע: „יעדע ענטוויקלונג בע־טייט די נעגאציע (דאס בטל ווערען) פון דעם פונקט פון וואנען זי האט אנגעהויבען. היינט אזוי ווי לויט די מאטעריאליסטען איז די גרונדלאגע אדער דער אנהויב־פונקט א מאטעריעלער, מוז דע־ריבער די נעגאציע (ד. ה. דאס אריבערגעהן אין זיין היפך) נויי־טיגערווייז זיין אידעעל“.3) מיט אנדערע ווערטער: „אלץ וואס לעבט האט א שטרעבונג זיך צו פערפאלקאמען אזוי־פיעל ווי מעג־ליך“.4)

„לויט דער אויפפאסונג פון די מאטעריאליסטען בעוועגט זיך אויף די געשיכטליכע ענטוויקלונג פון'ם מענשען אין א שטענדיג ארויפשטייגענדע ליניע“.5) „זי איז א גאנץ נאטירליכע בעוועגונג פון דעם איינפאכען צום פיעלפאכען, פון אונטען נאך אויבען, פון'ם נידעריגערן צום העכערן“.6) „די געשיכטע בעשטעהט אין דער פראגרעסיווער נעגאציע פון דעם מענשען'ס אורשפרינגליכער טיערהייט דורך די ענטוויקלונג פון זיין מענשליכקייט“.7)

---

1) גאט און שטאאט, זייט 33. 2) דארט, ז. 3. 3) דארט, ז. 52. 4) פראפאזיציאן, ווערק, ז. 104. 5) גאט און שטאאט, ז. 52. 6) דארט, ז. 7. 7) דארט, ז. 16.

„דער מענש איז אורשפּרינגליך א ווילד טיער, דעם גאָ־רילל׳אַס א שוועסטער־קינד. ער איז אָבער שוין ארויסגעטראָטען פון דער טיעפער נאכט פון די טיערישע טריעבען, כדי צו גרייכען צום ליכט פון פערשטאנד. דאָס ערקלערט אויף א העכסט נאטיר־ליכען אופן אלע זיינע פריהערדיגע קרומע וועגען, און עס טרייסט אונז פיעל־ווינציג בנוגע צו זיינע היינטיגע טעות׳ן. ער האָט גע־לאָזען הינטער זיך די טיערישע שקלאַווערייַ און בעוועגט זיך צו דער פרייהייט דורך׳ן פעלד פון גאָט־שקלאַווערייַ, וואָס ליעגט צווישען זיין טיערישער און מענשליכער עקזיסטענץ. הינטער אונז, אלזאָ, ליעגט אונזער טיערישע עקזיסטענץ, בעפאָר אונז — אונזער מענשליכע; דאָס ליכט דער מענשהייט, וואָס קען אליין נור אונז לייכטען און ווארימען, דערלעזען און דערהויבען, אונז מאכען פאר ברידער, פריי און גליקליך, שטעהט קיינמאָל ניט אין אָנפאנג פון דער געשיכטע, נור אלעמאָל ביי׳ן סוף"1.)

אָט די „געשיכטליכע נעגאציע פון דער פערגאנגענהייט קומט אמאָל פאָר לאנגזאם, פויל און שלעפעריג, אמאָל אָבער אויך ליי־דענשאפטליך און געוואלטיג"2.) זי קומט אימער פאָר מיט נאַ־טורגעזעצליכער נויטווענדיגקייט; „מיר גלויבען אין דעם ענד־ליכען נצחון פון מענשליכקייט אויף דער ערד"3.) מיר בענקען צו דערלעבען אָט דעם דאָזיגען נצחון און זוכען איהם שנעלער צו ברייגנען מיט פעראייניגטע קרעפטען"4.) „מיר דארפען קיינמאָל ניט קוקען ריקווערטס, נור אימער פאָרווערטס; אין פאָראויס איז אונזער זון, אין פאָראויס איז אונזער גליק"5.)

### 3. — געזעץ.

אויף דער נעכסטער שטופע אין׳ם פראָגרעס פון דער מענשהייט פון איהר טיערישער צו א מענשליכער עקזיס

1) גאָט און שטאאט, זייט 16. 2) דאָרט. 3) פראָפּאָזי־ציאָן, ווערק, ז. 155. 4) דאָרט. 5) גאָט און שטאאט, ז. 16.

טענץ, וועט, לויט באַקונין נאָך, פערשווינדען, ניט דאָס גע־זעץ (דאס רעכט), נור די געזעצגעבונג.

דאָס געמאַכטע געזעץ געהערט צו א נידעריגער שטופע פון ענטוויקלונג. „א פּאָליטישע געזעצגעבונג, סיי זי איז בעגרינדעט אויפ׳ן הערשער׳ס ווילען, סיי אויף די שטימען פון פערטרעטער, וואָס זיינען אויסגעוועהלט געוואָרען דורך אַלגעמיינע שטים־רעכט, קען קיינמאָל ניט ענטשפּרעכען די געזעץ פון דער נאַטור, און איז אימער אומגעזונד און שעדליך פאר דער פרייהייט פון די מאַסען, שוין דערפאר אליין, ווייל זי צווינגט אויף זיי ארויף א סיסטעם פון אויסערליכע, — וואָס עס מיינט ממילא — דעספּאָטישע, געזעצע".1) קיין געזעצגעבונג האָט קיינמאָל „קיין אנדער צוועק ניט געהאַט א חוץ צו בעפעסטיגען די עקספּלואַטאַציע פון אר־בייטענדען פאָלק דורך די הערשענדע קלאַסען און צו דערהעבען עס צו א סיסטעם".2) אָט אזוי איז „דער רעזולטאַט פון יעדער געזעצגעבונג אי אַ פערשקלאַפונג פון דער געזעלשאַפט, אי א פערדאַרבונג פון די געזעצגעבער".3)

די מענשהייט וועט אָבער שוין באַלד ארויסוואַקסען פון דער ענטוויקלונגס שטופע, צו וועלכער דאָס געזעץ געהערט. דאָס גע־מאַכטע געזעץ איז אזוי פערבונדען מיט׳ן שטאַאט, אז מען קען זיי ניט צוטרענען; „דער שטאַאט איז א היסטאָריש נויטוועגדיגע צרה",4) „אַן איבערגאַנגס פאָרם פון דער געזעלשאַפט";5) „מיט דעם שטאַאט צוזאַמען מוז נויטיגערווייז פאַלען דאָס געזעץ אין יוריסטישען זין, ד. ה. די געזעצליכע רעגולירונג פון׳ם פאָלקסלע־בען פון אויבען ארונטער דורך די געזעצגעבונג".6) יעדער איינער

1) גאָט און שטאַאט, זייט 27-28. 2) פּראָגראַם פון דער סלאַ־ווישער סעקציאָן אין ציריך: דראַגאָמאַנאָוו, זייט 382. 3) גאָט און שטאַאט, ז. 30. 4) גאָט און שטאַאט, ווערק, ז. 287. 5) דאָרט, ז. 285. 6) פּראָגראַם פון דער סלאַווישער סעקציאָן אין ציריך: דראגאמאנאוו, ז. 382.

פיהלט שוין, אז דער דאָזיגער אויגענבליק דערנעהענטערט זיך,1) די ענדערונג שטעהט שוין פאר אונזערע אויגען,2) מען קען דער־וואַרטען אז זי וועט קומען נאָך אין דעם יאָהרהונדערט.3)

II. אויף דער נעכסטער שטופע פון ענטוויקלונג, וועל־כע די מענשהייט מוז באַלד דערגרייכען, וועלען קיין גע־מאַכטע געזעצן זיכער ניט זיין, אָבער געזעץ וועט אויך דאַן זיין. פון דאָס, וואָס באַקונין זאָגט פאָראויס וועגען דער דאָ־זיגער נעכסטער שטופע פון ענטוויקלונג, קענען מיר איינזעהען, אז לויט זיין דערוואַרטונג וועלען דאַן גילטען געוויסע נאָרמען, וואָס „וועלען זיין בעגרינדעט אויף אַן אַלגעמיינעם ווילען",4) און, ווען עס וועט נויטיג זיין, וועט מען צווינגען אפילו מיט גע־וואַלט זיי צו פאָלגען,5) דאָס הייסט, זיי וועלען זיין רעכט־נאָרמען.

פון אַזעלכע רעכט־נאָרמען, וואָס וועלען זיין אויף אונזער נעכסטער שטופע פון ענטוויקלונג ,דערמאָנט באַקונין איינע, אין קראַפט פון וועלכער עס איז פאראַן „א רעכט אויף זעלבסטשטענ־דיגקייט". דאָס בעטייט פאר מיר אַלס יחיד, „אז איך אלס מענש בין בערעכטיגט ניט צו געהאָרכען קיין אַנדער מענשען און צו האַנד־לען נור לויט מיין אייגענעם געדאַנקען".6) אָבער „יעדעס פאָלק, יעדע פראָווינץ און יעדע געמיינדע האָט אויך אַן אונבעשרענקט רעכט אויף פאָלקאָמענע זעלבסטשטענדיגקייט, בתנאי אז איהר אינערליכע קאָנסטיטוציע זאָל ניט ענטהאַלטען קיין געפאַהר פאר דער זעלבסטשטענדיגקייט און פרייהייט פון די ארומיגע לענדער און געמיינדען".7)

דאָסגלייכען בעטראַכט עס באַקונין פאר א רעכטס־נאָרמע פון דער נעכסטער ענטוויקלונגס שטופע, אז אָבמאַכען מוזען ווע־

1) אַרטיקלען, מעמוארען, ז. 113. 2) סטאַטוטען, ל'אַלליאַנץ, ז. 125. 3) דאָרט. 4) גאָט און שטאַאט, ווערק, ז. 281. 5) סטאַטוטען, ל'אַלליאַנץ, ז. 129-131. 6) גאָט און שטאַאַט, ווערק, ז. 281. 7) פראָפּאָזיציאָן, ווערק, זייט 17-18.

רען אַבגעהיט. אמת, די פערבינדליכקייט פון אַבמאַכען האָט זיך איהרע גרעניצען. „די מענשליכע גערעכטיגקייט קען ניט אָנער־קענען קיין אייביגע התחיבות'ן. אַלע רעכטען און פליכטען בע־גרינדען זיך אויף פרייהייט. דאָס רעכט אויף פרייע פעראייניגונג און צושיידונג איז דאָס ערסטע און וויכטיגסטע פון אלע פּאָלי־טישע רעכטען".1)

נאָך א רעכטסנאָרמע פון דער נעכסטער ענטוויקלונגס־שטו־פע, וואָס באַקונין בעריהרט, איז די, אין קראַפט פון וועלכער „דער גרונד און באָדען, די פּראָדוקציאָנסמיטעל, ווי אויך אלע אנדערע קאַפּיטאַלען ווערען דאָס קאָלעקטיוו אייגענטום פון דער גאַנצער געזעלשאַפט און דיענען אויסשליסליך צום נוצען פון די פעראייניגונגען פון ארבייטער".2)

## 4. — שטאַאַט.

דער שטאַאַט וועט נאָך באַקונין נאָך, אין'ם פּראָגרעס פון דער טיערישער ביז צו אַ מענשליכער עקזיסטענץ, אין קורצען פערשווינדען. „דער שטאַאַט איז א היסטאָריש־צייטוויי־ליגע אינסטיטוציע, אַן איבערגאַנגס פאָרם פון דער געזעלשאַפט".3)

1. דער שטאַאַט געהערט צו א נידעריגער שטופע פון ענט־וויקלונג.

„דעם ערסטען טריט פון זיין טיערישער צו א מענשליכער עקזיסטענץ מאַכט דער טיער־מענש דורך די רעליגיאָן. כל זמן אָבער ער בלייבט רעליגיעז, וועט ער קיינמאָל ניט גרייכען זיין ציעל; וואָרים יעדע רעליגיאָן פעראורטיילט איהם צו בלייבען אונזיניג, פיהרט איהם אויף א פאַלשען וועג און מאַכט איהם זו־כען דאָס געטליכע אַנשטאָט דאָס מענשליכע".4) „אלע רעליגי־אָנען מיט זייערע געטער, האַלבגעטער און נביאים, זייערע משיחים

---

1) פּראָפּאָזיציאָן, ווערק, זייט 18. 2) סטאַטוטען, ל'אַלליאַנץ, ז. 133. 3) גאָט און שטאַאַט, ווערק, ז. 285. 4) פּראָפּאָזי־ציאָן, ווערק, ז. 134.

און הייליגע, זיינען פראָדוקטען פון דער לייכטגלויביגער פאַנ־טאזיע פון מענשען, וועלכע זיינען נאָך ניט דערוואקסען צו זייער פולער ענטוויקלונג און צום גאַנצען בעזיץ פון זייערע גייס־טיגע קרעפטען".1) דאָס אייגענע געהט אויך אויפ'ן קריסטענטום; עס איז „א פאַלשטענדיגע איבערדרעהענים פון געזונטען מענשען־פערשטאנד און פון שכל".2)

איין פראָדוקט פון דער רעליגיאָן איז דער שטאאט. „ער איז אין אלע לענדער געבאָרען געוואָרען פון דעם זיווג פון רציחה, גזלנות און רויבעריי, קוריג, פון קריעג און פערשקלאַפונג — מיט די געטער, וועלכע זיינען לאַנגזאַם בעשאַפען געוואָרען פון די רעליגיעזע התפעלות פון די פעלקער".3) „דער וואָס רעדט וועגען א געטליכער ענטפּלעקונג, רעדט אין דער זעלבער צייט פון „ענטפּלעקער", וועמען גאָט האָט די אויגען געעפענט, פון משיחים, נביאים, כהנים און געזעצגעבער; און איינמאָל אָנערקענט מען זיי אלס פערטרעטער פון דער גאָטהייט אויף דער ערד, אלס הייליגע, וואָס זיינען פון גאָט אליין אויס־ערוועהלט געוואָרען צו זיין די לעהרער פון דער מענשהייט, האָבען זיי שוין, פערשטעהט זיך, אַן אונבעגרעניצטע מאכט. אלע מענשען זיינען דאַן מחויב זיי צו פאָלגען בלינדערהייט; וואָרים וואָס פאר א בעטרעף האָט די מענשליכע חכמה לגבי די געטליכע, די גערעכטיגקייט פון דער ערד לגבי די געטליכע גערעכטיגקייט? אלס קנעכט פון גאָט מוזען די מענשען שוין אויך זיין שקלאַווען פון דער קירך און, לפי ערך וואָס די קירך הייליגט דעם שטאאט, אויך די שקלאַווען פון שטאאט".4)

„עס איז ניטאָ א שטאאט אָהן רעליגיאָן, און עס קען גאָר ניט זיין א שטאאט אָהן רעליגיאָן. נעהמט די פרייעסטע שטאאטען פון דער וועלט, צום ביישפּיעל די פעראייניגטע שטאאטען פון נאָרדאַמעריקא, אָדער דעם שווייצער בונד, וועט איהר זעהן וואָס פאר א וויכטיגע ראָלע די געטליכע השגחה שפּיעלט דאָרט אין

1) גאָט און שטאאט, ז. 19. 2) דאָרט, ז. 87. 3) גאָט און שטאאט, ווערק, ז. 287. 4) גאָט און שטאאט, ז. 20.

אַלע אָפּיציעלע רעדעס.1) „די רעגירונגען האַלטען די אמונה, צוליב א גאַנץ גוטען גרונד, פאַר א הויפּט בעדינגונג פון זייער מאַכט".2) „עס גיט א קלאַס מענשען, וועלכע אפילו אויב זיי גלויבען ניט, מוזען זיי נויטיגערווייז אזוי האַנדלען, ווי ווען זיי וואָלטען יאָ געגלויבט. דער קלאַס נעהמט ארום אַלע פּייניגער, אונטערדריקער און אויסבייטער פון דער מענשהייט. פּריעסטער, מאָנארכען, שטאַטסמענער, סאָלדאַטען, פינאַנסיסטען, בעאַמטע פון אַלערליי סאָרטען; פּאָליציסטען, זשאַנדאַרמען, געפענגנים־היטער און הענקער; קאַפּיטאַליסטען, פּראָצענטניקעס, געשעפט־פיהרער און אייגענטימער פון הייזער; אַדוואָקאַטען, נאַציאָנאַל־עקאָנאָמען, פּאָליטיקער פון אַלע שאַטירונגען — אָט די אַלע ביז צום לעצטען בשמים־קרעמעריל וועלען אַלעמאָל נאָכזאָגען אין כאָר וואָלטער'ס ווערטער, אז „אויב עס וואָלט ניט געווען קיין גאָט, וואָלט מען איהם געדאַרפט ערפינדען"; וואָרים דאָס פאָלק — וואָס, אפשר ניט? — מוז דאָך האָבען א רעליגיאָן. די רעליגיאָן איז טאַקי דאָס זיכערהייט'ס־ווענטיל".3)

2. דעם שטאַאט'ס אייגענשאַפטען פּאַסען זיך צו דער ניעדריגער ענטוויקלונגס־שטופע, צו וועלכער ער געהערט.

דער שטאַאט פערשקלאַפט די רעגירטע. „דער שטאַאט איז די געוואַלט; ניין, מעהר: עס איז א נאַריש פּאַראַדירען מיט דער געוואַלט. ער וויל זיך ניט מאַכען בעליעבט און זוכט ניט צו קריגען קיין אָנהענגער; מישט ער זיך אין עפּעס אריין, טוט ער עס מיט אומפּריינדליכקייט, וואָרים זיין עצם בעשטעהט ניט פון איבעררעדען, נור פון בעפעהל און צוואַנג. וויפיעל ער זאָל ניט וועלען, קען ער דאָך ניט פערבאָרגען דעם פאַקט, אז ער איז דער געזעצליכער צערשטערער פון אונזער ווילען, די בעשטענדיגע נעגאַציע פון אונזער פרייהייט. אפילו ווען ער בעפעהלט עטוואָס גוטעס, איז דערמיט וואָס ער בעפעהלט, מאַכט ער עס זאָל קיין ווערטה ניט האָבען; וואָרים יעדער בעפעהל גיט דער פרייהייט

---

1) גאָט און שטאַאט, ז. 97. 2) דאָרט, ז. 9. 3) ז. 11.

א פּאטש אין פּנים: אזוי באלד ווי דאָס גוטע ווערט בעפאָהלען, פערענדערט זיך עס אין די אויגען פון דער אמת'ער (ד. ה. פון דער מ ע נ ש ל י כ ע ר, ניט פון דער געטליכער) מאָראל, פון מענשענווערדע און פרייהייט אין עטוואס בייזעס; וואָרים פריי־הייט, זיטליכקייט און מענשענווערדע בעשטעהט דוקא אין דעם, צו טון וואָס גוט איז, ניט ווייל מען הייסט עס טון, נור ווייל מען דערקענט עס און מען וויל און מען ליעבט עס".1)

אין דערזעלבער צייט פערדארבט דער שטאאט אויך די רע־גירער. „עס איז כאראקטעריסטיש פאר יעדער פריווילעגיע און יעדער פּריווילעגירטער לאגע, וואָס זיי פערגיפטען דעם גייסט און דאָס הארץ פון'ם מענשען. ווער עס איז פּאָליטיש אָדער עקאָנאָ־מיש פריווילעגירט, דעם איז זיין גייסט און הארץ פערדאָרבען. דאָס איז א געזעץ פון סאָציאלען לעבען וואָס האָט ניט קיין אויס־נאהמע, און עס איז ריכטיג בנוגע צו גאנצע פעלקער, אזוי גוט ווי בנוגע צו קלאסען, קערפּערשאפטען און איינצעלנע מענשען. עס איז דאָס געזעץ פון גלייכהייט, דער ערסטער פון די בעדינ־גען פון פרייהייט און מענשליכקייט".2)

„מעכטיגע שטאאטען קענען זיך האלטען נור דורך פערברע־כען, קליינע שטאאטען זיינען גוט און פרום נור מחמת זיי זיינען שוואך".3) „מיר פערהאסען די מאָנארכיע פון גאנצען הארצען; מיר זיינען אָבער אין דערזעלבער צייט איבערציינט, אז אויך א גרויסע רעפּובליק, מיט אן ארמעע, א ביוראָקראטיע און א פּאָ־ליטישער צענטראליזאציע, וועט זוכען מנצח צו זיין די פעלקער פון דרויסען און אונטערדריקען דעם איינענעם פאָלק ביי זיך אין לאנד, און וועט קיינמאָל ניט קענען פערזיכערן איהרע אונ־טערטאנען, אפילו ווען זי רופט זיי בירגער, מיט גליק און פריי־הייט".4) „דער אמת איז דאָך, אז אפילו אין די ריינסטע דע־מאָקראטיען, ווי אין די פעראייניגטע שטאאטען און אין דער

1) גאָט און שטאאט, ווערק, ז. 288. 2) גאָט און שטאאט, ז. 29-30. 3) פּראָפּאָזיציאָן, ווערק, ז. 154. 4) דאָרט, ז. 10.

שווייץ, געפינט זיך אויף א פריוויליגירטע מינאָריטעט אנטקעגען א זעהר גרויסע פערשקלאַפּטע מאַיאָריטעט".1)

3. די ענטוויקלונגסשטופּע אָבער, צו וועלכער דער שטאאט געהערט, ווערט פאר דער מענשהייט באלד ווערען א זאַך פון פערגאַנגענהייט.

„פון'ם אָנפאנג פון דער געשיכטליכער געזעלשאפט ביז אויף היינטיגען טאָג זיינען די פעלקער אַלעמאָל אונטערדריקט געוואָרען פון'ם שטאאט. זאָל מען דערפון דרינגען אז די אונטערדריקונג איז אזוי פערבונדען מיט דער עקזיסטענץ פון דער מענשליכער געזעלשאפט אז מען קען זי ניט אָבטרענען פון איהר?"2) געוויס ניט! „דער גרויסער, אמת'ער צוועק פון דער געשיכטע, דער איינציגער פאר וועלכען מען קען געפינען א בערעכטיגונג, איז — אונזער פערמענשליכונג און ערלייזונג, די עכטע פרייהייט און גליקזעליגקייט פון אלע געזעלשאפטליך-לעבענדע מענשען".3) „אין דעם טריאומף פון מענשליכקייט ליעגט אי דאָס ציעל, אי דער עיקר פון דער געשיכטע, און אָט דער טריאומף קען נור איינגעפיהרט ווערען דורך פרייהייט".4) „אזוי ווי אין דער פערגאַנגענהייט איז דער שטאאט געוועזן א געשיכטליך נויטווענדיגע צרה, אָט אזוי נויטווענדיג וועט ער פריהער אָדער שפּעטער מוזען אין גאַנצען פערשווינדען".5) „יעדער איינער פיהלט שוין, אז דער דאָזיגער אויגענבליק דערנעהענטערט זיך;6) די ענדערונג שטעהט פאר אונזערע אויגען;7) מען קען דערוואַרטען אז זי וועט קומען נאָך אין דעם יאָהרהונדערט".8)

II. אויף דער נעכסטער שטופע פון ענטוויקלונג, וועלכע די מענשהייט וועט באַלד מוזען גרייכען, וועט אויפ'ן אָרט פון שטאאט אויפגעבויט ווערען אַ געזעלשאַפטליך צו־

1) גאָט און שטאאט, ווערק, ז. 287-8. 2) גאָט און שטאאט ז. 14. 3) דאָרט, ז. 65. 4) דאָרט, ז. 53. 5) גאָט און שטאאט, ווערק, ז. 287. 6) אַרטיקלען, מעמוארען, ז. 113. 7) סטאַטוטען, ל'אַלליאַנץ,ז. 125. 8) דאָרט.

זאמענלעבען פון מענשען אויפ'ן גרונד פון דער רעכטס־נארמע, אז אבמאכען מוזען ווערען אבגעהיט.

1. מענשען וועלען לעבען געזעלשאפטליך אויך נאכדעם ווי דער שטאאט וועט אבגעשאפט ווערען. דאס ציעל פון דער מענשליכער ענטוויקלונג, „די פאלקאמענע מענשליכקייט"1), קען דערגרייכט ווערען נור אין א געזעלשאפט. „דער מענש ווערט א מענש און גרייכט צום בעוואוסטזיין און צו דער פערווירקליכונג פון זיין מענשליכקייט נור אין דער געזעלשאפט און דורך די גע־מיינשאפטליכע טהעטיגקייט פון דער געזעלשאפט. ער בעפרייט זיך פון'ם יאך פון דער אויסערליכער נאטור נור דורך די גע־מיינשאפטליכע, דאס הייסט, געזעלשאפטליכע ארבייט; נור זי איז אימשטאנד צו מאכען אז די אויבערפלעך פון דער ערד זאל זיין פאסיג פאר דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט; אהן אזעלכע אוי־סערליכע בעפרייאונג איז אבער ניט מעגליך, ניט קיין גייסטיגע, ניט קיין מאראלע בעפרייאונג. דער מענש ווידער קען זיך בעפרייען פון'ם יאך פון זיין אייגענער נאטור נור דורך ערציהונג און ביל־דונג; נור זיי קענען מאכען אז די טריעבען און בעוועגונגען פון זיין קערפער זאלען זיך לאזען פיהרען פון זיין אלץ־מעהר ענט־וויקעלטען גייסט; ערציהונג און בילדונג אבער זיינען אויס־שליסליך געזעלשאפטליכע אייגענשאפטען: אויסערהאלב פון דער געזעלשאפט וואלט דער מענש פערבליבען א ווילדע חיה אדער א הייליגער, וואס קומט אויס אונגעפעהר דיזעלבע זאך. צו לעצט געזאגט, קען א מענש וואס לעבט ביחידות ניט האבען דאס בע־וואוסטזיין פון פרייהייט. פרייהייט בעטייט פאר'ן מענשען, דאס וואס ער ווערט אנערקענט און בעהאנדעלט פון אלעמען, וועלכע רינגלען איהם ארום, אלס פרייער מענש. די פרייהייט איז דערי־בער ניט א זאך פון פעראיינצלענונג, נור פון גגעגענזייטיגקייט, ניט פון אבגעשלאסענהייט, נור פון פערבינדונג; זי איז פאר יערען

1) גאט און שטאאט, ז. 11.

מענשען נור די אָבשפּיגלונג פון זיין מענשליכקייט, דאָס הייסט פון זיין מענשענרעכט אין דעם בעוואוסטזיין פון זיינע ברידער".(1

אָבער די מענשען וועט צוזאַמענהאַלטען אין דער געזעלשאַפט ניט אַן אַלערהעכסטע מאַכט, נור די על פי רעכט בינדענדע קראַפט פון אָבמאַך. די פאָלקאָמענע מענשליכקייט קען דערגרייכט ווערען נור אין א פרייער געזעלשאַפט. „מיין פרייהייט, אָדער וואָס עס מיינט די אייגענע זאַך, מיין מענשענווערדע, בעשטעהט דעריין, וואָס איך בין אַלס מענש בערעכטיגט ניט צו געהאָרכען קיין אַנדער מענשען און צו האַנדלען ווי איך פערשטעה אַם בעסטען".(2 „איך אַליין בין נור אויף אַזוויפיעל א פרייער מענש אויף וויפיעל איך אָנערקען די מענשליכקייט און פרייהייט פון אַלע מענשען וואָס רינגלען מיך ארום. דערמיט וואָס איך אַכט און שעטץ זייער מענשענטום, אַכט איך און שעטץ מיין אייגענעם. א מענשענפרעסער וועלכער בעהאַנדעלט זיין געפאַנגענעם ווא א ווילדע חיה און פרעסט איהם אויף, איז אַליין ניט קיין מענש, נור א חיה. א שקלאַפּענהאַלטער איז ניט קיין מענש, נור א האַרר".(3 „וואָס מעהר פרייע מענשען עס רינגלען מיך ארום, און וואָס טיעפער און ווייטער זייער פרייהייט איז, אַלץ טיעפער, ווייטער און מעכטיגער איז אויך מיין פרייהייט. פון דער אַנדער זייט ווידער איז יעדע פערשקלאַפונג פון מענשען א בעשרענקונג אין דערזעלבער צייט פון מיין פרייהיים, אָדער וואָס איז אַלץ איינס, אַן אָבלייקענונג פון מיין מענשליכע עקזיסטענץ דורך זייער טיערישע עקזיסטענץ".(4 א פרייע געזעלשאַפט קען אָבער ניט אויפגעהאַלטען ווערען דורך אויטאָריטעט,(5 נור דורך אָבמאַכען.(6

2. ווי וועט די צוקינפטיגע געזעלשאַפט צונויפגעשטעלט ווערען בפרט?

---

1) גאָט און שטאַאט, ווערק, ז. 8-277. 2) דאָרט, ז. 281.
3) דאָרט, ז. 279. 4) דאָרט, ז. 281. 5) דאָרט, ז. 283.
6) פּראָפּאָזיציאָן, ווערק, ז. 18, 16.

„איינהייט איז דאָס ציעל צו וועלכען די מענשהייט בעוועגט זיך אָהן אַן אויפהער“.1) די מענשען, הייסט עס, וועלען זיך פעראיניגען אויפ׳ן ברייטסטען אופן. דאָך אָבער וועט „אויף דעם אָרט פון דער אַלטער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געבויט פון אויבען אַראָב אויף געוואַלט און אויטאָריטעט, אויפגעריכט ווערען א נייע, וועלכע וועט ניט האָבען קיין אַנדער פונדאַמענט א חוץ די נאַטירליכע בעדערפעניסען, נייגונגען און שטרעבונגען פון די מענשען“.2) אַט אזוי קומען מיר צו א „פרייע פעראייניגונג פון איינצעלנע אין געמיינדען, פון געמיינדען אין פּראָווינצען, פון פּראָווינצען אין פעלקער, דאַן פון פעלקער אין פעראייניגטע שטאַאטען פון אייראָפּא, און שפּעטער פון דער גאַנצער וועלט“.3)

„יעדעס פאָלק, סיי קליין, סיי שטאַרק אָדער שוואַך, יעדע פּראָווינץ און יעדע געמיינדע האָט דאָס אונבעשרענקטע רעכט אויף פאָלקאָמענע זעלבסטשטענדיגקייט, בתנאי אויב זייער אינערליכע קאָנסטיטוציע האַלט ניט איין קיין געפאַהר פאַר די זעלבסטשטענדיגקייט און פרייהייט פון די אַרומיגע געמיינדען און פעלקער“.4)

„אַלץ וואָס מען בעצייכענט מיט׳ן נאָמען די היסטאָרישע רעכטען פון נאַציאָנען ווערט לגמרי אָבגעשאַפט; אַלע פראַגען בנוגע צו די נאַטירליכע, פּאָליטישע, סטראַטעגישע און עקאָנאָמישע גרעניצען דאַרף מען פון דאַן אָן קלאַסיפיצירען אַלס אַלטע היסטאָריע און גאַנץ ענטשיעדען פערוואַרפען“.5)

„דערפאַר וואָס א געוויסער געגענד האָט אַמאָל געהערט צו א געוויסען שטאַאט, אויב אפילו על פי פרייוויליגען צובונד, איז ער בשום אופן ניט מחויב צו פערבלייבען צוגעבונדען צו איהם אויף אייביג. די מענשליכע גערעכטיגקייט, די איינציגע וועלכע האָט פאַר אונז א וועלכע עס איז בעדייטונג, קען ניט אָנערקענען קיין אייביגע התחיבות׳ן. אַלע רעכטען און פליכטען בעגרינדען

1) פּראָפּאָזיציאָן, ווערק, ז. 20. 2) דאָרט, ז. 16. 3) ז. 16-17. 4) דאָרט, ז. 17-18. 5) דאָרט, ז. 17.

זיך אויף פרייהייט. דאָס רעכט פון פרייער פעראייניגונג און אָב־טיילונג איז דאָס ערסטע און וויכטיגסטע פון אַלע פּאָליטישע רעכט. אָהן אזא רעכט וואָלט דער בונד אַלעמאָל זיין נישט מעהר ווי א פערבעהאַלטענע צענטראַליזאציע".1)

## 5. — אייגענטום.

אין דער מענשהייט'ס פּאָרטשריט פון אַ טיער־רישער צו אַ מענשליכער עקזיסטענץ, וועט לויט באַ־קונין נאָך אין קורצען פערשווינדען, אמת טאַקי נית דאָס אייגענטום, אָבער דערפאַר זיכער די איצטיגע גע־שטאַלט פון אייגענטום — דאָס אונבעשרענקטע פריוואַט־אייגענטום.

1. דאָס פריוואטאייגענטום, אין דעם ערך וואָס עס פער־כאַפּט אַלע זאכען אָהן אַן אונטערשיעד, געהערט צו דערזעלביגער נידעריגער ענטוויקלונגסשטופע וואָס דער שטאאט.

„דאָס פריוואטאייגענטום איז אין דערזעלבער צייט אי די פאָלגע, אי די גרונדלאגע פון'ם שטאאט".2) „יעדע רעגירונג איז פון איין זייט נויטיגערווייז געבויט אויף עקספּלואטאציע, און פון דער אנדער זייט איז די עקספּלואטאציע איהר ציעל און זי בעשיצט זי און גיט איהר א געזעצליכקייט". 3) אין יעדען שטאאט זיינען פאראן „צווייערליי בעציהונגען — רעגירונג און עקספּלו־אַטאַציע. אויב רעגירען מיינט ווירקליך זיך מקריב זיין פון דער טובה וועגען פון די רעגירטע, דאן איז די צווייטע בעציהונג גאנץ געווים א דירעקטע סתירה צו דער ערסטער. לאָמיר נור אָבער פערשטעהן אונזער פּונקט ריכטיג! פון דעם אידעאַלען שטאַנד־פונקט, ער מעג זיך זיין א טעאָלאָגישער אָדער מעטאַפיזישער, פערשטעהט זיך, אז די טובה פון די מאסען קען ניט מיינען זייער וואָהלזיין דאָ אויף דער ערד, וואָרים וואָס פאר א בעטרעף האָבען

1) פּראָפּאָזיציאָן, ווערק, 18. 2) סטאַטוטען, ל'אַלליאַנץ, זייט 128. 3) גאָט און שטאַט, ווערק, ז. 324.

א פּאָר צעהנדליג יאָהר פון עולם הזה אין פערגלייך מיט דער אייביגקייט? הייסט עס, אז מען מוז רעגירען די מאַסען ניט מיט דער אויסרעכענונג עס זאָל זיי געבען די גראָבע תענוגים פון דער וועלט, נור עס זאָל זיי פערשאַפען אייביגע גליקזעליגקייט. פון דעם ערציהערישען שטאַנדפּונקט קען מען די אויסערע ליידען און דחקות אדרבא גאָר בעטראַכטען פאַר א גוטע זאַך, אזוי ווי צופּיעל תענוגים פון גוף הרג׳נען אוועק די אונשטערבליכע נשמה. איצטער אָבער פערשווינדט דער דאָזיגער ווידערשפּרוך. עקספּלואַטירען און רעגירען בעטייט דיזעלבע זאַך; איינס איז ממלא דאָס אנדערע און דיענט פאַר א מיטעל און צוועק".1)

2. דאָס פּריוואַטאייגענטום וואָס בעשטעהט אין אלע זאַכען אָהן אן אונטערשיעד האָט אזוינע אייגענשאַפטען, וואָס פּאַסען זיך צו דער נידעריגער שטופע פון ענטוויקלונג, צו וועלכער ער געהערט.

„די פּריווילעגירטע פּערטרעטער פון קאַפּיטאַל, (וועלכע זיינען היינטיגען טאָג די פערטרעטער פון דער געזעלשאַפט, ניט ווייל זיי האָבען מעהר פערשטאַנד, נור ווייל זיי זיינען געבאָרען געוואָרען אין דעם פּריווילעגירטען קלאַס) — זיי גיט דאָס דאָזיגע פּריוואַטאייגענטום אלע מזל ברכות און אויך אלע פעהלערן פון אונזער ציוויליזאַציע: רייכקייט, לוקסוס, פערשווענדעריי, תענוג, די פערגעניגען פון פאַמיליען-לעבען, דעם אויסשליסליכען גענוס פון פּאָליטישער פרייהייט, און דורך דעם די מעגליכקייט צו עקספּלואַטירען מיליאָנען ארבייטער און צו רעגירען זיי לויט דעם חשבון פון די אייגענע אינטערעסען. וואָס בלייבט נאָך איבער פאַר די פערטרעטער פון האַנד-ארבייט, פאַר די אונצעהליגע מיליאָנען פון פּראָלעטאַריער אָדער אפילו פאַר די קליינע גרונדבעזיצער, די בויערן? האָפנונגלאָזער עלענד, צומאָל ניט אפילו די פריידע פון א פאַמיליען-לעבען, (וואָרים פאַר׳ן אָרימאַן ווערט די פאַמיליע באַלד א שווערע לאַסט) אונוויסענהייט, באַרבאַריי, כמעט א

1) גאָט און שטאַאט, ווערק, זייט 4-323.

טיערישע עקזיסטענץ, און דערצו נאך דער טרייסט, וואס זיי דיענען, אלס א פעדעסטאל פאר דער קולטור, פרייהייט און פער־דארבענהייט פון א מינאריטעט".1)

וואס פרייער און מעהר ענטוויקעלט דער האנדעל און די אינ־דוסטריע זיינען אין א וועלכען עס איז לאנד, „אלץ פאלשטענדיגער איז פון איין זייט די דעמאראליזאציע פון דער קליינער צאהל פריווילעגירטע, און אלץ גרעסער זיינען פון דער אנדער זייט דאס עלענד, די קלאגען און דער גערעכטער צארן פון די ארבייטער מא־סען. ענגלאנד, בעלגיען, פראנקרייך, דייטשלאנד זיינען זיכער די לענדער אין אייראפא, וואו דער האנדעל און די אינדוסטריע גע־ניסען די גרעסטע פרייהייט און זיינען אם העכסטען פארטגעשרי־טען. גראד אין אט די לענדער הערשט דער שרעקליכסטער פאופע־ריזם, און דער אבגרונד צווישען קאפיטאליסטען און גרונדבעזי־צער אויף איין זייט און דעם ארבייטער קלאס אויף דער אנדער זייט איז גרעסער ווי אין יעדען אנדער לאנד. אין רוסלאנד, אין די סקאנדינאווישע לענדער, אין איטאליען, אין שפאניען, וואו האנ־דעל און אינדוסטריע זיינען נאך ניט ענטוויקעלט, שטארבט מען נור זעלטען פון הונגער, א חוץ אין אויסערגעוועהנליכע פעלען. אין ענגלאנד איז שטארבען פון הונגער אן אלטעגליכע געשיכטע. און עס פערהונגערן ניט נור איינצעלנע, נור טויזענדער, צעהנדליג־טויזענדער און הונדערט טויזענדער".2)

3. די מענשהייט וועט אבער אט די נידעריגע ענטוויקלונגס־שטופע, צו וועלכער דאס פריוואטאייגענטום געהערט, באלד ארי־בערגעהן.

אזוי ווי עס איז אלעמאל געווען אן אונטערדריקונג פון די פעלקער דורכ'ן שטאאט, אזוי איז אויך שטענדיג געוועןᵎ„עקספלו־אטאציע פון די מאסען קנעכט, לייבאייגענע און לוין ארבייטע־דורך א הערשענדע מינאריטעט".3) אבער פונקט אזוי ווענינ ווי

1) פראפאזיציאן, ווערק, זייט 33-32. 2) דארט, זייט 27-26. 3) גאט און שטאאט, זייט 14.

יענע אונטערדריקונג, „אזוי וועניג איז אָט די עקספּלואטאציע פערבונדען מיט דער עקזיסטענץ פון דער מענשליכער געזעל־שאפט".1) „דורך די קראפט פון דער זאך אליין"2) וועט דאָס אונבעגרעניצטע פריוואטאייגענטום אָבגעשאפט ווערען. „יעדערער פיהלט שוין אז אָט דער אויגענבליק דערנעהענטערט זיך; די ענ־דערונג שטעהט שוין כמעט פאר אונזערע אויגען, מען קען עס דערווארטען נאָך אין דעם יאָהרהונדערט".

II. אויף דער נעכסטער ענטוויקלונגסשטופע, וועלכע די מענשהייט מוז באלד גרייכען, וועט דאָס אייגענטום בע־קומען אזא געשטאלט, אז אויב אפילו עס וועט זיין פריוואט־אייגענטום אין די זאכען פון קאָנסומפציאָן, וועט אָבער אין גרונד און באָדען, אין פּראָדוקציאָנס מיטלען און אין אלע אנדערע קאפּיטאלען זיין נור געזעלשאפטסאייגענטום. די צוקינפטיגע געזעלשאפט וועט זיין קאָלעקטיוויסטיש.

אויף אָט דעם אופן וועט יעדען ארבייטער זיין געזיכערט די הכנסה פון זיין ארבייט.

„די גרונדלאגע פון דער נייער וועלט מוז זיין די גערעכטיג־קייט; אָהן איהר איז ניטאָ קיין פרייהיט, קיין צוזאמענלעבען, קיין גליק, קיין פריעדען".3) „די גערעכטיגקייט, ניט די יוריסטישע גע־רעכטיגקייט, אויך ניט די טעאָלאָגישע און אויך ניט די מעטאפיזי־שע, נור די פשוטע מענשליכע גערעכטיגקייט בעפעהלט",4) אז „אין דער צוקונפט זאָל א מענש געניסען נור לפי ערך פון דעם סכום גיטער וואָס ער האָט געשאפען".5) דער פונקט איז נור צו געפינען א מיטעל, „וואָס זאָל מאכען אז קיינער זאָל ניט האָבען די מעג־ליכקייט צו עקספּלואטירען דעם אנדערנס ארבייט, און זאָל געניע־סען א טייל פון דער געזעלשאפט'ס אָנגעקליבענע גיטער (וועלכע

1) גאָט און שטאאט, ז. 14. 2) פּראָגראם פון דער סלאַווישער פעקציאָן; דראגאמאנאָוו, ז. 282. 3) פּראָפּאָזיציאָן, ווערק, ז. 541. 4) דאָרט, ז. 59. 5) סטאַטוטען, ז. 133.

זיינען דורכאוים די פּראָדוקטען פון ארבייט) נור אויף אזויפיעל, אויף וויפיעל ער האָט דירעקט מיט זיין ארבייט בייגעטראָגען צו דער בעשאפונג פון דער דאָזיגער גיטערזאמלונג".1)

דאָס דאָזינגע מיטעל בעשטעהט דעריין וואָס „דער גרונד און באָדען, די פּראָדוקציאָנסמיטלען און אלע אנדערע קאפּיטאלען זאָלען אלס קאָלעקטיוו־אייגענטום פון דער גאנצער געזעלשאפט שטעהן אויסשליסליך צום נוצען פון די ארבייטער, דאָס הייסט, פון זייערע פעראייניגען פאר ערדארבייט און האנדווערק".2) „איך בין ניט קיין קאָמוניסט, נור א קאָלעקטיוויסט".3)

דער קאָלעקטיוויזמוס פון דער צוקינפטיגער געזעלשאפט „פאָדערט בשום אופן ניט די אויפשטעלונג פון א וועלכער עס איז העכסטער אויטאָריטעט. אין דעם נאָמען פון פרייהייט, אויף וועלכער אליין עס קען געבויט ווערען אָן עקאָנאָמישע אָדער א פּאָליטישע אָרגאניזאציע, וועלען מיר אימער פּראָטעסטירען געגען יעדער זאך, וואָס קוקט נור וויפיעל עס איז אוים עהנליך צום קאָמוניזם אָדער שטאאט־סאָציאליזם".4) „איך וואָלט וועלען, אז די אָרגאניזאציע פון דער געזעלשאפט און פון דעם קאָלעקטיוו אָדער געזעלשאפטליך אייגענטום זאָל געשאפען ווערען פון אונטען ארויף דורך די שטימע פון א פרייער פעראייניגונג, ניט פון אויבען אראָב דורך וועלכע עס איז אויטאָריטעט".5)

### 6. — פערווירקליכונג.

די ענדערונג וועלכע לאָזט זיך באַלד דערוואַרטען אין דעם גאַנג פון דער מענשהייט'ס פּראָגרעס פון אַ טיערישער צו אַ מענשליכער עקזיסטענץ — דאָס פערשווינדען פון'ם שטאַאַט, די אומגעשטאַלטונג פון געזעץ און אייגענטום און

1) פּראָפּאָזיציאָן, ז. 55. 2) סטאַטוטען, ז. 133. 3) דיסקורס, מעמוארען, זייט 27. 4) פּראָפּאָזיציאָן, ווערק, זייט 56. 5) דיסקורס, מעמוארען, ז. 28.

דאָס ערשיינען פון דעם נייען צושטאַנד — וועט נאָך באַקו־נין נאָך אריינטרעטען דורך אַ סאָציאַלע רעוואָלוציאָן ; דאָס הייסט, דורך אַ געוואַלטיגען צוזאַמענברוך פון דער אַלטער אָרדנונג, וועלכער וועט קומען פון זיך אליין דורך די קראַפט פון די זאַכען גופא, וועלכען אָבער די וואָס זעהען פאָראויס דעם גאַנג פון ענטוויקלונג, האָבען די עובדא אונטערצושטו־פען און צו פערלייכטערן.

I. „כדי ענטרונען צו ווערען פון זיין עלענדער לאַגע האָט דאָס פאָלק דריי וועגען, צוויי איינגערעדטע און איינער אַ ווירק־ליכער. די ערסטע צוויי זיינען דער בראַנפען־שיינק און די קירך, דער דריטער איז די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן".1) „די רפואה קען נור קומען דורך די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן",2) דאָס הייסט, דורך די „צערשטערונג פון אַלע אינסטיטוציעס פון אונגלייכהייט און די איינפיהרונג פון עקאָנאָמישער און געזעלשאַפטליכער גלייכ־הייט".3) די רעוואָלוציאָן וועט פון קיינעם ניט געמאַכט ווערען. „רעוואָלוציאָנען ווערען קיינמאָל ניט געמאַכט, ניט פון איינצעל־נע, און ניט פון געהיימע געזעלשאַפטען. זיי קומען אין אַ געוויסען זין פון זיך אליין ; די קראַפט פון די זאַכען, דער שטראָם פון די פאַסירונגען רופט זיי ארויס. לאַנג גרייטען זיי זיך צו אין דער טיעפענישׂ פון דעם טונקעלן בעוואוסטזיין פון די מאַסען — דאַן ברעכען זיי אויס פלוצלינג, אָפטמאָל דאַכט זיך פון גאָר ניט־וויכ־טיגע סבות".4) „די רעוואָלוציע שטעהט היינט כמעט פאַר אונ־זערע אויגען ; יעדערער פיהלט איהר דערנעהענטערן זיך ; מיר דאַרפען זי דערוואַרטען נאָך אין דעם יאָהרהונדערט".

1. „אונטער די רעוואָלוציאָן פערשטעהען מיר די פרייע פונאַנדערלאָזונג פון אַלץ וואָס מען רופט היינט די בייזע ליי־דענשאַפטען, און די פערניכטונג פון אַלץ וואָס אויף דערזעלבער שפּראַך הייסט די עפענטליכע אָרדנונג".5)

---

1) גאָט און שטאַאַט, ז. 10.   2) דאָרט, ז. 18.   3) דאָרט, ז. 45.   4) סטאַטוטען, ל'אַלליאַנץ, ז. 132.   5) דאָרט, ז. 129.

די רעוואָלוציע וועט אָנמאַכען אַ רעש ניט אַנטקעגען מענשען, נור אַנטקעגען פערהעלטניסען און זאַכען".1) „בלוטיגע רעוואָלוציעס זיינען, צו פערדאַנקען דער מענשליכער דומהייט, אָפּטמאָל נויטווענדיג, זיי זיינען אָבער אַלעמאָל אַ צרה, גאָר אַ געוואַלטיגע צרה און אַ גרויס אומגליק, ניט נור אין פּרט פון די קרבנות וואָס זיי ברייננען, נור אויך בעטראַכטענדיג די ריינקייט און די פאָלקאָמענהייט פון דעם ציעל אין וועמעס נאָמען זיי קומען פאָר".2) „מען דאַרף זיך ניט וואונדערן אויב דאָס פאָלק אין ערסטען אויגענבליק פון זיין אויפשטאַנד הרג'עט פיעל אונטערדריקער און עקספּלואַטאַטאָרס — דאָס דאָזיגע אומגליק, וואָס איז יעדענפאַלס ניט פון קיין גרעסערער וויכטיגקייט ווי דער שאָדען וואָס אַ שטורם מאַכט אָן, קען מען אפשר גאָר אין גאַנצען ניט פערמיידען. אָבער אָט דער נאַטירליכער פאַקט איז קיינמאָל ניט מאָראַליש און קיינמאָל אפילו ניט נוציליך. פּאָליטישע שחיטות האָבען קיינמאָל ניט געטוידטעט קיין פּאַרטייען, איבערהויפּט האָבען זיי זיך אַלעמאָל ארויסגעוויזען אונמעכטיג קעגענאיבער די פּריווילעגירטע קלאַסען; וואָרים די אויטאָריטעט ליעגט ווייט ניט אזויפיעל אין די פּערזאָנען, ווי אין דער שטעלונג וואָס די פּריווילעגירטע פערנעהמען דורך די אינסטיטוציעס, ספּעציעל פון'ם שטאַאט און פּריוואַטאייגענטום. אויב מען וויל מאַכען אַ גרינדליכע רעוואָלוציע, מוז מען אָנגרייפען די זאַכען און די פערהעלטניסען, מען מוז צערשטערן דאָס אייגענטום און דעם שטאַאט: יעמאָלט האָט מען ניט נויטיג צו פערניכטען מענשען און זיין אויסגעזעצט דער געפאַהר פון אַ רעאַקציע, וואָס דאָס אויס־הרג'נען פון מענשען האָט אַלעמאָל ארויסגערופען און וועט אַלעמאָל ארויסרופען. אָבער כדי צו האָבען דאָס רעכט צו האַנדלען מענשליך געגענאיבער די מענשען און ניט שטעלען אין געפאַהר די רעוואָלוציע, מוז מען זיין אונדערבאַרימדיג צו די זאַכען און

---

1) סטאַטוטען, ל'אַלליאַנץ, ז. 126. 2) די פאָלקסזאַכע, דראַגאָמאַנאָוו, ז. 309.

פערהעלטניסען, מען מוז אלץ צערשטערן, און פריהער פאר אלץ דאָס אייגענטום און זיין אונפערמיידליכע פאָלגע, דעם שטאאט. דאָס איז דער גאנצער סוד פון דער רעוואָלוציע“.1)

די רעוואָלוציע, ווי די קראפט פון די זאכען שטעלט זי אונז היינטיגען טאָג נויטיגערווייז פאָר, וועט ניט זיין א נאציאָנאלע, נור אן אינטערנאציאָנאלע, ד. ה. א אוניווערסאלע. זעהענדיג די גע־פאהר פון א פערבאנד פון אלע פריוויליגירטע אינטערעסען און אלע רעאקציאָנערע קרעפטען אין אייראָפא, זעהענדיג די שרעקליכע מיטלען וואָס א געשייטע אָרגאניזאציע קען זיי פערשאפען, זע־הענדיג דעם טיעפען אָבגרונד וואָס ליעגט היינטיגען טאָג אומע־דום צווישען די בורזשואזיע און די ארבייטער — קען קיין רע־וואָלוציע ניט האָפען צו האָבען אן ערפאָלג אויב זי וועט זיך ניט שנעל אויסשפרייטען פון איין איינציג פאָלק אויף אלע אנדערע פעלקער. א רעוואָלוציע אָבער קען קיינמאָל ניט אריבערשפריי־זען די גרעניצען און ווערען אן אלגעמיינע, סיידען זי האָט אין זיך די גרונדלאגען פון אָט אזא אלגעמיינקייט; ד. ה. סיידען זי איז אויסגעשפראָכען סאָציאליסטיש, סיידען זי צערשטערט דורך גלייכהייט און גערעכטיגקייט דעם שטאאט און פיהרט איין פריי־הייט. וואָרים קיין זאך קען ניט בעסער בעגייסטערן און דערהע־בען די איינציגע אמת'ע קראפט פון היינטיגען יאָהרהונדערט, די ארבייטער, ווי די פאָלשטענדיגע בעפרייאונג פון דער ארבייט און די צוקלאפּונג פון אלע אינסטיטוציעס, וואָס דיענען צום שוטץ פון דעם ערבליכען אייגענטום און פון קאפיטאל“.2) א פאָליטישע און נאציאָנאלע רעוואָלוציע קען דעריבער ניט געווינען, סיידען די פאָליטישע רעוואָלוציע ווערט א סאָציאלע, און די נאציאָנאלע רעוואָלוציע, דורך דעם וואָס זי טראָגט אין גרונד א סאָציאליס־טישען און שטאאט־צערשטערענדען כאראקטער, ווערט א אוני־ווערסאלע רעוואָלוציע“.3)

---

1) סטאטוטען, ל'אלליאנץ, ז. 127-8. 2) דאָרט, ז. 125.
3) דאָרט, ז. 131.

2. די רעוואָלוציע, ווי מיר פערשטעהען זי, מוז פון דעם
ערסטען טאָג אָן פּאָלשטענדיג צערשטערן און אויסרייסען מיט די
וואָרצלען דעם שטאַאט און אַלע שטאַאט־אינסטיטוציעם. די דאָ־
זיגע צערשטערונג וועט האָבען די פאָלגענדע נאַטירליכע און נוי־
טיגע ווירקונגען: א) א באַנקראָט פון שטאַאט; ב) דער שטאַאט
וועט ניט מעהר אויפמאָהנען קיין פּריוואַטע חובות, נור די בעלי־
חובות אליין וועלען צאָהלען זייערע שולדען ווען זיי וועלען חשק
האָבען; ג) עס וועט אויפהערען דער שטייערן־אָבצאָהל און עס
וועט ניט ארויפגעלעגט ווערען קיינע דירעקטע אָדער ניט־דירעקטע
אָבצאָהלונגען; ד) עס וועלען אָבגעשאַפט ווערען די אַרמעע, די
געריכטען, די בעאַמטע, די פּאָליציי און דער פּריסטערטום. ה) עס
וועט אָבגעשטעלט ווערען די אָפיציעלע אַדמיניסטראַציע פון גע־
רעכטיגקייט און עס וועט אָבגעשאַפט ווערען אַלעס וואָס ווערט
אָנגערופען יוריסטישעם רעכט און די אָנווענדונג דערפון. פאָלג־
ליך וועלען פערלירען יעדען ווערטה און וועלען געהן אויפ'ן פייער
אַלע טיטולען פון אייגענטום, צוואות־אָבשרייבונגען, שטר־עסקא'ס,
נעשענק־פּאַפּירען, פּראָצעס־אַקטען — קורץ, דער גאַנצער פּאַפּיר־
פּאַק וואָס האָט צו טון מיט פּריוואַט־רעכט. אומעדום און בנוגע
צו יעדער זאַך וועט דער רעוואָלוציאָנערער פאַקט פערנעהמען דאָס
פּלאַץ פון געזעץ, וואָס איז געשאַפען און גאַראַנטירט פון'ם
שטאַאט. ו) עס וועלען קאָנפיסקירט ווערען אַלע פּראָדוקטיווע
קאַפּיטאַלען און אַלע פּראָדוקציאָנס מיטלען צו גונסטען פון די
אַרבייטער־פעראייגען, וועלכע וועלען עס געברויכען פאַר דער קאָ־
לעקטיוו־פּראָדוקציאָן. ז) עס וועט קאָנפיסקירט ווערען דאָס איי־
גענטום פון דער קירך און פון'ם שטאַאט, אזוי גוט ווי דאָס גאָלד
וואָס געפינט זיך אין פּריוואַטע הענד, צום וואָהל און בעסטען
פון דער געמיינדע, וואָס וועט צונויפגעשטעלט ווערען דורך דעם
פערבאַנד פון די אַרבייטער־פעראייגען. פאַר די קאָנפיסקירטע גי־
טער וועלען די וואָס האָבען געליטען פון דער קאָנפיסקאַציע בע־
קומען פון דער געמיינדע אַלץ וואָס זיי האָבען אונבעדינגט נוי־

טיג; זיי זיינען פריי שפּעטער צו דערווערבען מעהרער דורך זייער ארבייט".1)

נאָך דער צערשטערונג וועט קומען דער איבערבוי פון דאָס ניי. דעריבער וועט זיין ח) „אַן אָרגאַניזאַציאָן פון דער קאָמונע וואָס וועט בעשטעהן פון די בעשטענדיגע באַריקאַדען־פערייינען, ווי אויך פון זייער אָרגאַן, דעם ראַטה פון דער רעוואָלוציאָנערער קאָמונע, אין וועלכען יעדע באַריקאַדע, יעדע גאַס יעדער קוואַרטאַל וועט שיקען איינעם אָדער צוויי פעראַנטוואָרטליכע פערטרעטער. וועמען מען קען צו יעדער צייט צוריקרופען, און וועלכע קריגען בינדענדע אינסטרוקציעס. דער קאָמונאַלער ראַטה קען בעשטימען פון זיינע מיטגליעדער עקזעקוטיוו־קאָמיטעען פאַר די פערשיידענע צווייגען פון דער רעוואָלוציאָנערער אדמיניסטראַציע. ט) אַן ערקלערונג פון דער רעוואָלוציאָנערער הויפּשטאָדט, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט ווי א קאָמונע, אז תיכף נאָך דער גערעכטער צערשטערונג פון דעם אויטאָריטערען און אַפּוטרופּס'שען שטאַאט, זאָגט זי זיך אָב פון דעם רעכט (אָדער ריכטיגער פון דער מאַכט) צו רעגירען די פּראָווינצען און פאָרשטעלען מיט זיך א מאָסשטאַב פאַר זיי. י) אַן אויפרוף צו אַלע פּראָווינצען, געמיינדען און פעראייניגונגען צו פאָלגען דעם ביישפּיעל פון דער הויפּטשטאָדט אין ערסטענס זיך רעאָרגאַניזירען רעוואָלוציאָנער, דאַן שיקען אין א בעשטימטען פערזאַמלונגס אָרט פעראַנטוואָרטליכע און צוריקרופבאַרע פערטרעטער מיט בינדענדע אינסטרוקציעס, און אויף דעם אופן צונויפשטעלען דעם פערבאַנד פון די רעוואָלוציאָנערע פעראייניגען, געמיינדען און פּראָווינצען, און אָרגאַניזירען א רעוואָלוציאָנערע מאַכט, וואָס זאָל זיין בכח צו בעזיעגען די רעאַקציע. שיקען זאָל מען ניט קיין אָפיציעלע רעוואָלוציאָנס־קאָמיסערען מיט עפּעס א מין קוקאַרדיעס, נור אַגיטאַטאָרען פאַר דער רעוואָלוציע אין אַלע פּראָווינצען און געמיינדען — ספּעציעל צו די פּויערים, וועלכע קענען ניט ווערען רעוואָלוציאָנירט דורך וויסענשאַפטליכע

1) סטאַטוטען, ל'אַלליאַנץ, ז. 30־129.

פּרינציפּען אָדער דורך דיקטאַטאָרישע אוקאַזען, נור דורך דעם רעוואָלוציאָנערען פאַקט אליין, דאָס הייסט, דורך די אונפערמייד־ליכע ווירקונגען פון דעם פּאָלשטענדיגען אויפהערען פון יעדער אָפיציעלער שטאַאט־טהעטיגקייט אין אלע געמיינדען. די אָב־שאַפונג פון דעם נאַציאָנאַלען שטאַאט זאָל בּאָרקומען אויך אין דעם זין, אז אלע פרעמדע לענדער, פּראָווינצען, געמיינדען און פעראיינען, און אפילו אלע איינצעלנע מענשען, וועלכע האָבען זיך אויפגעהעבען אין נאָמען פון די אייגענע פּרינציפּען, זאָלען, ניט קוקענדיג אויף די איצטיגע שטאַאט־גרעניצען, אויף זייער פּאָלי־טישען סיסטעם און זייער נאַציאָנאַליטעט, אריינגענומען ווערען; בעת פון דער אנדער זייט, אלע פּראָווינצען, געמיינדען, פעראיי־נען און איינצעלנע פערזאָנען פון דעם אייגענעם לאַנד, וועלכע האַלטען זיך ביי דער רעאַקציאָנערער פּאַרטיי, זאָלען בלייבען אויס־געשלאָסען. אויף דעם אופן וועט די אוניווערסאַלע רעוואָלוציע, גופא דורך דעם וואָס די אויפגעשטאַנענע לענדער וועלען זיך פערבינדען פאַר א געמיינשאַפטליכער פערטיידיגונג, מאַרשירען אונגעשטערט איבער די אָבגעשאַפענע גרעניצען און חורבות פון די פריהערדיגע שטאַאטען צו איהר גרויסען זיעג".1)

II. „דיענען דער רעוואָלוציאָן, וועלכע מוז אומעדום זיין די ארבייט פון'ם פאָלק, אָרגאַניזירען זי און צו־איילען"2) — דאָס אליין איז די אויפגאַבע פון יענע מענשען, וועלכע זעהען אין פאָר־אויס דעם גאַנג פון ענטוויקלונג. מיר דאַרפען טון „די ארבייט פון א העבאַם"3) פאַר דער נייער צייט: „מיטהעלפען די געבורט פון דער רעוואָלוציאָן".4)

פאַר דעם צוועק מוזען מיר „ערסטענס פערשפּרייטען צווי־שען די מאַסען אזוינע געדאַנקען, וועלכע ענטשפּרעכען די אינסטינקטען פון די מאַסען".5) וואָס האַלט אָב אָט די געדאַנקען,

1) סטאַטוטען, ל'אַלליאַנץ, ז. 1־130. 2) דאָרט. 3) די פאָלקסזאַכע, דראגאמאנאוו, ז. 309. 4) סטאַטוטען, ז. 132.
5) דאָרט.

וועלכע טראָגען מיט זיך א ישועה פאר די ארבייטער, פון ארייגצו־
דרינגען צווישען די מאסען מיט שטורם? זייער אונוויסענהייט איז
איבערהויפט די פּאָליטישע און רעליגיעזע פּאָראורטיילען, וועלכע,
א דאַנק די אָנשטרענגונגען פון די הערשענדע קלאַסען, פּער־
פינסטערן ביז אויף היינטיגען טאָג דעם ארבייטער'ס נאטירלי־
כען געדאַנק און געזונטע געפיהלען".1) דאָס ציעל מוז דעריבער
בעשטעהן דעריין, צו מאַכען איהם פאָלקאָם בעוואוסט פון דאָס
וואָס ער וויל און ארויסרופען אין איהם דעם געדאַנק וואָס ענט־
שפּרעכט זיינע טריעבען. האָט זיך נור איין מאָל אויפגעהעבען דער
געדאַנק פון די ארבייטערמאַסען צו דער הויך פון זייערע טריעבען,
דאַן ווערט באַלד זייער ווילען בעשטימט און קיין זאַך קען ניט
ביישטעהן אנטקעגען זייער מאַכט".2)

ווייטער, מוזען מיר „שאַפען, אמת טאַקי ניט די ארמעע פון
דער רעוואָלוציע — אזא אַרמעע קען נור זיין דאָס פּאָלק אליין
— אָבער דאָך מוזען מיר בילדען א מין רעוואָלוציאָנערן גענע־
ראַלשטאַב. די מוזען זיין איבערגעבענע, ענערגישע און טאַלאַנט־
פולע מענשען, וועלכע האָבען קודם כל ליעב דאָס פּאָלק אָהן גאוה
און אָהן פניות, און וועלכע בעזיצען די פעהיגקייט מכריע צו זיין
צווישען דעם רעוואָלוציאָנערען געדאַנק און די אינסטינקטען פון
פּאָלק. מען דאַרף דערצו ניט האָבען קיין איבעריג גרויסע צאָהל
מענשען. פאר די אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פון גאַנץ איי־
ראָפּא איז גענוג א הונדערט ערנסטע און פעסט פערבונדענע רע־
וואָלוציאָנערן. פון צוויי ביז דריי הונדערט רעוואָלוציאָנערן זיינען
גענוג פאר דער אָרגאַניזאַציע פון גרעסטען לאַנד".3)

אָט דאָ איז פאַראַן ספּעציעל א פעלד פאר דער טהעטיגקייט
פון די געהיימע געזעלשאַפטען.4) „כדי צו דיענען דער אַלגע־
מיינער רעוואָלוציע, צו אָרגאַניזירען זי און צו־איילען"5) האָט
באַקונין געגרינדעט „די אינטערנאַציאָנאַלע אַלליאַנץ פון דער

1) אַרטיקלען, מעמואר, ז. 103. 2) דאָרט. 3) סטאַטוטען,
ז. 132. 4) דאָרט. 5) דאָרט, ז. 125.

סאָציאַליסטישער דעמאָקראַטיע". זי האָט גערארפט פערפאָלגען א דאָפּעלטען צוועק. א) „פערשפּרייטען ריכטיגע אנשויאונגען איבער פּאָליטיק, עקאָנאָמיע און אלערליי פילאָזאָפישע פראגען צווישען די פאָלקסמאַסען פון אלע לענדער; טהעטיגע פּראָפּאַגאַנדא דורך צייטונגען, בראָשורען און ביכער, ווי אויך גרינדען עפענטליכע פעראייניגונגען. ב) געווינען אלע קלוגע, ענערגישע, פערשווינגענע, גוט־געזינטע מענשען, וועלכע זיינען געטריי איבערגעבען צו דער אידעע; בעדעקען גאנץ אייראָפּא, און אויך וויפיעל מעגליך אויך אמעריקא, מיט א נעץ פון אָפּפערפעהיגע און דורך אייניגקייט שטארקע רעוואָלוציאָנערען"[1].

1) סטאַטוטען, ז. 125-126.



## זיעבעטער קאפיטעל.

# קראפּאָטקין׳ס לעהרע.

### 1. — אַלגעמיינעס.

1. פּעטער אַלעקסייעוויטש קראפּאָטקין איז געבאָרען געוואָרען אין מאָסקווי אין יאָהר 1842. פון 1862 ביז 1867 איז ער געווען אַן אָפיציער ביי די אַמורער קאָזאקען; אין דער צייט האָט ער ארומגערייזט א גרויסען טייל פון סיביר און מאַנדזשוריע. פון 1867 ביז 1871 האָט ער שטודירט אין פּעטערבורג מאטעמאטיקע. דאמאָלסט איז ער אויך געווען סעקרעטער פון דער געאָגראפישער געזעלשאפט; אונטער איהר אויפטראג האָט ער אויסגעפאָרשט די גלעטשערס (אייזבערג) פון פינלאַנד און שוועדען.

אין 1872 איז קראפּאָטקין געפאָהרען קיין בעלגיען און אין דער שווייץ, וואו ער האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער „אינטערנאציאָנאַלע אסאָציאציאָן פון ארבייטער". נאָך אין דעמזעלבען יאָהר האָט ער זיך צוריקגעקעהרט קיין פּעטערבורג און איז געוואָרען א טהעטיג מיטגליעד פון דעם געהיימען בונד פון די „טשאיקאָווצי". אין 1874 האָט מען איהם אויסגעפונען. מען האָט איהם ארעטירט און געהאַלטען אין תפיסה, ביז עס איז איהם געלונגען צו ענטלויפען (אין 1876) קיין ענגלאַנד.

פון ענגלאַנד איז קראפּאָטקין געגאַנגען אין 1877 נאָך דער שווייץ, פון וואַנען ער איז אָבער אין 1881 אויסגעוויזען געוואָרען. ער האָט זיך דאן אויפגעהאַלטען אמאָל אין פראַנקרייך און אמאָל אין ענגלאַנד. אין פראַנקרייך איז ער אין 1883 פעראורטיילט געוואָרען פאר געהערען צו א פערבאָטענער געזעלשאפט אויף 5

יאָהר געפענגנים; ער איז אָבער נור געזעסען ביז 1886, און דאַן האָט מען איהם בעפרייט. זייט דאַן לעבט ער אין ענגלאַנד.

קראָפּאָטקין האָט פּערעפענטליכט געאָגראַפישע ווערק און רייזעבעשרייבונגען, און א חוץ דעם שריפטען אויף די ענינים פון פּאָליטיק, עקאָנאָמיע און רעכטספילאָזאָפיע.

2. פאר קראָפּאָטקינ'ס לעהרע איבער געזעץ, שטאאט און אייגענטום זיינען אם וויכטיגסטען זיינע פיעלע קליינע שריפטען, צייטונגס ארטיקלען און געהאלטענע רעדען. די ארטיקלען וועלכע ער האָט געדרוקט אין די זשענעווער צייטונג „לע רעוואלטע“ פון 1879 ביז 1882 זיינען אין 1885 ארויס אין בוכפאָרם אונטער'ן נאָמען „פּאראָל ד'ון רעוואָלטע“. דאָס איינציגע גרעסערע ווערק, אין וועלכען ער האָט ענטוויקעלט זיין לעהרע איז „לאַ קאָנקעט די פּען“ (1892).

3. קראָפּאָטקין רופט אָן זיין לעהרע אַנארכיזם. „ווען אין מיטען פון'ם „אינטערנאציאָנאל“ האָט זיך געבילדעט א פּארטיי, וועלכע האָט פּונקט אזוי וועניג אָנערקענט אָן אויטאָריטעט אין דער אסאָציאציע, ווי וועלכע עס איז אַנדער אויטאָריטעט, האָט זי זיך פון אָנפאנג אָנגערופען פעדעראליסטיש, און שפּעטער אנטי־אויטאָריטער, פיינד פון'ם שטאאט. זי האָט נאָך דאמאָלסט אויס־געמיטען צו בעצייכענען זיך מיט דעם נאָמען אַנארכיסטיש. דאָס וואָרט א ן־א ר כ י ע (אָט אזוי האָט מען עס אין יענער צייט געשריבען) האָט דער פּארטיי אויסגעוויזען איז צו־ענג פערבונ־דען מיט פּרודאָן'ס אָנהענגער. וועמעס רעפאָרם־געדאנקען די־אינטערנאציאָנאל האָט בעקעמפּפט. די געגנער אָבער פון דער דאָ־זיגער פּארטיי האָבען דוקא צוליב דעם טעם, וואָס עס וועט ארויס־רופען א פערווירונג, געהאַט הנאה זיי אָנצורופען מיט דעם נאָ־מען; אגב האָט עס זיי געגעבען א פּתחון פּה צו בעהויפּטען, אז די אַנארכיסטען, ווי מען קען עס זעהען בעשיינפּערלאך פון זייער נאָמען גופא, ציעלען נישט מעהר ווי ארויסצורופען אונאָרדנונג און כאאָס, און אויף ווייטער דענקען זיי גאָר נישט. די אַנאר־כיסטישע פּארטיי האָט ניט לאנג געוואַרט און האָט אָנגענומען

דעם נאָמען וואָס מען האָט איהר געגעבען. אין אָנהויב איז זי נאָך בעשטאַנען אויף דעם פּאַסיקל צווישען „אַן“ און „אַרכיע“, מחמת דעם טעם וואָס דאָס וואָרט אַנ־אַרכיע, וועלכעס נעהמט זיך פון גריכיש, בעטייט, ווען עס ווערט געשריבען אין אָט דער פאָרם, הערשאַפטסלאָזיגקייט, און ניט כלומר׳שט „אונאָרד־נונג“; זי האָט זיך אָבער באַלד ענטשלאָסען איינצושפּאָרען דעם בעל מגיה אַן איבעריגע טרחה און דעם לעזער אַ למוד אין דער גריכישער שפּראַך, און האָט זיך בעדיענט מיט׳ן נאָמען ווי ער שטעהט און געהט“.1) און אין פאַקט, „דאָס וואָרט אַנאַרכיע, וואָס נעגירט די גאַנצע זאָגענאַנטע אָרדנונג און דערמאָנט אונז אָן די שענסטע מאָמענטען אין׳ם לעבען פון די פעלקער, איז גאַנץ גוט צוגעקליבען פאַר אַ פּאַרטיי, וועלכע בעשטרעבט צו געווינען אַ בעסערע צוקונפט“.2)

## 2. — גרונדלאַגע.

לויט קראָפּאָטקין נאָך איז דאָס העכסט־וויכטיגע געזעץ פאַר׳ן מענשען דאָס ענטוויקלונגס געזעץ פון׳ם פּראָגרעס פון דער מענשהייט פון אַ ווענינער גליקליכער ביז צו אַ העכסט גליקליכער עקזיסטענץ; פון דעם געזעץ פיהרט ער ארויס דאָס געבאָט פון גערעכטיגקייט און דאָס געבאָט פון ענערגיע.

1. דאָס העכסטע געזעץ פאַר׳ן מענשען איז דאָס ענטוויק־לונגסגעזעץ פון׳ם פּראָגרעס פון דער מענשהייט פון אַ ווענינער גליקליכער ביז צו אַ העכסט גליקליכער עקזיסטענץ.

עס איז פאַראַן „נור איין וויסענשאַפטליכע מעטאָדע — די מעטאָדע פון די נאַטורוויסענשאַפטען“,3) און אָט די מעטאָדע ווענדען מיר אויך אָן „אין די וויסענשאַפטען וואָס זיינען נוגע דעם מענשען“, ספּעציעל אין דער געזעלשאַפטס־וויסענשאַפט“.4)

1) פּאַראָל ד׳ין רעוואָלטע, ז. 99. 2) דאָרט ז. 104. 3) לע מאָן נואוואָ, ז. 39. 4) דאָרט.

היינטיגע צייטען געהט פאָר א געוואַלטיגע רעוואָלוציע אין אלע וויסענשאַפטען, און דאָס קומט דורך די ענטוויקלונגס־פילאָזאָפיע.1)
„דער ביזאהעריגער געדאַנק, אַז אין דער נאַטור שטעהט אלץ אויף אַן אָרט, איז געפאלען, צערשטערט געוואָרען און פערניכ־טעט. אלץ אין דער נאַטור בייט זיך, גאָרנישט בלייבט שטעהן, ניט דער פעלז וואָס זעהט אונז אויס אזוי אונבעוועגליך, ניט דער קאָנטינענט, וועלכען מיר רופען אַן „טעררא פירמא (פעסטע ערד), ניט די מענשען וואָס וואָהנען אויף איהם און ניט זייערע מנהגים, געוואוינהייטען און געדאַנקען. אלץ וואָס מיר זעהען ארום אונז איז אַן ערשיינונג וואָס געהט פאָראיבער און מוז זיך ענדערן, ווייל אונבעוועגליכקייט וואָלט זיין דער טויט".2) ביי די אָרגאַניזמען איז אָט די ענטוויקלונג א פּראָגרעס, צוליב „זייער וואונדערבאַ־רע פעהיגקייט צו צו־פּאַסען זיך צו זייערע לעבענסבעדינגונגען. זיי ענטוויקלען אזוינע אייגענשאַפטען, דורך וועלכע דער גאַנצער אָרגאַניזם פּאַסט זיך צו אלץ פאָלשטענדיגער צו זיין סביבה און יעדער טייל פּאַסט זיך צו צו די נויטען פון א פרייען צוזאַמענ־ווירקען. דאָס איז „דער קאַמפּף אומס דאזיין", וועלכען מען דאַרף דעריבער ניט אויפפאַסען אין דעם ענגען זין פון א קאַמפּף צווי־שען אינדיווידומען פאַר די מיטלען צום לעבען".3)

די ענטוויקלונג געהט קיינמאָל ניט אזוי לאַנגזאַם און גלייכ־מעסיג, ווי מען פלעגט בעהויפּטען. עוואָלוציאָן און רעוואָלוציאָן בייטען זיך איינע מיט די אַנדערע, און די רעוואָלוציאָנען, דאָס הייסט, די צייטען פון שנעלער עוואָלוציאָן, געהערען פּונקט אזוי גוט צו דער איינהייט פון דער נאַטור, ווי די צייטען אין וועלכע די עוואָלוציע געהט זיך אָן לאַנגזאַמער".4) „אָרדנונג איז דאָס פרייע גלייכגעוויכט פון אלע קרעפטען וואָס ווירקען אויף איינעם און דעמזעלביגען פּונקט; אויב וועלכע עס איז פון אָט די קרעפּ־טען ווערען געשטערט אין זייער ווירקונג דורך א מענשליכען ווי־

1) לע טאַן נואוואַ, ז. 39. 2) רעוואָלוציאָנערע שטודיען, ז. 9.
3) אַנאַרכ. קאָמוניזם, ז. 8-9. 4) לע טאַן נואוואַ, ז. 13.

לען, ווירקען זיי פון דעסטוועגען אלץ איינס, אָבער זייערע ווירקונגען קליבען זיך אָן, ביז איין שעהנעם טאָג ברעכען זיי דורך די געמאַכטע וואַנד און רופען ארויס א רעוואָלוציע".1)

קראָפּאָטקין ווענדעט אָן אָט די אַלגעמיינע געדאַנקען אויפ'ן געזעלשאַפטליכען לעבען פון מענשען. א געזעלשאַפט איז א צוזאַמענשמעלצונג פון אָרגאַניזמען, וועלכע זוכען אין איין צייט אי צו בעפריעדיגען די בעדערפעניסען פון יעדען איינצעלנעם אי צו ווירקען אלע צוזאַמען לטובה פון גאַנצען מין".2) זי איז „ א גאַנצעס וואָס דיענט דעם צוועק צו בעקומען וואָס מעהר גליק, אוועקגעבענדיג דערויף וואָס וועניגער מענשליכע קרעפטען".3) די מענשליכע געזעלשאַפטען ענטוויקלען זיך און מען קען פּרובירען בעשטימען דעם גאַנג פון דער דאָזיגער ענטוויקלונג.4) געזעלשאַפטען געהען פאָרווערטס פון נידעריגערע צו העכערע פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע;5) דאָס ציעל אָבער פון דער דאָזיגער ענטוויקלונג, דאָס הייסט, דער פונקט צו וועלכען זי שטרעבט, איז „איינצופיהרען די בעסטע בעדינגונגען, וואָס זאָלען געבען דאָס גרעסטע גליק פון דער מענשהייט".6) דער ריכטיגער וועג צו דעם דאָזיגען ציעל איז דאָס וואָס מיר רופען אָן פּראָגרעס.7) די מענשהייט קען פאַר א געוויסע צייט אָבטרעטען פון אָט דעם וועג, צום סוף אָבער מוז זי ווידער געבראַכט ווערען צו איהם צוריק.8)

אָבער אפילו דאָ קומט די עוואָלוציאָן ניט פאָר אָהן רעוואָלוציאָנען. דאָס וואָס איז ריכטיג בנוגע צו א מענשען'ס מיינונגען, בנוגע צו דעם קלימאַט פון א לאַנד און בנוגע צו די סמנים פון די מינים, איז אויך ריכטיג בנוגע צו געזעלשאַפטען: „זיי ענטוויקלען זיך לאַנגזאַם, אָבער עס גיט אויך צייטען פון דער שנעלסטער איבערענדערונג".9) וואָרים פערשיידענערליי אומ־

1) לע טאָן נואוואָ, ז. 12. 2) אַנאַרכ. קאָמ. ז. 4. 3) רעוואָלוצ. סטודיען, ז. 24. 4) אַנאַרכ. קאָמ. ז. 4. 5) דאָרט, ז. 7. 6) דאָרט, ז. 4. 7) די אַנאַרכיע אין דער סאָציאַל. רעוו. ז. 28. 8) ווערטער פון אַ רעוואָל. ז. 17. 9) לע טאָן נואוואָ, ז. 59.

שטאַנדען קענען שטעהן אין וועג דעם שטרעבען פון די מענשליכע חברותא׳ס צו גרייכען די מעגליך־גרעסטע מאָס פון גליק. „נייע געדאַנקען שפּראָצען ארויס אומעדום, זיי זוכען ארויסצוקומען אין דער ליכטיגקייט, צו געפינען אַן אָנווענדונג אין לעבען; זיי ווערען אָבער צוריקגעהאַלטען דורך די אינערציע פון יענע מענשען, וועל־כע זיינען פעראינטערעסירט אין אויפהאַלטען די אַלטע צושטאַנ־דען, זיי ווערען דערשטיקט אונטער דער לאַסט פון די בעיאָה־רענטע פאָראורטיילען און טראַדיציעס".1) „די פּאָליטישע, עקאָ־נאָמישע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס צערפאַלען אויף חורבות, און די אונבעוואָהנבאַר־געוואָרענע געביידע שטערט די ענטוויק־לונג פון די שפּראָצען, וואָס בעווייזען זיך אין איהרע שפּאַלטען און ארום איהר".2) דאַן בעדאַרף מען „גרויסע פּאַסירונגען וואָס זאָלען גראָבליך אַ ריס טון דעם פאָדים פון דער געשיכטע, ארויס־שליידערן די מענשהייט פון איהרע אויסגעפאָהרענע שטעגען און אריינוואַרפען זי אין נייע וועגען".3) „די רעוואָלוציע ווערט אַ דרינגענדע נויטווענדיגקייט". 4) — „דער מענש האָט דערקענט זיין פּלאַץ אין דער נאַטור; ער האָט דערקענט, אַז זיינע אינסטי־טוציעס זיינען זיין אייגען ווערק און זיי קענען איבערגעמאַכט ווערען פון איהם אליין".5) „וואָס האָט די טעכניקע ניט געוואַגט צו טון און וואָס וואַגט ניט היינטיגען טאָג די ליטעראַטור, ד מאַהלער־קונסט, די דראַמאַ, די מוזיק!"6) אזוי מוזען מיר אויך, דאָרט וואו די אינסטיטוציעס שטערען דעם פּראָגרעס פון דער גע־זעלשאַפט, „וואַגען צו קעמפען, כדי צומאַכען מעגליך אַ רייך לע־בען אין איבערפלוס פאַר אַלעמען".7)

2. פון דעם ענטוויקלונגס געזעץ פון דער מענשהייט׳ס פּראָגרעס פון אַ ווענינער גליקליכער ביז צו אַ העכסט־גליקליכער

1) ווערטער פון אַ רעוואָלוציאָנער, ז. 6־275. 2) דאָרט, ז. 8־277. 3) דאָרט, ז. 17. 4) דאָרט, ז. 275. 5) רעוואָלוצ. סטודיען, ז. 9. 6) דאָרט, ז. 10. 7) אַנאַרכ. מאָראַל, ז. 74.

עקזיסטענץ פיהרט קראָפּאָטקין ארויס דאָס געבאָט פון גערעכטיג־
קייט און דאָס געבאָט פון ענערגיע.

אין דעם „קאַמפף אום׳ס דאַזיין" ענטוויקלען זיך די מענש־
ליכע געזעלשאַפטען צו אַזאַ צושטאַנד וואו עס זיינען פאַראַן די
בעסטע בעדינגונגען אויף צו דערגרייכען דאָס גרעסטע גליק פון
דער מענשהייט.1) ווען מיר בעצייכענען עפּעס מיט דעם נאָמען
„גוט", מיינען מיר דערמיט, אַז עס העלפט צו גרייכען אָט דעם
ציעל, ד. ה. עס איז לטובה פאַר דער געזעלשאַפט אין וועלכער
מיר לעבען; און ווען מיר רופען אָן עפּעס „שלעכט", מיינען מיר
דאָס, וואָס נאָך אונזער מיינונג נאָך הינדערט צו גרייכען דעם
ציעל, ד. ה. וואָס עס איז שעדליך פאַר דער געזעלשאַפט אין וועל־
כער מיר לעבען.2)

גאַנץ געוויס קענען זיך בייטען די מיינונגען מכח וואָס עס
העלפט און וואָס עס שטערט די איינפיהרונג פון די בעסטע בע־
דינגונגען אויף צו גרייכען דער מענשהייט׳ס גרעסטען גליק, און
בכן, וואָס איז ניצליך אָדער שעדליך פאַר דער געזעלשאַפט. איין
גרינדליכע פאָדערונג אָבער אויף צו דערגרייכען דעם דאָזיגען
ציעל וועט ביי אַלע פערשיידענהייטען פון די מיינונגען דאָך מו־
זען אָנערקענט ווערען. דאָס קען צוזאַמענגעפאַסט ווערען אין דעם
זאַץ: „טהו פאַר אנדערע דאָס וואָס דו ווילסט עס זאָל געטון
ווערען אין א עהנליכען פאַל פאַר דיר". אָבער אָט דער זאַץ „איז דאָס
אייגענע וואָס דער פּרינציפּ פון גלייכהייט".3) גלייכהייט וויעדער
מיינט דאָס אייגענע וואָס יושר, סאָלידאַריטעט, גערעכטיגקייט.4)

עס איז אָבער פאַראַן נאָך א גאַנץ קלאָרע גרונדפאָדערונג וואָס
מען מוז ערפיעלען כדי צו קענען גרייכען דאָס ציעל. דאָס איז
„עטוואָס גרעסער, שעהנער און געוואַלטיגער איידער די איינפאַ־
כע גלייכהייט; מען קען עס אויסדריקען אין דעם זאַץ: זיי
שטאַרק; זאָל פון דיר אריבערפליסען די ליידענשאַפט פון גע־

1) אַנאַרכ. קאָמ. ז. 4. 2) דאָרט, ז. 30. 3) דאָרט, ז. 24-41. 4) ווערטער פון א רעוואָלוציאָנער, ז. 342,129.

דאַנק און טהאַט, בכדי אַז דיין פערשטאַנד, דיין ליעבע און דיין ענערגיע זאָל זיך אריינגיסען אין אנדערע מענשען".1)

### 3. — געזעץ.

אויף דער נעכסטער שטופע פון'ם פּאָרטשריט פון דער מענשהייט פון אַ וועניגער גליקליכער ביז צו אַ העכסטגליק־ליכער עקזיסטענץ, וועט נאָך קראָפּאָטקין נאָך אמת טאַקי ניט פערשווינדען דאָס רעכט, אָבער זיכער די געמאַכטע געזעץ.

1. די געמאַכטע געזעץ זיינען פאר דעם ראָזיגען פּאָרטשריט פון דער מענשהייט געוואָרען א שטערונג.

„זייט טויזענדער יאָהרען חזר'ן די רעגירער איבער אימער־ווידער די ווערטער: אַכטונג פאר'ן געזעץ!" 2); „אין די היינ־טיגע שטאַאטען בעטראַכט מען א ניי געזעץ ווי א רפואה פאר אלע מכות".3) אין אמת'ען אָבער „האָט דאָס געזעץ קיין תביעה ניט פאר וואָס מענשען זאָלען עס אכטען".4) „עס איז א קונציגע גע־מישעכץ פון אזוינע געוועגהייטען, וועלכע זיינען ניצליך פאר דער געזעלשאַפט און וואָלטען געשעצט ווערען אויך אָהן דעם געזעץ, און פון אַנדערע וועלכע זיינען נור ניצליך פאר דער הערשענדער מינאָריטעט, בעת אָבער פאר די מאַסען זיינען זיי שעדליך און ווערען פון זיי אָבגעהיט נור דורך שרעקען און מורא פאר די שטראָף".5) „דאָס געזעץ וואָס האָט אין אָנהויב זיך בעוויעזען אלס א זאַמלונג פון געוועגהייטען, וועלכע האָבען געדיענט דעם קיום פון דער געזעלשאַפט, איז איצט נישט מעהר ווי א ווערק־צייג אויפצוהאַלטען די עקספּלואַטאַציע און די בעהערשונג פון די ארבייטענדע מאַסען דורך די רייכע פוילענצער. עס האָט היינט שוין ניט מעהר קיין קולטורעלע אויפגאַבע; זיין איינציגע

1) אַנאַרכ. מאָראַל, ז. 61, 57. 2) ווערטער פון אַ רעוואָלוציאָ־נער ז. 215. 3) דאָרט, ז. 214. 4) דאָרט. ז. 227. 5) דאָרט.

אויפגאַבע איז נור צו בעשיצען עקספּלואַטאַציע".1) „אנשטאָט פּראָגרעסיווע ענטוויקלונג ברייננט עס נור שטרעננע אונבעוועג־ ליכקייט;2)„ עס העלפט נור שטאַרק צו פערפעסטיגען די געוועהניי־ טען, וואָס זיינען ניצליך פאר דער הערשענדער מינאָריטעט".3)

„אז מען בעטראַכט די מיליאָנען געזעץ, וועלכע די מענש־ הייט געהאָרכט, קען מען זיי איינטיילען אויף דריי גרויסע קלאַ־ סען: די בעשיצונג פון אייגענטום, די בעשיצונג פון דער רעגי־ רונג און די בעשיצונג פון פּערזאָנען. נעהמט מען אָבער אונטער־ זוכען אָט די דריי קלאַסען, קומט מען נויטוועגדיג אומעדום צום רעזולטאַט, אז דאָס געזעץ האָט קיין ווערטה ניט און איז נור שעדליך. וואָס פאר א ווערדע די בעשיצונג פון אייגענטום האָט, ווייסען די סאָציאַליסטען שוין צו־גוט. די געזעץ וועגען אייגענ־ טום זיינען ניט געמאַכט געוואָרען כדי צו זיכערן דער געזעלשאַפט אָדער די איינצעלנע די פולע הכנסה פון זייער ארבייט. אדרבה זיי עקזיסטירען נור כדי אוועקצורייבען ביים פּראָדוצירער א טייל פון זיין פּראָדוקט, און צו בעשיצען איניגע אַנדערע אין דעם גע־ נום פון דאָס וואָס זיי האָבען אָנגערויבט פון די איינצעלנע אר־ בייטער אָדער פון דער גאַנצער געזעלשאַפט".4) וואָס עס בע־ לאַנגט ווייטער די געזעץ צו בעשיצען די רעגירונג, „ווייסען מיר וואָהל, אז אַלע רעגירונגען אָהן אויסנאַהמע האָבען די אויפגאַבע אויפצוהאַלטען מיט געוואַלט די פּריווילעגיעס פון די בעזיצענדע קלאַסען, — דער אַדעל, די גייסטליכע און די בורזשואַזיע. מען דאַרף נור אָט די אַלע געזעץ אונטערזוכען, מען דאַרף נור יעדען טאָג בעמערקען ווי זיי ווירקען, וועט מען זיך איבערצייגען, אז קיין איינציג געזעץ איז ניט ווערטה א קיום צו האָבען".5) פּונקט אזוי „איבערפליסיג און שעדליך זיינען אויך די געזעץ צו בעשי־ צען פּערזאָנען, צו בעשטראָפען און פערהינדערן „פערברעכען". די מורא פאר'ן שטראָף האָט נאָך קיין מערדער ניט צוריקגעהאַלטען

1) ווערטער פון אַ רעוואָלוציאָנער, ז. 235. 2) דאָרט, ז. 219.
3) דאָרט, ז. 226. 4) דאָרט, ז. 236. 5) דאָרט, ז. 239.

פון צו בעגעהן א מאָרד. דער וואָס וויל טוידטען א מענשען פון נקמה אדער פון נויט, צערברעכט זיך ניט דעם קאָפּ טראַכטענדיג וועגען די פאָלגען פון זיין טהאַט, און יעדער מערדער וואָס מיר ווייסען ביז איצטער האָט אימער געהאַט א פעסטע איבערציינגונג, אז ער וועט קענען ענטלויפען פון דער שטראָף. ווען מען זאָל היינט ערקלערען אז עס וועט קיין שטראָף ניט זיין פאר מאָרד, וואָלט די צאָהל פון מאָרדען ניט פערגרעסערט געוואָרען אויף איין איינ־ציגען; עס וואָלט נאָך אדרבא עפּעס קלענער געוואָרען, אין דעם ערך אויף וויפיעל היינטיגען טאָג ווערען בעגאַנגען מאָרדען פון אל־טע פערברעכער, וועלכע זיינען פערדאָרבען געוואָרען אין גע־פענגנים״.1)

2. די ענטוויקלונגסשטופע, צו וועלכער די געמאַכטע גע־זעץ געהערען, וועט באלד זיין פאר דער מענשהייט א זאך פון דער פערגאַנגענהייט.

„דאָס געזעץ איז פערהעלטניסמעסיג נאָך גאָר א יונגער בנין. די מענשהייט האָט אָבגעלעבט א סך הונדערטע יאָהרען אָהן וועל־כע עס איז געשריבענע געזעץ. דענסטמאָל זיינען די בעציהונגען פון מענשען איינע צו די אַנדערע גערעגעלט געוועזען דורך איינ־פאַכע געוועהנהייטען, מנהגים און זיטען, וועלכע זיינען געאַכטעט געווארען צוליב זייער אַלטער און וועלכע יעדער איינער האָט זיי אויסגעלערנט פון קינדווייז אָן, אויפ׳ן זעלבען אופן ווי ער האָט זיך אויסגעלערנט צו געהן אויף געיעג, צו האָדעווען פיה אָדער צו בעארבייטען די ערד״.2) „אזוי באלד אָבער ווי די געזעלשאַפט האָט זיך אַליץ מעהר און מעהר איינגעטיילט אין צוויי פיינדליכע קלאַסען, פון וועלכע איין קלאַס האָט געוואָלט הערשען און דער אַנדערער האָט ניט געוואָלט זיין בעהערשט, האָט דער קלאַס, וואָס איז פאר דער צייט געוועזן דער זיעגער, געזוכט צו געבען א קיום דעם אויסגעפיהרטען פאַקט און פערהייליגען איהם דורך אַליץ וואָס די בעזיעגטע האָבען געהאַלטען פאר עהרווירדיג. פער־

1)ווערטער פון אַ רעוואָלוצ. ז. 42־240.   2) דאָרט, ז. 221.

היילינגט פון פריסטער און בעשיצט פון דער שטאַרקער האַנד פון מלחמה־פיהרער, האָט זיך בעוויעזען דאָס געזעץ“.[1]

זיינע טעג זיינען שוין אָבער געצעהלטע. „אומעדום געפינען זיך רעבעלען, וועלכע ווילען ניט געהאָרכען דאָס געזעץ, כל זמן זיי ווייסען ניט פון וואַנען עס נעהמט זיך, וואָס פאַר־א נוצען עס ברייננגט, מיט וואָס פאַר א רעכט עס פאָדערט געהאָרכזאַמקייט, און וואָס איז דער שכל פאַר וואָס מען גיט עס אָב כבוד. זיי וואַרפען אַרונטער אונטער זייער קריטיק א ל ץ וואָס מען האָט ביז אַהער געאַכטעט אַלס דעם יסוד פון דער געזעלשאַפט, קודם כל אָבער דעם פעטיש, — דאָס געזעץ“[2]. דער מאָמענט פון זיין פערשווינדען, וואָס כדי עס זאָל שנעלער פאָרקומען מוזען מיר קעמפען,[3] איז נאָהענט; עס וועט קומען אפשר נאָך צום סוף פון ניינצענטען יאָהרהונדערט.[4]

II. אויף דער נעכסטער שטופע פון ענטוויקלונג, וועלכע די מענשהייט מוז באַלד דערגרייכען, וועלען אמת טאַקי ניט זיין קיין געמאַכטע געזעץ, אָבער געזעץ (רעכט) וועט דאַן אויך זיין. די געזעץ וועלען אין גאַנצען זיין אָבגעשאַפט“[5] „די ניט־פערשריבענע געוועהנהייטען — מנהגים־רעכט, ווי די יוריסטען רופען זיי אָן — וועלען זיין גענוג אויפצוהאַלטען א ריכטיגע איינפערשטענדניס צווישען מענשען“.[6] אָט די נאָרמען פון דער נעכסטער ענטוויקלונגסשטופע וועלען זיין בעגרינדעט אויף אַן אַלגעמיינעם ווילען; די פערזיכערונג אז זיי וועלען אָבגעהיט ווערען האָבען מיר גאַנץ גענוג אין „די נויטיגקייט וואָס יעדערער פיהלט אין מיטאַרבייטערשאַפט, הילף און סימפּאַטיע“,[7] און אין דעם שרעק אויסגעשלאָסען צו ווערען פון כלל; אין א נויט אָבער וועט דאָס פאָלגען פון די דאָזיגע נאָרמען געזיכערט זיין אויף

---

1) ווערטער פון אַ רעוואָלוציאָנער, ז. 226. 2) דאָרט, ז. 19־218. 3) אַנאַרכ. מאָראַל, ז. 74. 4) ווערטער פון אַ רעוואָלוצ. ז. 235. 5) דאָרט, ז. 227. 6) דאָרט, 221. 7) אַנאַרכי קאָמוניזם, ז. 24.

דורך דאָס אריינמישען זיך פון דעם איינצעלנעם בירגער1) אָדער פון די מאַסען: זיי וועלען דעריבער זיין רעכטס־נאָרמען.

פון די רעכטס־נאָרמען פון דער נעכסטער ענטוויקלונגסשטו־פע דערמאָנט קראָפּאָטקין ערסטענס די נאָרמע, אז אָבמאַכען מו־זען אָבגעהיט ווערען.2)

נאָך א רעכטס־נאָרמע וועט נאָך קראָפּאָטקין נאָך זיין גיל־טיג, וועלכע וועט פעסטשטעלען, אז אלעס, ניט נור די פּראָדוק־ציאָנס־מיטלען, וועלען זיין געמיינשאַפטליך אייגענטום.3)

און א וויטערדיגע רעכטס־נאָרמע פון דער נעכסטער ענט־וויקלונגסשטופע וועט נאָך קראָפּאָטקין נאָך זיין די, וואָס וועט פעסטשטעלען, אז „יעדערער וועלכער ארבייט־מיט וויפיעל עס איז אין דער פּראָדוקציאָן האָט ראשית א רעכט צו לעבען, און דאן וויטער, אויך א רעכט ב ע ק ו ו ע ם צו לעבען.4)

## 4. — שטאַאט.

אין'ם פאָרטשריט פון דער מענשהייט פון אַ וועניגער גליקליכער ביז צו אַ העכסטע גליקליכער עקזיסטענץ, וועט דער שטאַאט, נאָך קראָפּאָטקין'ס מיינונג, באַלד פער־שווינדען.

1. דער שטאַאט איז געוואָרען א שטערונג פאר דער ענטוויק־לונג פון דער מענשהייט אין איהר גאַנג צו א העכסט־גליקליכער עקזיסטענץ.

„צו וואָס דיענט אָט די אונגעהויערע מאַשין, וועלכע מיר רופען אַן שטאַאט? אפשר דערצו כדי ניט צו דערלאָזען די עקס־פּלואַטאַציע פון'ם ארבייטער דורכ'ן קאַפּיטאַליסט, פון בויער דורך דעם לאַנדאייגענטימער? אָדער כדי צו פערזיכערן אונז מיט אר־בייט? צו בעשיצען אונז אַנטקעגען די פּראָצענטניקעס? צו פער־שאַפען אונז שפּייז, ווען די מוטער האָט מעהר ניט ווי וואַסער צו

1) רעוואָלוצ. שטודיען, ז. 30. 2) „לאַ קאָנקעט די פּען", ז. 169, 128, 129, 203, 205. 3) ווערטער פון אַ רעוואָלוציאָנער, ז. 136-7. 4) לאַ קאָנקעט די פּען, ז. 229.

געבען איהר קינד? ניין, טויזענד מאָל ניין!"1) דערפאר אָבער „מישט זיך דער שטאאט אין אונזערע אַלע עסקים, ער נעהמט אונז ארום ווי מיט קלאַמערן פון וויעג ביז צום קבר. ער זאָגט א דעה איבער אונזערע אַלע געשעפטען, ער ווארפט אויף אונז אָן בערג מיט געזעץ און תקנות, אין וועלכע אפילו דער אויסגעריבע־נער אדוואָקאט ווייס ניט וואו זיך א קעהר צו טון. ער בעשאַפט א מחנה בעאמטע, וועלכע זיצען ווי שפינען אין זייער נעץ און קוקען ארויס אויף די וועלט דורך די שמוציגע שויבען פון זייער קאנצעלאַריע. די אונגעהויערע, שטענדיג־וואקסענדע סומען געלד, וואָס דער שטאאט פרעסט ארויס פון די פעלקער, זיינען קיינ־מאָל ניט גענוג; ער לעבט אויף די קאָסטען פון די קינפטיגע דורות, און טרייבט די שטייערן מיט אלע כחות ביז צום באנקראָטירען. „שטאאט" בעטייט דאָסזעלבע וואָס „מלחמה"; איין שטאאט זוכט דעם אנדערן אָבצו־שוואכען און צו רואינירען, כדי ארויפצוצווינ־גען אויף איהם זיין געזעץ, זיין פּאָליטיקע און זיינע האנדעלס־אָבמאכען, און רייך צו ווערען אויף זיינע קאָסטען. דער קריעג איז היינט דער געוועהנליכער צושטאנד אין אייראפא; מען האָט שוין איצט אָנגעגרייט גענוג סבות אויף צו פיהרען קריעג פאר דרייסיג יאָהר שפּעטער. און צוגלייך מיט דעם אויסערליכען קריעג שטורימט דער אינערליכער קריעג; דער שטאאט, וועלכער האָט לכתחילה געזאָלט זיין א בעשיצונג פאר אלעמען, ספּעציעל פאר די שוואכע, איז היינט געוואָרען די כלי זיין פון די רייכע אנט־קעגען די עקספּלואטירטע, פון די אייגענטימער אנטקעגען די אָרי־מעלייט".2)

אין דעם פּרט איז קיין חילוק ניטאָ צווישען די פערשיידענע פאָרמען פון'ם שטאאט. „ארום דעם כּוח פון פאָריגען יאָהרהונ־דערט (פון 18טען י. ה.) האָט דאָס פראנצויזישע פאָלק ארונטערגע־וואָרפען די מאָנארכיע און דער לעצטער זעלבסטהערשענדער קע־ניג האָט מכפּר געוועזען פאר זיינע און זיינע עלטערנס זינד אויף

1) ווערטער פון א רעוואָלוציאָנער, ז. 14. 2) דאָרט, ז. 11־14.

דער גילאָטין".1) שפּעטער האָבען אַלע לענדער פון'ם קאָנטינענט דורכגעמאַכט דיזעלבע ענטוויקלונג, זיי האָבען ארונטערגעוואָרפען זייערע מאָנארכיען און האָבען זיך אריינגעוואָרפען אין די אָרימס פון'ם פּארלאַמענטאַריזמוס".2) „איצטער זעהט מען שוין איין, אַז דער פּארלאַמענטאַריזמוס, וואָס איז אויפגענומען געוואָרען מיט אַזעלכע גרויסע האָפנונגען, איז אומעדום געוואָרען פאר א מיטעל פון אינטריגעס, פון אָנקלייבען עשירות, און פועל צו זיין אַזוינע בע־שטרעבונגען, וואָס גיעהען להיפּך צו די אינטערעסען פון פאָלק און פון ענטוויקלונג".3) „פּונקט ווי יעדער דעספּאָט, אַזוי אויך די פאָלקספּערטרעטונג — רופט עס פּארלאַמענט, קאָנווענציע אָדער ווי איהר ווילט; זאָל עס בעשטימט ווערען פון די פּרעפּעקטען פון א באָנאָפּארט, אָדער זאָל עס ערוועהלט ווערען מיט אַלע מעג־ליכע פרייהייטען פון א רעוואָלוציאָנערער שטאָדט — וועט שטענ־דיג אָנווענדען כחות צו פערגרעסערן איהר ממשלה, צו פערשטאַר־קען איהר מאַכט דורך אַלערליי אריינמישונגען, און פערשטופּען די טהעטיגקייט פון דעם איינצעלנעם און פון דער גרופּע דורכ'ן געזעץ".4) „מען האָט געמוזט אָנפיהרען א פּיערציגיעהריגע בע־וועגונג, אין וועלכער עס זיינען ביי געלעגענהייט אויף פערברענט געוואָרען מאַיאָנטקעס, כדי צו קענען פּועל'ן ביים ענגלישען פּאר־לאַמענט ער זאָל פערזיכערן דעם ארענדאַר דעם ווערטה פון די פערבעסערונגען, וואָס ער האָט געשאַפען אין דער אָבגעדונגענער ערד. ווען עס האַנדעלט זיך אָבער מכח בעשיצען די אינטערעסען פון קאַפּיטאַליזמוס, וועלכע קענען שטעהן אין געפאַהר פון אַן אויפשטאַנד, אָדער אפילו נור דורך אַן אַגיטאַציע, אָה, דאַן, איז יעדע פאָלקספערטרעטונג גלייך גרייט אָם פּלאַץ; דאַן האַנדעלט זי מיט ווענינער איינזעהענים און א סך פייגער ווי א וועלכער עס איז דעספּאָט. די זעקסהונדערט קעפּיגע חיה אָהן א נאָמען האָט אריבערגעשטיגען לואי דעם עלפטען און איוואַן דעם פיערטען".5)

1) ווערטער פון א רעוואָלוציאָנער, ז. 172. 2) דאָרט, ז. 173.
3) דאָרט, ז. 175. 4) דאָרט, ז. 2-181. 5) דאָרט, ז. 4-183

„דער פּאַרלאַמענטאַריזמוס עקעלט אָב יעדען איינעם, וואָס האָט זיך נאָהענט צוגעקוקט צו איהם“.1)

„די הערשאַפט פון מענשען, וועלכע האָבען זיך אליין א נאָמען געגעבען די „רעגירונג“, קען ניט געהן צוזאַמען מיט א מאָראַל וואָס איז בעגרינדעט אויף סאָלידאַריטעט“.2) דאָס צייגען אם בעסטען „די זאָגענאַנטע בירגער־רעכט, וועמעס ווערטה און וויכטיגקייט די בורזשואַזע פּרעסע צעררייסט זיך פאר אונז לויבענדיג יעדען טאָג“.3) „זיינען זיי נעמאַכט געוואָרען פאר די, וועלכע האָבען זיי ווירקליך נויטיג? געווים ניט. דאָס אַלגעמיינע שטים רעכט קען אפּילו געוויסע אומשטענדען בעוואָרענען די בורזשואַזיע אנטקעגען אַן אָנגריף פון דער צענטראַלער אויטאָריטעט; עס קען אויך אַמאָל איינפיהרען א גלייכגעוויכט צווישען צוויי־ערליי אויטאָריטעטען און אָבהאַלטעןביידע צדדים פון צו דאַרפען געהן ווי אַמאָל מיט מעסערס איינע אויף די אנדערע; עס האָט אָבער לגמרי קיין ווערטה ניט ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַרונטערוואַרפען, אָדער אפילו נור צו בעגרעניצען די אויטאָריטעט. פאר די הערשער איז עס אַן אויסגעצייכענט מיטעל ווי צו שליסען זייערע דיספּוטען, אָבער וואָסערע נוצען האָבען דערפון די בעהערשטע? דאָס איינגענע איז אויך מיט דער פּרעסע־פרייהייט. וואָס איז געווען לויט דער מיינונג פון דער בורזשואַזיע, דאָס בעסטע וואָס מען האָט געזאָגט וועגען דער פרייער פּרעסע? אז זי איז מאַכטלאָז. „אָט גיט א קוק, זאָגט מען, אויף ענגלאַנד, די שווייץ, די פעראייניגטע שטאַאטען. דאָרטען איז די פּרעסע פריי און דעננאָך איז די הערשאַפט פון קאַפּיטאַל אזוי גוט זיכער ווי אין יעדען אנדער לאַנד“. דאָס איינגענע טראַכטען זיי זיך וועגען דאָס רעכט פון פעראייניגונג. „וואָרום זאָלען מיר ניט ערלויבען די פולע פרייהייט פון פעראייניגונג?“ זאָגט די בורזשואַזיע. „אונזערע פּריווילעגיען וועט עס קיין שאָדען ניט ברייגגען. וואָס מיר האָבען יאָ מורא צו האָבען, איז פאר די געהיימע געזעלשאַפטען; די אָפענע

1) דאָרט, ז. 190. 2) דאָרט, ז. 19. 3) דאָרט, ז. 33.

פּעראייניגונגען זיינען אדרבא דאָס בעסטע מיטעל זיי צו מאַכען אונ־שעדליך". „דאָס רעכט אויף זיכערקייט ביי זיך אין הויז? אָה, יא, דאָס מוזען מיר אויסשרייען אין דער הויך, דאָס מוזען מיר אריינשרייבען אין די געזעצביכער", זאָגען די ביטרע בורזשועןן, „די פּאָליציי דאַרף אודאי ניט טאָרען איהר נאָז אריינשטעקען אין אונזערע טעפּלעך. ווען עס זאָל זיך מאַכען אמאָל עפּעס א ויהי, לאַכען מיר זיך אוים פון דעם הויז־רעכט, מיר וועלען זיי דורכ־זוכען פון אויבען ביז ארונטער און ארעסטירען די חברה אין זייערע בעטען, אויב עס וועט זיין נויטיג". „מען זאָל קיין בריף ניט עפענען? אודאי, שרייט אוים הויך אומעדום, אז מען טאָר אזא זאַך ניט טון, אונזערע קליינע סעקרעטלעך טאָרען אודאי ניט אויפגעדעקט ווערען. אויב מיר וועלען דערשמעקען עפּעס א קאָנספּי־ראַציע אַנטקעגען אונזערע פּריווילעגיען, דאַן וועלען מיר שוין קיין גרויסע צערעמאָניעם מיט זיי ניט מאַכען. און טאָמער שטעלט זיך ווער עס איז אַנטקעגען, וועלען מיר איהם זאָגען וואָס אַן ענגלישער מיניסטער האָט ניט לאַנג צוריק געזאָגט מיט דער צושטימונג פון פּאַרלאַמענט: יא, מיינע הערען, מיט א שווער הארץ און מיט גרוים ווידערווילען לאָזען מיר די בריף עפענען, אָבער דאָס פאַ־טערלאַנד (דאָס הייסט, די אַריסטאָקראַטיע און די בורזשואַזיע) איז אין געפאַהר!" אָט דאָס זיינען די פּאָליטישע רעכט. פּרעסע פריייהייט, פעראייניגונגס פרייהייט, די זיכערקייט פון וואָהנונג און אַלע איבעריגע זאַכען ווערען אָבגעהיט נור אזוי לאַנג, כל זמן דאָס פאָלק מאַכט קיין געברויך ניט פון זיי אַנטקעגען די פּריווילעגירטע קלאַסען. קומט נור דער טאָג ווען דאָס פאָלק הויבט אָן זיי צו גע־ברויכען אויף אונטערצוגראָבען די פּריווילעגיען, וואַרפט מען די דאָזיגע אַלע רעכט איבערן פּלאַנקען"(1).

2. די ענטוויקלונגסשטופע צו וועלכער דער שטאַאט גע־הערט, וועט באַלד בלייבען ליעגען הינטער דער מענשהייט. דער שטאַאט איז פעראורטיילט אונטערצוגעהן(2).

---

1) דאָרט, ז. 35-39. 2) די אַנאַרכיע אין דער סאָצ. רעוו. ז. 30.

דער שטאאט איז „אויפגעוואקסען לפי ערך גאר ניט לאנג צוריק".1) „דער שטאאט איז א היסטארישער געבוי, וואס האט אין א בעשטימטער צייט ביסלעכווייז פערנומען אין'ם לעבען פון אלע פעלקער דאס פלאץ פון פרייע פעראייניגונגען. די קירך, דאס געזעץ, די מיליטערישע מאכט און דער רייכטום, וואס איז אנגעהויפט געווארען דורך רויב, האבען פאר הונדערטער יאהרען געמאכט יד אחת, האבען דורך לאנגזאמע ארבייט ארויפגעלעגט א שטיין אויף א שטיין, איין אנגריף אויף דעם אנדערן, ביז זיי האבען אויף דעם אופן געשאפען די אונגעהויערע אינסטיטוציע, וועלכע האט זיך ענדליך פעסט ארייגעזעצט אין יעדען ווינקעל פון געזעלשאפטליכען לעבען — ניין, אפילו אין די געהירען און אין די הערצער פון די מענשען — און וועלכע מיר רופען אן דער שטאאט".2)

איצט האט ער שוין אנגעהויבען צערפאלען צו ווערען. „די פעלקער — איבערהויפט די דאזיגע פון דער לאטיינישער ראסע — טראכטען שוין ווי צו צערשטערן זיין אויטאריטעט, וועלכע הינדערט נור זייער פרייע ענטוויקלונג. זיי ווילען די זעלבסטשטענדיגקייט פון די פראווינצען, געמיינדען און ארבייטער־גרופען; זיי ווילען זיך ניט אונטערווארפען אונטער קיין הערשאפט, זיי ווילען פריי זיך פערבינדען איינע מיט די אנדערע".3) „די אויפלעזונג פון די שטאאטען טרעט פארווערטס מיט א שרעקליכער שנעלקייט. זיי זיינען געווארען געבראכענע אלטינקע מיט א צורונצעלטער הויט און שאקעלדיגע פיס, צערפרעסען פון אינערליכע קראנקהייטען און האבען קיין השגה ניט פאר די נייע געדאנקען; זיי פערצעהרען דאס לעצטע ביסעל כחות וואס איז זיי נאך געבליבען; זיי לעבען אויף די קאסטען פון זייערע געצעהלטע יאהרען און זייען מקרב זייער קיץ מיט זייער אנפאלען איינע אויף די אנדערע ווי אלטע ווייבער".4) דער אויגענבליק ווען דער שטאאט וועט

1) אנארכיס, קאמוניזם, ז. 7. 2) לע טאן נואווא, ז. 50-49.
3) ווערטער פון א רעוואלוציאנער, זייט 10. 4) דארט, זייט 10-9.

פערשווינדען שטעהט אלזאָ פאר אונז נאָהענט.1) קראַפּאָטקין זאָגט אין איין אָרט, אז דאָס דאָזיגער אויגענבליק וועט קומען אין עט־ליכע יאָהר;2) אין אַנאַנדער אָרט זאָגט ער ווידער, אז ער וועט קומען ביי'ן סוף פון 19טען יאָהרהונדערט.

II. אויף דער נעכסטער שטופע פון ענטוויקלונג, וועל־כע, ווי געזאָגט, די מענשהייט מוז באַלד דערגרייכען, וועט דעם אָרט פון'ם שטאַאַט פערנעהמען א געזעלשאַפטליך צו־זאַמענלעבען פון מענשען, וואָס וועט זיין געבויט אויף דעם יסוד פון דער רעכטס־נאָרמע, אַז אָבמאַכען מוזען אָבגעהיט ווערען. דער אַנאַרכיזם איז די „אונפערמיידליך"3) „נעכסטע, העכערע ענטוויקלונגס פאָרם פון דער געזעלשאַפט".4)

1. נאָך דער אָבשאַפונג פון'ם שטאַאַט וועלען די מענשען אויף לעבען געזעלשאַפטליך צוזאַמען, אָבער זיי וועט ניט צוזאַמענ־האַלטען א רעגירונגס אויטאָריטעט, נור די געזעצליך־בינדענדע קראַפט פון אָבמאַך. „פרייע אויסבילדונג פון איינצעלנע אין גרו־פּען און פון גרופּען אין אַסאָציאַציעס, פרייע אָרגאַניזאַציעס פון'ם איינפאַכען צום פיעלפאַכען לויט זייער בעדערפעניס און נייגונג"5) — דאָס וועט זיין די צוקינפטיגע געשטאַלט פון דער געזעלשאַפט.

מיר קענען היינטיגען טאָג זעהען א וואַקסענדע אַנאַרכיס־טישע בעוועגונג, דאָס הייסט, „א בעוועגונג אויף צו בעגרעניצען אַלץ מעהר און מעהר דעם קרייז פון דער רעגירונגס טהעטיגקייט. נאָכדעם ווי די מענשהייט האָט אויספּראָבירט אַלע סאָרטען רע־גירונגען, וויל זי איצטער פּראָבירען אָראָבוואַרפען אַלע רעגירונגס בענדער, און אָברופען זיך אויף איהרע אָרגאַניזאַציאָנס־פאָדערונ־גען דורך א פרייע איינשטימונג צווישען איינצעלנע, וועלכע פער־פאָלגען דיזעלבע אַלגעמיינע צוועקען".6) „פרייע פעראייניגונג הויבען אָן אוועקצונעהמען פאר זיך דאָס גאַנצע פעלד פון מענש־

1) דאָרט, ז. 264-5. 2) דאָרט, ז. 139. 3) די אַנאַרכיע אין דער סאָציאַלער רעוו. ז. 30. 4) אַנאַרכי. קאָמ. ז. 7, 4. 5) די אַנאַרכיע אין דער סאָצ. רעוו. ז. 26. 6) אַנאַרכ. קאָמ. ז. 23.

ליכער טהעטיגקייט".1) „גרויסע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען אין גאַנצען געבויט אויף פרייע איינשטימונג, וואַקסען אַלץ מעהר אין צאָהל. ביישפּיעלען זיינען, די אייזענבאַהנען פון איירָאָפּאַ, א פעראייניגונג פון אזויפיעל צעהנדליגע בעזונדערע געזעלשאַפטען; די האָלענדישע ב ו ר ד ע ן אָדער פעראיינען פון גרויסע און קליינע שיפען אייגענטימער, וועלכע שפּרייטען איצט אויס זייערע אָרגאַניזאַציעס איבער די טייכען פון דייטשלאַנד און נעהמען אריין אפילו דעם האַנדעל אויפ'ן באַלטישען ים; די זעהר פיעלע פאַב־ריקאַנטען־פעראיינען און די פראַנצויזישע סינדיקאַטען. עס פעה־לען אויך ניט קיין פרייע אָרגאַניזאַציעס פאַר נאָבעלערע צוועקען: די געזעלשאַפט צו רעטען די וואָס ליידען פון שיפברוך, די ספּי־טאָל־געזעלשאַפטען און הונדערטע עהנליכע אָרגאַניזאַציעס. איי־נע פון די מערקווירדיגסטע געזעלשאַפטען, וואָס איז ניט לאַנג אויפגעוואַקסען, איז די געזעלשאַפט פון „רויטען קרייץ". אויס־הרג'נען מענשען אויפ'ן שלאַכטפעלד איז דעם שטאַט'ס אויפגאַבע, אָבער אָט דער זעלביגער שטאַאט ערקלערט זיך פאַר אונפעהיג צו העלפען זיינע פערוואונדעטע, און לאָזט איבער די ארבייט אין א גרויסען טייל צו דער איניציאַטיווע פון פּריוואַט פערזאָנען".2) „די דאָזיגע בעשטרעבונגען וועלען אָנהויבען פריי וואַקסען, וועלען געפינען נייע גרויסע פעלדער פאַר זייער טהעטיגקייט און וועלען אויפבויען דעם פונדאַמענט פון דער צוקינפטיגער געזעלשאַפט".3)

„די איינשטימונג צווישען די הונדערטע קאָמפּאַניעס, צו וועמען די אייראָפּעאישע אייזענבאַהנען בעלאַנגען, איז צושטאַנד־געקומען דירעקט פון זיך אליין, אָהן די אריינמישונג פון א וועל־כער עס איז צענטראַל־אויטאָריטעט, וואָס זאָל זיי פאָרשרייבען געוויסע געזעץ. די פעראייניגונג האַלט זיך דורך קאָנגרעסען, אויף וועלכע עס קומען זיך צוזאַמען דעלעגאַטען כדי זיך צו בעראַטען און פאָרלעגען פאַר זייערע בעלי־בתים פּלענער, ניט קיין געזעץ.

---

1) ווערטער פון אַ רעוו. ז. 8-117. 2) אַנאַרכ. קאָמ. ז. 27-25.

3) ווערטער פון אַ רעוו. ז. 118.

דאָס איז א נייע פּראָצעדורע, וועלכע איז לגמרי פערשיידען פון יעדער רעגירונג סיי מאָנארכישע אָדער רעפּובליקאנישע, סיי אב־סאָלוטע אָדער קאָנסטיטוציאָנעלע. עס איז א נייע מעטאָדע, וועל־כע דרינגט אריין פון אָנפאנג נור לאנגזאם אין די אייראָפּעאישע זיטען, זי איז אָבער די, צו וועלכער עס געהערט די צוקונפט".1)

2. „ווי אזוי דאָס עפענטליכע לעבען וועט אין דער צוקונפט זיך אויסבילדען בפרט — וועגען דעם זיך היינט דעם קאָפּ צערברע־כען וואָלט געווען אָן אונזין. דאָך אָבער מוזען מיר שוין איצטער קו־מען צו א פערשטענדנים מכח די גרונדשטריכען".2) „מיר טאָרען ניט פערגעסען, אז אפשר שוין ניט מעהר ווי אין א יאָהר אָדער צוויי וועלען מיר זיין גענויטיגט צו בעשליסען אלע פראגען פון געזעלשאפטליכער אָרגאניזאציע".3)

געמיינדען וועלען אויך ווייטער עקזיסטירען, אָבער „אָט די געמיינדען זיינען ניט קיין אָנהויפנוגען פון מענשען אויף א גע־וויסער טעריטאָריע, זיי ווייסען ניט פון קיין צוימען און פון קיין גרעניצען; די געמיינדע איז א גרופּירונג פון מענשען מיט איין געדאנק, עס איז ניט קיין שטרענג־געשלאָסען גאנצעס. די פער־שיידענע גרופּען פון איין געמיינדע (קאמונע) וועלען זיך פיהלען צוגעצויגען צו עהנליכע גרופּען און אנדערע קאָמונען; זיי וועלען זיך פונקט אזוי פעסט פערבינדען מיט יענע, ווי מיט זייערע מיט־בירגער; און אויף דעם אופן וועלען פאָרקומען אינטערעסען־גע־מיינשאפטען, וועמעס מיטגליעדער עס וועלען זיין צושפּרייט אי־בער טויזענדער שטעדט און דערפער".4)

מענשען וועלען זיך צוזאמענשליסען אין אזוינע קאָמונען דורך אָבמאכען. זיי וועלען „נעהמען אויף זיך התחיבות'ן צו דער גע־זעלשאפט",5) וועלכע וועט פון איהר צד זיך מתחיב זיין צו טון געוויסע זאכען פאר זיי.6) עס וועט ניט זיין נויטיג צו צווינ־

---

1) לאַ קאָנקעט די פּען, ז. 174. 2) רעוואָלוצ. שטודיען, ז. 25. 3) דאָרט, ז. 26. 4) ווערטער פון אַ רעוואָלוציאָנער, ז. 117. 5) לאַ קאנקעט די פּען, ז. 145, 136, 128-9. 6) ז. 203-205.

גען אַבצוהיטען די דאָזיגע אָבמאַכען.1) מען וועט ניט דארפען האָבען קיין שטראָף און קיינע ריכטער.2) די אָבהיטונג וועט זיין גענוג געזיכערט דורך „די בעדערפענים וואָס יעדער איינער פיהלט צו געפינען מיטארבייט, הילף און סימפּאַטיע“.3) ווער עס וועט ניט נאָכקומען זיינע התחיבות, דעם קען מען דאָך אויסשליסען פון מיטאַרבייטערשאַפט.4)

אין דער קאָמונע וועט יעדער איינער „אַליין טון וואָס איז נויטיג, ניט ווארטענדיג אויף דעם אוקאַז פון א רעגירונג“.5) „די קאָמונע וועט פריהער ניט פערניכטען דעם שטאַאט, כדי גלייך דערנאָך איהם וויעדער איינצופיהרען“.6) „מען וועט איינזעהען, אז מען איז די פרייעסטע און גליקליכסטע, ווען מען האָט ניט איי־בער זיך קיינע בעפעלמעכטיגטע, און ווען מען פערלאָזט זיך פונקט אזוי ווייניג אויף די הכמה פון פאָלקספערטרעטער, ווי אויף די השגחה העליונה“.7) עס וועלען אויך ניט זיין קיין תפיסות אָדער אַנדערע שטראָף־אינסטיטוציעס;8) „אַנטקעגען די ווייניגע אַנטי־סאָציאַלע האַנדלונגען, וואָס וועלען נאָך אפשר פאָרקומען, וועט דאָס בעסטע געגענמיטעל זיין — ליעבענדע בעהאַנדלונג, מאָראַ־לער איינפלוס און פרייהייט“.9)

די קאָמונען פון זייער זייט וועלען זיך פעראייניגען איינע מיט די אַנדערע דורך אָבמאַכען, פונקט אויפ'ן זעלבען אופן ווי די מיטגליעדער צווישען זיך אין יעדער איינצעלנער קאָמונע.10) „די קאָמונע וועט קיין זאַך ניט אָנערקענען איבער זיך, א חוץ די אינטערעסען פון'ם פערבאַנד וואָס זי האָט אַליין פריי געשלאָ־סען מיט אַנדערע קאָמונען“.11) „אזוי ווי אונזערע בעדערפעני־

1) אַנאַרכי קאָמ. זייט 29-30. לאַ קאָנקעט די פען, זייט 188.
2) די טורמעס, ז. 49. 3) אַנאַרכי קאָמ. ז. 24. 4) לא קאָנקעט די פען, ז. 202. 5) ווערטער פון אַ רעוואָל. ז. 139. 6) דאָרט, ז. 111. 7) ז. 175. 8) די טורמעס, ז. 49. 9) ז. 58-9.
10) לאַ קאָנקעט די פען, ז. 44-45. 11) ווערטער פון אַ רעוו. ז. 108.

סען זיינען פערשיידענארטיג, וועט זיך באלד ארויסווייזען, אז איין פערבאנד איז ניט גענוג; די קאמונע וועט פיהלען א נויטיגקייט אריינצוטרעטען אויך אין אנדערע פערבינ־דונגען, מיט דעם אדער מיט יענעם פערבאנד. פאר'ן צוועק צו שאפען לעבענסמיטעל איז זי שוין א מיטגליעד פון איין גרופע; איצט מוז זי זיך אנשליסען אויך אן אנאנדער גרו־פע, כדי צו בעקומען אנדערע זאכען וואס זי האט נויטיג, מעטא־לען, צום ביישפיעל; דאן מיט א דריטער און א פיערטער גרופע, וועלכע וועלען איהר ליפערן שטאפען און קונסטווערק. ווען מען נעהמט אין האנד אן עקאנאמישען אטלאס פון א וועלכען עס איז לאנד, זעהט מען אז עס זיינען ניטא קיין עקאנאמישע גרעניצען: די געגענדען פון פראדוקציאן און אויסטויש פון די פערשיידענע ארטיקלען זיינען דורכגעמישט, פערצווייגט, ליעגען איינע אויף די אנדערע. אזוי וועלען אויך די פערבינדונגען פון די קאמונען, ווען זיי וועלען פאלגען זייער נאטירליכע ענטוויקלונג, זיך באלד דורכ־צווייגען אויפ'ן זעלביגען אופן און אויסבילדען א פיעל געדיכטערן נעץ און א גאנץ אנדערן סארט איינהייט, איידער די שטאאטען, וועמעס איינצעלנע טיילען ליעגען נאך אלעמען איינע לעבען די אנדערע, ווי די ריטער ארום דעם ליקטאר'ס (אזא געוועזענער רוימישער בעאמטער) האק".1)

3. די צוקינפטיגע געזעלשאפט וועט גאנץ לייכט קענען ער־פיעלען די אויפגאבען, וואס דער שטאאט טהוט אויף היינט.

„אנגענומען עס איז נויטיג דורכצופיהרען א גאס. זעהר גוט, זאלען זיך די איינוואהנער פון די שכני'שע קאמונען איינפער־שטענדיגען וועגען דעם, וועלען זיי די זאך בעסער מאכען איידער דער מיניסטער פון עפענטליכער ארבייט. אדער, לאמיר זאגען, מען ברויכט צו האבען אן אייזענבאהן. אין אזא פאל וועלען אויך די קאמונען, וואס זיינען פעראינטערעסירט אין דער זאך, שאפען עפעס, וואס וועט זיין גאנץ אנדערס איידער די ארבייט פון אונ־

1) ווערטער פון א רעוואלוציאנער, ז. 6-115.

טערנעהמער, וועלכע בויען גאַנץ שלעכטע באַהנען און מאַכען דער־
ביי מיליאָנען. אָדער מען דאַרף האָבען שולען. מענשען וועלען קע־
נען איינריכטען זיי פאַר זיך לכל הפּחות אזוי גוט, ווי די העררן
אין פּאַריז. אָדער א פּיינד בעפאַלט דאָס לאַנד. דאַן וועלען מיר
זיך אליין פערטיידיגען, אַנשטאָט צו פערלאָזען זיך אויף גענע־
ראַלען, וועלכע וואָלטען אונז נור פעררטען. אָדער דער בויער
דאַרף האָבען ווערקצייג און מאַשינען. דאַן מאַכט ער אָב מיט דעם
שטאָדטישען ארבייטער, ביי וועמען ער קריגט זיי פאַר קאָסט־פּרייז
אין אויסטויש פאַר זיינע פערמער־פּראָדוקטען, און דער הענדלער,
וועלכער בערויבט היינטיגען טאָג אי דעם פערמער, אי דעם אר־
בייטער, איז אין גאַנצען איבערפליסיג"1). „אָדער עס קומט פאָר
א קליינער דיספּוט, אָדער א שטאַרקערער, צ. ב. ש. זוכט צו אונ־
טערדריקען א שוואַכערן. אין דעם ערסטען פאַל וועט דאָס פאָלק
האָבען שכל גענוג צו שאַפען א געריכט פון בוררים, און אין דעם
אַנדער פאַל וועט יעדער בירגער עס האַלטען פאַר זיין חוב אליין
איינצושטעלען זיך פאַר'ן שוואַכערן און ניט וואַרטען אויף די פּאָ־
ליציי: מען וועט פונקט אזוי ווייניג נויטיג האָבען די פּאָליציי
ווי די ריכטער און די געפענגניס־וועכטער"2).

## 5. — אייגענטום.

אין דעם פאָרטשריט פון אַ ווייניגער גליקליכער ביז
צו אַ העכסטע גליקליכער עקזיסטענץ וועט, נאָך קראָפּאָטקין
נאָך, דאָס אייגענטום אמת טאַקי ניט פערשווינדען, אָבער
זיין איצטיגע פאָרם, דאָס פּריוואַטאייגענטום, וועט פער־
שווינדען גאַנץ שנעל.

1. דאָס פּריוואַטאייגענטום איז געוואָרען א שטערונג פאַר
דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט אין איהר גאַנג צו שאַפען
דאָס העכסטע גליק.

וואָס זיינען היינטיגען טאָג די ווירקונגען פון'ם פּריוואַט־

1) ווערטער פון אַ רעוו. ז. 166. 2) רעוו. שטודיען, ז. 30.

אייגענטום ? „דער קריזיס, וועלכער איז פריהער געווען א שאַר־
פער, איז איצט געוואָרען א כראָנישער. דער קריזיס אין באוויל־
האַנדעל, דער קריזיס אין מעטאַל־ארבייט, דער קריזיס אין אוהר־
מאַכעריי — אַלע קריזיסען בושעווען איצט צוזאַמען און עס נעהמט
גאָר קיין סוף ניט. מען שאַצט די וואָס געהען איצט אַרום אָהן
ארבייט אין אייראָפּא אויף מעהרערע מיליאָנען; די וואָס געהען
ארום בעטלענדיג פון שטאָדט צו שטאָדט, אָדער וואָס נעהמען
זיך צונויף אין חברה'ס און שרייען מיט קולות „ארבייט אָדער
ברויט", שאַצט מען אין צעהנדליגע טויזענדער. גרויסע צווייגען
פון אינדוסטריע זיינען צערשטערט; גרויסע שטעדט ווי שעפפיעלד
זיינען פערלאָזען. אַלעם שטעהט שטיל; אומעדום הערשט נויט
און עלענד: די קינדער זעהען אויס בלאַס, די פרוי איז אין איין
ווינטער עלטער געוואָרען אויף פינף יאָהר, קראַנקהייטען און דער
מלאך המות בושעווען אונטער די ארבייטער — און מענשען רע־
דען נאָך וועגען איבערפּראָדוקציאָן!"1) מען וואָלט אפשר גע־
קענט זאָגען, אז דאָס פּריוואַטאייגענטום האָט א גוטע ווירקונג
לכל הפּחות אין דעם גרונדבעזיץ פון די בויערן.2) „אָבער די גו־
טע אַלטע צייטען זיינען שוין פאַר'ן קליינעם פערמער לאַנג אוועק־
געגאַנגען. היינטיגען טאָג וויים ער קוים ווי זיך דורכצושלאָגען.
ער ווערט פערזונקען אין חובות, ער איז א קרבן פון דעם פּיה־
הענדלער, פון דעם לאַנד־ספּעקולאַנט, פון'ם פּראָצענטניק; וועקס־
לען און היפּאָטעקען רואינירען גאַנצע דערפער, נאָך מעהר אפילו
איידער די שטייערן, וואָס דער שטאַאט און די געמיינדע לעגען
אויף זיי ארויף. די לאַגע פון די קליינע גוטסבעזיצער איז א פער־
צווייפעלטע; און אויב אפילו דער קליינער פערמער איז נאָך אין
נאָמען דער אייגענטימער, איז ער אין פאַקט מעהר גאָר נישט ווי
א שכן וואָס צאָהלט רענט צו מלוות און פּראָצענטניקעס.3)

דאָס פּריוואַטאייגענטום אָבער האָט נאָך ווייטער־ע, אונדי־
רעקטע ווירקונגען. „כל זמן מיר האָבען א קלאַס פוילענצער, וועל־

1) ווערטער פון אַ רעוו., ז. 6־5. 2) ז. 322. 3) ז. 326.

כע לעבען אויף אונזער רעכענונג, מיט דעם אויסרייד אז מיר מו־
זען זיי האָבען פאר פיהרער, אזוי לאַנג וועלען אָט די פוילענצער
שטענדיג זיין א מגפה וואָס פערפּעסטעט די אַלגעמיינע מאָראַל.
דער וואָס פיהרט א לעבען פון א פוילען לודער, וואָס לעגט זיך
אָב נור אויף צו זוכען נייע פערגעניגען, וואָס לויט דעם עצם גרונד
פון זיין לעבען קען ניט פיהלען קיין סאָלידאַריטעט, און וואָס
ענטוויקעלט מיט זיין גאַנצען לעבענס־גאַנג די נידעריגסטע איי־
גענאינטערעסען — דער וועט זיך אַלעמאָל אָבגעבען מיט די גראָב־
סטע תאוות פון גוף און וועט פערשמוצען אַלעס וואָס ארום איהם.
מיט א פולען זאַק טאָלערס און מיט זיינע טיערישע טריעבען
וועט ער געהן און שענדען פרויען און קינדער, פעראומווירדיגען
די קונסט, די דראַמע, די פּרעסע, פערקויפען זיין פאָטערלאַנד
און זיינע פערטיידיגער, און ווייל ער איז א צו־גרויסער פייגלינג
צו מערדערן מיט זיינע אייגענע הענד, וועט ער דורך זיינע שלוחים
לאָזען אויס׳הרג׳נען די עדעלסטע פון זיין פאָלק, ווען ער וועט
מורא האָבען אז זיין געליעבטער געלדזאַק שטעהט איהם אין גע־
פאַהר״.1) „יאָהר איין יאָהר אויס וואַקסען אויף טויזענדע קינ־
דער אין דעם פיזישען און מאָראַלען שמוץ פון אונזערע גרויסע
שטעדט צווישען א בעפעלקערונג וואָס איז פערדאָרבען דורך דעם
קאַמפּף פאר דאָס טעגליכע שטיקעל ברויט, טעגליך צוזעהענדיג
אין דערזעלבער צייט די אויסגעלאַסענקייט, די פוילקייט, די פער־
שווענדונג און דעם גלאַנץ מיט וועלכע דיזעלביגע שטעדט זיי־
נען פול״.2) „אָט אזוי ברענגט ארוים די געזעלשאַפט אָהן אַן
אויפהער בעשעפעניסען, וועלכע זיינען אונפעהיג צו פיהרען אַן
עהרליך, פלייסיג לעבען, און וועלכע זיינען פול פון אַנטי־סאָציאַלע
געפיהלען. זי בוקט זיך צו זיי ווען זייערע פערברעכען זיינען גע־
קרוינט פון ערפאָלג, און שיקט זיי אין געפענגנים ווען דאָס גליק
מיידט זיי אויס״.3)

„די דאָס פּריוואַטאייגענטום פערלעצט די גערעכטיגקייט.

1) דאָרט, ז. 24. 2) די טורמעס, ז. 47. דאָרט, ז. 49.

ארבייט פון כלל האָט געשאַפען די אלע אָנגעקליבענע רייכטי־
מער פון דעם איצטיגען דור, אזוי גוט ווי פון אלע פריהערדיגע
דורות. דאָס הויז וואו מיר זיצען גראד איצטער אלע צוזאמען,
האָט אזא ווערדע נור דערפאר, ווייל עס געפינט זיך אין פּאַריז,
אין אָט דער גלענצענדער שטאָדט וואו די ארבייט פון צוואַנציג
דורות ליעגען אָנגעלעגט איינע אויף די אַנדערע. ווען מען וואָלט
עס אריבערגעפיהרט אין די שנעע פעלדער פון סיביר, וואָלט עס
כמעט גאָר קיין ווערטה ניט געהאט. אָט די מאַשין, וואָס דו האָסט
ערפונדען און פּאַטענטירט, ענטהאַלט אין זיך די ארבייט פון
פינף דורות; זי האָט א ווערדע נור אויף וויפיעל זי איז א טייל
פון דער גאַנצער זאַך, וואָס מיר רופען אָן די אינדוסטריע פון
19טען יאָהרהונדערט. טראָג אריבער דיין מאַשין וואָס מאַכט שפּי־
צען־געוועב צו די פּאַפּואַנער אין ניי־גווינעא און זי פערליערט
יעדען ווערטה". 1.) „וויסענשאַפט און אינדוסטריע, טעאָריע און
פּראַקטיקע, די ערפינדונג און איהר פערווירקליכונג, וועלכע פיהרט
וויעדער צו נייע ערפינדונגען — אַלעס איז ענג פערבונדען צו־
זאַמען. יעדע ענטדעקונג, יעדער פּאָרטשריט, יעדע פערמעהרונג
פון אונזערע אוצרות שטאַמט אָב פון אלע קערפּערליכע און גייס־
טיגע טהעטיגקייטען פון דער פערגאַנגענהייט און פון דער געגענ־
וואַרט. מיט וואָס פאַר א רעכט אַלזאָ קען ווער עס איז צו־נעהמען
פאַר זיך אפילו נור דאָס קלענסטע טיילכעל פון אָט דעם גרויסען
גאַנצען און זאָגען: דאָס געהערט צו מיר און ניט צו דיר?" 2)
אָבער דאָס דאָזיגע אונגערעכטע אוועקנעהמען פאַר זיך וואָס עס
געהערט צו אַלעמען איז פון דעסטוועגען א פאַקט. „אין משך פון
די ענדערונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען מיט דער צייט האָבען
איניגע אוועקגענומען פאַר זיך אַלץ וואָס איז מעגליך געוואָרען
פאַר'ן מענשען צו האָבען דורך די פּראָדוקציאָן און די פערמעה־
רונג פון זיין פּראָדוקטיווער קראַפט. היינטיגען טאָג געהערט דאָס

1) די אַנאַרכיע אין דער סאָצ. רעוו. ז. 10. 2) לא קאנקעט די
פען, ז. 9-8.

לאַנד, הגם עס האָט צו פערדאַנקען פאַר זיין ווערטה די בעדערפעּ־ניסען פון א שטענדיג וואַקסענדער בעפעלקערונג, צו א מינאָרי־טעט מענשען, וועלכע קען פערוועהרען דעם פאָלק צו בעאַרבייטען דאָס לאַנד, און וועלכע פערוועהרט איהם טאַקי, אָדער וועניגסטענס לאָזט איהם עס ניט בעאַרבייטען אויף אַן אופן וואָס פאַסט זיך בעסער צו די היינטיגע פאָדערונגען. די מינען, וועלכע שטעלען מיט זיך פאַר די שווערע פראַצע פון הונדערטער יאָהרען, און וועּ־מעס ווערדע הענגט אין גאַנצען אָב פון די בעדערפעניסען פון דער אינדוסטריע און די געדיכטקייט פון דער בעפעלקערונג, גע־הערען אויך צו א קליינער צאָהל מענשען, און אָט די עטליכע פער־זאָנען קענען איינציהען דאָס גראָבען פון קויהלען אָדער קענען עס אין גאַנצען אָבשטעלען, ווען זיי געפינען אז זיי קענען מיט זייער געלד מאַכען בעסערע געשעפטען. די מאַשינען זיינען אויך דאָס אייגענטום פון א הייפעל מענשען; און הגם עס איז גאָר קיין ספק ניט, אז דריי דורות ארבייטער האָבען געבראַכט די מאַשין צו איהר איצטיגען פאָלקאָמענעם צושטאַנד, פון דעסטוועגען געהערט זי נור צו עטליכע ארבייטגעבער. די באַהנען, וועלכע אויב ניט די איינראָפּעאישע געדיכטע בעפעלקערונג, די אינדוסטריע, דער האַנ־דעל און פערקעהר, וואָלטען נישט מעהר ווערטה געהאַט ווי אַלטע שטיקער אייזען, געהערען צו עטליכע אַקציאָנערען, וועלכע ווייסען אפשר גאָרניט וואו עס לויפען די באַהנען, פון וועלכע זיי ציהען אַזעלכע קעניגליכע הכנסות“.1)

2. די מענשהייט וועט באַלד האָבען אריבערגעגאַנגען די שטופע פון ענטוויקלונג צו וועלכער פריוואַטאייגענטום געהערט. דאָס פריוואַטאייגענטום איז פעראורטיילט אונטערצוגעהן.2)

פריוואַט אייגענטום איז א היסטאָרישעס געבוי: עס „האָט זיך ענטוויקעלט ווי א פאַראַזיט אין מיטען פון די פרייע אינסטי־טוציעס פון אונזערע אורעלטערן“,3) און טאַקי אין דער ענגסטער

1) לאַ קקאָנקעט די פּען, ז. 10-9. 2) די אַנאַרכיע אין דער פאָצ. רעוו., ז. 30. 3) אַנאַרכ. קאָמ. ז. 11.

פערבינדונג מיט'ן שטאאט. „דאס פאליטישע געבוי פון א געזעל־שאפט איז אלעמאל דער אויסדרוק און אין דערזעלבער צייט אויך די פערהייליגונג פון איהר עקאנאמישען געבוי"1) „דער אור־שפרונג פון'ם שטאאט און זיין עקזיסטענץ־בערעכטיגונג ליעגט אין דעם פאקט, וואס ער שטעלט זיך איין לטובה פון די בעזיצענדע און לרעה פון די בעזיצלאזע"2) „די אלמעכטיגקייט פון'ם שטאאט שטעלט צונויף דעם פונדאמענט פון דער שטארקייט פון דער בורזשואזיע"3)

אבער פריוואט אייגענטום האלט שוין ביי'ן אונטערגעהן. „דער עקאנאמישער כאאס קען שוין לענגער ניט אנהאלטען. דאס פאלק איז שוין מיעד געווארען פון די קריזיסען, וועלכע די גייציגקייט פון די הערשענדע קלאסען רופט ארויס. עס וויל ארביי־טען און לעבען, ניט פלאגען זיך איין אנהויב א פאר יאהר פאר א קארגען לוין, און דאן פאר יאהרען און יאהרען זיין אן אפ־פער פון נויט און א סוביעקט פאר די צדקה־אנשטאלטען. דער ארבייטער זעהט די אונפעהיגקייט פון די הערשענדע קלאסען; ער זעהט ווי זיי האבען ניט בכח, ניט צו פערשטעהן זיינע בע־שטרעבונגען, ניט צו פיהרען די פראדוקציאן און אויסטויש פון גיטער"4) דעריבער „איז איינער פון די הויפטצייכען פון אונזער יאהרהונדערט דער וואוקס פון'ם סאציאליזם און די שנעלע אויס־שפרייטונג פון סאציאליסטישע אנשויאונגען צווישען דעם אר־בייטער קלאס"5) דער מאמענט ווען פריוואטאייגענטום וועט פערשווינדען איז דעריבער נאהענט; צי עס וועט געדויערן נור איינינע יאהרען,6) צי עס וועט קומען צום סוף פון 19טען י. ה., יעדענפאלס וועט עס קומען באלד.7)

II. אויף דער נעכסטער ענטוויקלונגסשטופע, וועלכע,

1) ווערטער פון א רעוואלוצ. ז. 169. 2) לע טאן נואוואַ, ז. 45. 3) רעוואלוציאנערע שטודיען, ז. 17. 4) ווערטער פון א רעוואלוציאנער, ז. 7-8. 5) אנארכ. קאמ. ז. 4. 6) ווער־טער פון א רעוואלוציאנער, ז. 139. 7) דארט, ז. 264-5.

ווי געזאָגט, מוז באַלד דערגרייכט ווערען, וועט דאָס איי־גענטום אזוי אומגעענדערט ווערען, אַז עס וועט נור זיין געזעלשאַפּטסאייגענטום. „די נעכסטע, העכערע ענטוויקלונגספאָרם פון דער געזעלשאַפט“1) וועט ניט נור זיין „אונפערמיידליך“2) דער אנארכיזם, נור עס וועט זיין דער אנארכיסטישער קאָמוניזם.“3) „דאָס שטרעבען נאָך עקאָנאָמישע פרייהייט און דאָס שטרעבען נאָך פּאָליטישע פרייהייט זיינען ביידע דער אויסדרוק פון דעם זעלבען בעדערפענים פון גלייכהייט, וואָס עס ליעגט אין גרונד פון אלע קאמפּפען אין דער געשיכטע“.4) „אָט די ביידע מעכטיגע געדאנקען־שטראָמען זיינען דער כאראקטערצייכען פון אונזער יאָהרהונדערט“.5)

אויף דעם אופן וועט יעדען מענשען, וואָס ווירקט־מיט ווי־פיעל עס איז אין דער פּראָדוקציאָן, זיין גאראנטירט אַן אנגע־נעהם לעבען.

1. די נעכסטע ענטוויקלונגסשטופע פון דער מענשהייט וועט ניט וויסען פון קיין אנדער אייגענטום אויסער געזעלשאפטסאיי־גענטום.

„אין היינטיגער צייט טרעט אלץ שטארקער ארוים א קאָמו־ניסטישע טענדענץ. עס פערשווינדט דער אָבצאָהל אויפ'ן בריק און עס ווערען פרייע בריקען, עס פערשווינדט די ראָגאטקע און עס ווערען פרייע גאסען. דערזעלביגער גייסט דרינגט דורך טוי־זענדער אנדערע אינסטיטוציעס. מוזעען, פרייע ביבליאָטעקען, קהל'שע שולען; פּארקען און שפּאציער־פּלעצער, געפּלאסטערטע און בעלייכטעטע גאסען זיינען פריי פאר אלעמען; וואסער ווערט דורך רעהרען צוגעשטעלט אין פּריוואטע הייזער, און עס געהט אלץ מעהר דערצו אויפצוהערען זיך רעכענען וויפיעל יעדער איי־נער פערברויכט; טראמווייען און אייזענבאהנען האָבען שוין אָנ־געפאנגען איינצופיהרען סעזאָן־בילעטען און איין־פּרייז טאריפען,

---

1) אַנאַרכ. קאָמ. ז. 4-7. 2) די אַנאַרכיע אין דער סאָצ. רעוו. ז. 30. 3) דאָרט. 4) אַנאַרכ. קאָמ. ז. 8. 5) דאָרט.

און וועלען געוויס א סך ווייטער געהן אויף דעם וועג ווען זיי וועלען אויפהערען צו זיין פּריוואַטאייגענטום. אָט די אַלע זיינען סמנים וואָס צייגען אויף וועלכער זייט מען קען דערוואַרטען דער פּאָרטשריט זאָל געהן".1)

אָט אזוי וועט אויך די צוקינפטיגע געזעלשאַפט זיין קאָמוניסטיש. „דער ערסטער אקט פון דער קאָמונע פון 19טען י. ה. וועט בעשטעהן אין דעם, וואָס זי וועט זיך בעמעכטיגען איבערן גאנצען געזעלשאַפטסקאַפּיטאַל, וואָס האָט זיך אָנגעקליבען אין איהר מיטען".2) דאָס געהט אויף „די פערצעהרונגס מיטעל אזוי גוט ווי אויף די מיטעל פון פּראָדוקציאָן".3) „מען האָט פּרובירט מאַכען חילוקים צווישען דעם קאַפּיטאַל וואָס דיענט דער פּראָדוקציאָן און דעם קאַפּיטאַל וואָס דיענט צו בעפריעדיגען די נויטבעדערפענים פון לעבען, און מען האָט געזאָגט, אז די מאַשינען, די פאַבריקען, די רויהע מאַטעריאַלען, די טראַנספּאָרטמיטלען און דער גרונד און באָדען זיינען בעשטימט צו ווערען דאָס אייגענטום פון כלל; דאַגעגען אָבער די וואָהנונגען, די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען, קליידער און עסענוואַרג וועלען בלייבען פּריוואַטאייגענטום. אָט דער חילוק איז א טעות און איז ניט פּראַקטיש. דאָס הויז וואָס בעשיצט אונז, די קאָהלען און גאַז וואָס מיר פערברענען, די נאַהרונג וואָס אונזער קערפּער פערצעהרט, די קליידער וואָס בעדעקען אונז און דאָס בוך פון וועלכען מיר לערנען זיך, אפילו דאָס פערגעניגען וואָס מיר געניעסען — אַלע די זאַכען זיינען בעצם וויכטיג פאַר אונזער עקזיסטענץ און זיינען פּונקט אזוי נויטיג פאַר אַן ערפאָלגרייכער פּראָדוקציאָן און פאַר דער ווייטערער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט, ווי מאַשינען, פאַבריקען, רויה־מאַטעריאַלען און אַנדערע פאַקטאָרען פון פּראָדוקציאָן. מיט פּריוואַטאייגענטום אין יענע אַלע זאַכען וועלען אונגלייכהייט, אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע בעשטעהן בליי־

---

1) אַנאַרכ. קאָמ. ז. 21. 2) ווערטער פון א רעוואָלוציאָנער, ז. 100. 3) דאָרט, ז. 137.

בען ווי פריהער: א האלבע אָבשאפונג פון פריוואטאייגענטום וואָלט שוין גלייך אין אָנהויב צו־קאליעטשעט איהר ווירקונג".1)

עס איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען אז די קאָמוניסטישע גע־מיינדען וועלען לעבען אָבגעזונדערט.2) „ווען א גרויסע שטאָדט זאָל היינט פערוואנדעלט ווערען אין א קאָמוניסטישע געמיינדע און זאָל איינפיהרען דעם געמיינשאפטליכען געברויך פון די מא־טעריאלען אי פאר ארבייט, אי פאר'ן גענוס, וואָלטען באלד אין איינע עטליכע טעג, ביידען די שטאָדט וואָלט בעלאגערט געוועזען פון א פיינדליכער ארמעע, זיך גענומען בעווייזען פוהרען און ווע־גענער אין די מערק, און רויה־מאטעריאלען וואָלטען אָנגעקומען פון ווייטע האפענס; די אינדוסטריעלע פּראָדוקטען פון שטאָדט אָבער, נאָכדעם ווי די בעדערפעניסען פון דער בעפעלקערונג וואָל־טען בעפריעדיגט געוואָרען, וואָלטען פונאנדערגעשיקט געוואָרען נאָך אלע עקען פון דער וועלט אויפצוזוכען פאר זיך קונים; גאנ־צע קאָמפאניעס פרעמדע וועלען אָנקומען פון נאָהענט און פון וויים און וועלען נאָכהער דערצעהלען אין דער היים וועגען דעם וואונדערבארען לעבען פון דער פרייער שטאָדט, וואו אלע ארביי־טען, וואו עס זיינען ניטאָ קיין אָרימע און קיין אונטערדריקטע, וואו יעדער איינער געניעסט די פרוכט פון זיין ארבייט און קיי־נער שטערט דעריין ניט דעם אנדערן".3)

דער קאָמוניזם פון דער צוקינפטיגער געזעלשאפט „וועט ניט זיין דער קלויסטער אָדער קאזארמען־קאָמוניזם, ווי מען פלעגט אמאָל פּרעדיגען, נור א פרייער קאָמוניזם, וועלכער גיט איבער די געמיינשאפטליכע פּראָדוקטען צום געמיינשאפטליכען געברויך, בעת אָבער ער לאָזט פאר יעדען אינעם די פרייהייט צו געברוי־כען עס ווי ער וויל ביי זיך צו הויז.4) אמת, מאכען זיך גאָר א קלאָרע אידעע וועגען יעדען פּרט איז היינט נאָך ניט מעגליך;

---

1) ווערטער פון א רעוואָלוציאָנער, ז. 136. 2) דאָרט, ז. 114.
3) דאָרט, ז. 113-114. 4) די אנארכיע אין דער סאָצ. רעוו. ז. 12.

„דאַך מוזען מ'ד איצטער שוין זיך אייניגען לכל הפחות וועגען
די גרונדפרינציפען“.1)

וואָס פאר א פאָרם וועט אָננעהמען די פראָדוקציאָן?

ערסטענס מוז געשאַפען ווערען דאָס, „וואָס עס פאָדערט זיך
אויף צו בעפריעדיגען די נויטיגסטע בעדערפעניסען פון מענשען“.2)
אויף דערויף איז גענוג, „אז אַלע דערוואקסענע מענשען א חוץ
פרויען בעת זיי זיינען בעשעפטיגט מיט דער ערציהונג פון זייערע
קינדער, זאָלען זיך אונטערנעהמען צו טון וועלכע עס איז (לויט
זייער אייגענער בחירה) פון די ארבייט וואָס מען האלט פאר נוי־
טיג, פינף שטונדען א טאָג פון דעם עלטער פון צוואנציג אָדער
צוויי און צוואנציג ביז פינף און פערציג אָדער פונפציג יאָהר“.3)
„א געזעלשאַפט, צ. ב. ש. וועט שליסען אונגעפעהר אָט אזא אָב־
מאַך מיט יעדערן פון איהרע מיטגליעדער: „מיר ווילען דיר גאַ־
ראַנטירען דעם גענוס פון אונזערע הייזער, שפייכלערס, גאַסען,
טראַנספּאָרט וועגען, שולען, מוזעען און אזוי ווייטער, מיט דער
בעדינגונג, אז דו זאָלסט אָבגעבען פינף שטונדען יעדען טאָג פון
דיין צוואנציגסטען ביז דעם פינף און פערציגסטען אָדער פונפ־
ציגסטען יאָהר פון דיין לעבען פאר א וועלכער עס איז ארבייט
וואָס איז נויטווענדיג צום לעבען. דו קענסט יעדען אויגענבליק
זיך אויסקלייבען די גרופּען אָן וועלכע דו ווילסט זיך אָנשליסען,
אָדער דו קענסט זיך גרינדען א נייע גרופּע, בתנאי אויב זי איז
זיך מתחיב צו שאַפען נויטיגע זאכען. אין די איבעריגע צייט
קענסט זיך פעראייניגען מיט וועמען דו ווילסט פאר וויסענשאַפט־
ליכע אָדער קונסט־צוועקען לויט דיין געשמאַק. מיר פערלאַנגען
אַלזאָ פון דיר נישט מעהר פון צוועלף ביז פונפצעהן הונדערט
שטונדען ארבייט יעהרליך אין איינע פון די גרופּען וועלכע פראָ־
דוצירען שפייז זאכען, קליידער אָדער וואָהנונגען, אָדער וועלכע
בעזאָרגען געזונדהייטס ארבייט, טראַנספּאָרט א. ד. ג., און דער־

1) רעוואָל. שטודיען, ז. 25. 2) לאַ קאָנקעט די פען, ז. 239.
3) דאָרט, ז. 9-128.

פאַר פאַרזאָרגען מיר דיר מיט אַלץ וואָס די גרופּען שאַפּען אָדער האָבען געשאַפט".1)

עס וועט דעריבער זיין גענוג צייט צו שאַפען אַלץ וואָס מען בעדאַרף אויף צו בעפריעדיגען אויך די ווענינער דרינגענדע פאָדערונגען. „ווען מען האָט שוין אָבגעטון די ארבייט אויפ'ן פעלד אָדער אין פאַבריק, וואָס מען איז פערפליכטעט צו דער געזעלשאַפט, קען מען די אַנדער העלפט פון טאָג אָדער פון דער וואָך אדער פון יאָהר אָבגעבען אויף צו בעפריעדיגען די וויסענשאַפטליכע אָדער קינסטלערישע פאָדערונגען".2) „דער ליעבהאָבער פון מוזיק, װעלכער וויל האָבען א פיאַנאָ, וועט אריינטרעטען אין פעראיין פון מוזיקאַלישע אינסטרומענטענמאַכער; ער וועט אָבגעבען אויף דעם א טייל פון זיינע האַלבע טעג און וועט באַלד האָבען די געווינשטע פיאַנאָ. אָדער דער ענטוזיאַסט פון אסטראָנאָמיע וועט זיך אַנשליסען אָן דעם אַסטראָנאָמישען פעראיין מיט זיינע פילאָזאָפען, שטערן־זעהער, רעכענער, אָפּטיקער, געלעהרטע און ליעבהאָבער, און ער וועט בעקומען דעם געווינשטען טעלעסקאָפּ, ווען ער וועט נור אָבגעבען א טייל ארבייט פאַר דער געמיינשאַפטליכער זאַך, וואָרים עס איז פאַראַן א מאַסע גראָבע ארבייט אין אָן אָבזערוואַטאָריום: מויערער'ס ארבייט, סטאָלערשע ארבייט, מעטאַלגיסעריי, ארבייט פון א מאַשיניסט — דעם לעצטען שלייף, פערשטעהט זיך, קען געבען אזא איידעלען אינסטרומענט נור אַן ארטיסט. מיט איין וואָרט, די פינף ביז זיעבען שטונדען וואָס בלייבען יעדען איינעם נאָכדעם ווי ער האָט אָבגעגעבען זיין בעשטימטע צייט אויף צו שאַפען דאָס נויטיגע, זיינען פאָלקאָם גענוג צו מאַכען פאַר איהם מעגליך אַלערליי לוקסוסען".3)

„די אָבזונדערונג, וואָס איז איצט פאַראַן צווישען ערד ארבייט און פאַבריק ארבייט, וועט אויפהערען. דער פאַבריק ארבייטער וועט אין דערזעלביגער צייט זיין א פעלד־ארבייטער".4)

1) לאַ קאָנקעט די פּען, ז. 4-203. 2) דאָרט, ז. 136.
3) דאָרט, ז. 1-150. 4) דאָרט, ז. 96.

„די אַגריקולטור וועלכע איז הויפּטזעכליך אַ פּעריאָדישע אינ־דוסטריע, וואָס פאָדערט אין געוויסע צייטען (מעהר נאָך אפילו ביי דער אויסבעסערונגס־ארבייט איידער אין שניט־צייט) אַ גרויסען צו־וואוקס אין קרעפטען, וועט זיין דער באַנד צווישען דאָרף און שטאָדט".1) „עס וועט אויך נעהמען אַ סוף צו דער אָבזונ־דערונג וואָס איז פאַראַן צווישען די גייסטיגע און קערפּערליכע ארבייט".2) „די פּאָעטען און געלעהרטע וועלען מעהר נישט גע־פינען קיין אָרימע טייוואָלים, וואָס זאָלען זיי פערקויפען זייערע קרעפטען פאַר אַ טעלער זופּ: זיי וועלען זיך מוזען צוזאַמענ־נעהמען און דרוקען זייערע כתבים אליין. דענסטמאָל וועלען די מחברים און זייערע לעזער־פערעהרער סיי מענער, סיי פרויען, זיך אויכלערנען די קונסט פון א"ב־קאַסטען און פון זעץ־הענטיל; זיי וועלען דערפיהלען דעם פערגניגען פון שאַפען געמיינשאַפטליך מיט זייערע אייגענע הענד אַ ווערק וועלכען זיי שעצען".3) „יע־דע ארבייט וועט זיין אַנגענעהם".4)

„אויב עס איז היינט נאָך פאַראַן אונאַנגענעהמע ארבייט, איז עס נור דערפאַר וויייל די וויסענשאַפטסמענער האָבען זיך קיינ־מאָל דעם קאָפּ ניט געבראָכען צו מאַכען די ארבייט אַנגענעהמער; זיי האָבען אַלעמאָל געוואוסט, אז עס זיינען פאַראַן גענוג הונ־גער־ליידענדע וועלכע וועלען פאַר אַ פּאָר גראָשען אזוי אויך אר־בייטען".5) „פאַבריקען, שמעלץ־הוטען, מינען, קענען פּונקט אזוי גוט זיין סאַניטאַריש און שעהן, ווי די בעסטע לאַבאָראַטאָריען פון אונזערע אוניווערזיטעטען; און וואָס פּאָלקאָמענער זיי וועלען זיין איינגעאָרדענט, אַלץ מעהר הכנסה וועלען זיי ברייננגען".6) „דער פּראָדוקט פון אזעלכע ארבייט וועט זיין „אָהן אַ שיעור בעסער, און אויך פיעל גרעסער, איידער די מעגגע פּראָדוקטען

---

1) ווערטער פון אַ רעוואָלוצ. ז. 1־330. 2) לאַ קאָנקעט די פּען, ז. 6־195. 3) דאָרט, ז. 137. 4) דאָרט, ז. 153.
5) אַנאַרכ. קאָמ. ז. 31. 6) לאַ קאָנקעט די פּען, ז. 156.

וואָס זיינען ביז איצט געשאַפען געוואָרען אונטער'ן בייטש פון שקלאַפעריי, לייבאייגענשאַפט און לוין־קנעכטשאַפט".1)

ווי וועט אויסקומען די גיטער פערטיילונג?

יעדער איינער וואָס האָט בייגעטראָגען זיין טייל צו דער פּראָדוקציאָן, וועט אויך האָבען זיין חלק פון די פּראָדוקטען. עס איז אָבער גאָר ניט געדרונגען, אז אָט דער חלק אין פּראָדוקטען וועט שטימען מיט דעם אָנטייל אין דער פּראָדוקציאָן. „יעדערער לויט זיינע קרעפטען, יעדערן לויט זיינע בעדערפעניסען".2) „מען וועט די בעדערפענים שטעלען איבער די לייסטונג פון ארבייט; מען וועט אָנערקענען, אז יעדער איינער וואָס האָט נור וויפיעל עס איז מיטגעווירקט אין דער פּראָדוקציאָן האָט ראשית א רעכט צו לעבען, און דאַן ווייטער א רעכט גוט צו לעבען".3) „יעדער איינער, גאַנץ גלייך ווי שטאַרק ער איז אָדער ווי שוואַך, ווי פעהיג אָדער אונפעהיג ער איז, וועט האָבען א רעכט צו לעבען, און אויך טאַקי א רעכט אויף אַן אנגענעהם לעבען, און וואָס נאָך מעהר, ער וועט האָבען דאָס רעכט אליין צו בעשטימען וואָס עס געהערט צו אַן אנגענעהם לעבען".4)

די גיטער־אוצרות פון דער מענשהייט קענען עס גאַנץ גוט דערלאָזען. „ווען מען בעטראַכט פון איין זייט ווי שנעל עס פערגרעסערען זיך די פּראָדוקטיווע קרעפטען פון די ציוויליזירטע פעלקער, און פון דער אַנדער זייט די דירעקטע און ניט־דירעקטע בעגרעניצונגען וואָס די היינטיגע אומשטענדען שטעלען דער פּראָדוקציאָן, מוז מען קומען צום שלוס, אז אפילו נור א וויפיעל עס איז פערשטענדיגע עקאָנאָמישע פיהרונג וואָלט ערלויבט די ציוויליזירטע פעלקער אָנקלייבען אזויפיעל ניצליכע זאכען, אז מיר וואָלטען באַלד מוזען אויסרופען: גענוג! גענוג קאָהלען! גענוג ברויט! גענוג קליידער! לאָמיר זיך אָברוהען, לאָמיר זיך ערהאָ־

1) לאַ קאָנקעט די פּען, ז. 193. 2) די אַנאַרכיע אין דער סאָצ. רעוו. ז. 12. 3) לאַ קאָנקעט די פּען, ז. 229. 4) דאָרט, ז. 28, 26.

לען, לאָמיר מאכען א בעסערען געברויך פון אונזערע קרעפטען, לאָמיר פערוועגדען אונזער צייט אויף א בעסערן אופן!"[1]

ווי וועט אָבער דאָך זיין, אויב אונזערע אוצרות וועלען ניט קלעקען פאר אלע בעדערפעניסען? די לעזונג איז — נעהמען פריי פון אלץ וואָס עס געפינט זיך אין איבערפלוס, און חלקים פון דאָס, אין וואָס עס קען זיין א דוחק: חלקים לויט יעדען איי־נעמס בעדערפענים, אלעמאָל אָבגעבענדיג דעם יתרון די קינדער, די אַלטע לייט און בכלל די שוואכע. שוין איצטער אפילו טהוט מען אזוי אויפ'ן לאנד. וועלכע געמיינדע דענקט גאָר צו בעגרע־ניצען דעם געברויך פון די לאָנקעס, כל זמן עס איז נור פאראן גענוג? וועלכע געמיינדע וועט שטערען איהרע מיטגליעדער צו נעהמען וויפיעל זיי ווילען בעזים־ריטער און קאשטאנען, כל זמן עס איז פאראנען דערפון די והותר? און וואָס פיהרט דער פויער איין ווען דאָס ברען־האָלץ האלט ביין ווערען ווייניג? חלקים איינטיילונג".[2] —

6. — פערווירקליכונג.

די ענדערונג, וועלכע מען דאַרף דערוואַרטען אַז עס וועט באַלד אָנקומען אין'ם לויף פון דער מענשהייט'ס פאָרט־שריט פון אַ ווייניגער גליקליכער ביז צו אַ העכסט גליק־ליכער עקזיסטענץ — די פערשווינדונג, הייסט עס, פון'ם שטאַאַט, די אומענדערונג פון געזעץ און אייגענטום און דאָס אָנקומען פון דעם נייעם צושטאַנד — וועט, נאָך קראָפּאָטקין נאָך, אויסגעפיהרט ווערען דורך אַ סאָציאַלע רעוואָלוציאָן; דאָס הייסט דורך אַ געוואַלטיגען צוזאַמענברוך פון דער אַל־טער אָרדנונג, וועלכער וועט קומען פון זיך אליין, אָבער דאָך איז עס די אויפגאַבע פון די, וועלכע זעהען פאָראויס

1) לאַ קאָנקעט די פּען, ז. 20. 2) די אַנאַרכיע אין דער סאָצ. רעוו. ז. 13.

דעם גאַנג פון דער ענטוויקלונג, פאַרצובריטען די מענשענס געדאַנקען דערויף.

מיר ווייסען, אז מיר וועלען ניט דערגרייכען דעם צוקינפטי־גען צושטאַנד „אָהן גאַנץ שטאַרקע אויפציטערונגען".1) „כדי די גערעכטיגקייט זאָל קענען מנצח זיין און די נייע געדאַנקען זאָלען ווערען ווירקליכקייטען, מוז מען האָבען אַ שרעקליכען שטורם וועטער וואָס זאָל אָבוואַשען די גאַנצע פערפוילטקייט, וואָס זאָל מיט זיין אָטהעם אריינגעבען לעבען אין די פער'חלש'טע נשמות, און זאָל צוריקברייננען די געפיהלען פון אויפאָפּפערונג, זעלבסט־פערלייקענונג און העלדענמוט אין אונזער אַלטער, שוואַכער און צערקראָכענער געזעלשאַפט".2) מען מוז האָבען אַ „סאָציאַלע רעוואָ־לוציאָן: דאָס מיינט, דאָס פאָלק מוז זיך בעמעכטיגען איבער דעם גאַנצען אוצר פון די געזעלשאַפטליכע גיטער און מוז אָבשאַפען אַלע אויטאָריטעטען".3) „די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן שטעהט פאַר'ן טהיר",4) זי שטעהט אונז פאַר ביין סוף פון אָט דעם יאָהר־הונדערט",5) „אין עטליכע יאָהר וועט זי דאָ זיין".6) זי איז „אונ־זער היסטאָרישע אויפגאַבע",7) אָבער „סיי מיר ווילען זי, סיי ניט, זי וועט קומען אונאָבהענגיג פון אונזער ווילען".8)

1. „די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן וועט ניט זיין אַן אויפשטאַנד פון עטליכע טעג; מיר וועלען האָבען דורכצומאַכען אַ רעוואָלו־ציאָנס־פעריאָדע פון דריי, פיער אָדער פינף יאָהר, ביז די אומ־ענדערונג פון דער געזעלשאַפטליכער און עקאָנאָמישער לאַגע וועט זיין פערענדיגט".9) „וואָס מיר האָבען געזעעט וועט אין משך פון

---

1) די אַנאַרכיע אין דער סאָצ. רעוו. ז. 28. 2) ווערטער פון אַ רעוואָלוציאָנער, ז. 280. 3) דאָרט, ז. 261. 4) לאַ קאָנקעטע די פען, ז. 22. 5) די אַנאַרכיע אין דער סאָצ. רעוו. ז. 28. 6) ווערטער פון אַ רעוואָלוציאָנער, ז. 139. 7) דאָרט. 8) די אַנאַרכיע אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, ז. 29. 9) ווער־טער פון אַ רעוואָלוציאָנער, ז. 90; רעוו. שטודיען, ז. 23.

דער צייט אויפגעהן און טראָגען פרוכט; און ווער עס איז איצ־טער נאָך גלייכגילטיג, וועט מיט דער צייט ווערען אַן איבער־צייגטער אָנהענגער פון דער נייער לעהרע".1) די סאָציאַלע רע־וואָלוציאָן וועט אויך ניט זיין בעשרענקט אויף איין ענגען געביעט. „גאַנץ געוויס קען מען ניט אָננעהמען, אז זי וועט אויסברעכען אין גאַנץ איירָאָפּא גלייך".2) „דייטשלאַנד שטעהט נעהענטער צו דער רעוואָלוציאָן איידער מען דענקט";3) „אָבער סיי זי וועט זיך אָנהויבען אין פראַנקרייך, סיי אין דייטשלאַנד, שפּאַניען אָדער רוסלאַנד, צום סוף וועט זי אַלץ זיין א איירָאָפּעאישע רעוואָלו־ציאָן. זי וועט זיך אויסשפּרייטען אזוי שנעל ווי די רעוואָלוציע פון אונזערע פאָרגעגנער, די העלדען פון 1848, און וועט אָנצינ־דען א פייער אין גאַנץ איירָאָפּא".4)

2. דער ערסטער אקט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן וועט זיין אַן ארבייט פון צערשטערונג.5) „דער צערשטערונגס טריעב, וועלכער איז אזוי נאַטירליך און בערעכטיגט, ווייל ער איז אין דערזעלביגער צייט אויך א טריעב פון בענייאונג, וועט האָבען זיין פולע בעפריעדיגונג. א שעהן ביסעל אַלטע שמאַטעס איז דאָ אוועקצורוימען! מוז מען דען ניט אַלץ איבערענדערן, די הייזער, די שטעדט, די מאַנופאַקטור־געשעפטען און די לאַנד ארבייט — קורץ, אַלע איינריכטונגען פון דער געזעלשאַפט?"6) „אַלץ וואָס דאַרף אָבגעשאַפט ווערען, מוז גלייך צערשטערט ווערען: די שטראָף־אַנשטאַלטען, די תפיסות, די פעסטונגען וועלכע שטעהען צו אַטאַקירען די שטעדט, די אומגעזונדטע קוואַרטאַלען, וועמעס פערפּעסטעטע לופט מען האָט אזוי לאַנג געאָטעמט".7)

דאָך וועט די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן ניט זיין קיין הערשאַפט פון טעראָר. „עס פערשטעהט זיך, דער קאַמפּף וועט פאָדערן זיינע

1) ווערטער א. ז. וו. ז. 90-1. 2) לאַ קאָנקועט די פּען, ז. 87.
3) די אַנאַרכיע, איהר פילאָזאָפיע און אידעאַל, ז. 26. 4) די אַנאַרכיע אין דער סאָצ. רעוו. ז. 9-28. 5) ווערטער א. ז. וו. ז. 263.
6) דאָרט, ז. 342. 7) דאָרט.

קרבנות. מען קען פערשטעהן פאר וואס דאס פאלק פון פאריז, איידער עס איז געלאפען צום גרעניץ אויף מלחמה מיט'ן שונא, האט גע'הרג'ט די אריסטאקראטען וואס זיינען געזעסען אין די תפיסות, ווייל זיי האבען געפלאנירט מיט'ן פיינד צו פערניכטען די רעוואלוציע. ווער עס וואלט זיי דערפאר טאדלען, דעם דארף מען פרעגען: האסטו געליטען מיט זיי און אזויפיעל ווי זיי? אויב נים, שעם זיך און שווייג".1) דאס פאלק אבער וועט קיינמאל ניט ערהויבען דעם טעראר, ווי די קעניגע און צארען, אין א סיסטעם. „דאס פאלק האט מיטלייד מיט די קרבנות, עס איז צו־גוטהער־ציג עס זאל איהם ניט אנהויבען באלד צו גרוילען פון דער אכזריות. דער פראקוראר, די גילאטין און דער קברות־מאן רופען שנעל ארויס אן עקעל. מען זעהט זיך באלד ארום, אז אזא טעראר־הערשאפט מאכט נור גרייט דעם וועג פאר א דיקטאטור, און די גי־לאטין ווערט אבגעשאפט".2)

די ערסטע זאך וועט מען אראבווארפען די רעגירונג. „מען דארף קיין מורא ניט האבען פאר איהר גבורה. רעגירונגען זעהען נור אויס אזוי שרעקליך; דער ערסטער צוזאמענשטוים מיט דעם אויפגעשטאנענעם פאלק לעגט זיי צו גרונד; ניט איינע איז שוין איינגעפאלען גלייך אין די ערסטע פאר שטונדען".3) דאס פאלק שטעלט זיך נור אויף און די שטאאט מאשין בלייבט שוין שטיל; די בעאמטע ווערען צוטומעלט און ווייסען שוין ניט וואס צו טון, די ארמעע פערלירט איהר פערטרויען אין איהרע פיהרער".4)

אבער דערמיט אליין איז ניט גענוג. „אין דעם אייגענעם טאג, ווען דאס פאלק וועט האבען אויסגערוימט די רעגירונגען, וועט עס אויך, ניט ווארטענדיג אויף קיינע בעפעהלען פון אויבען, אבשאפען דאס פריוואטאייגענטום דורך א געוואלטיגע עקספּראָ־פּריאציע".5) „די בויערן וועלען פערטרייבען די גרויסבעזיצער פון

---

1) די טורמעס, ז. 57. 2) רעוו. שטודיען, ז. 16. 3) ווער־טער פון א רעוואלוצ. ז. 166. 4) דארט, ז. 246. 5) ז. 134.

לאַנד און וועלען זייערע גיטער דערקלערען פאר געמיינשאַפט־ליכען אייגענטום; זיי וועלען אָבשאַפען די היפּאָטעקען און פּראָ־קלאַמירען אַן אַלגעמיינע שולדען־פרייהייט"(1. אין די שטעדט „וועט דאָס פאָלק נעהמען אין בעזיץ אַלע רייכטימער וואָס האָ־בען זיך דאָרט אָנגעקליבען, ארונטערזעצען די בעלי בתים פון די פאַבריקען, און אליין איבערנעהמען די פיהרונג פון דער אר־בייט". „די עקספּראָפּריאַציע וועט זיין אַן אַלגעמיינע; נור אזעל־כע וועט קענען אריינברייגגען די אומענדערונג פון דער געזעל־שאַפט; אַן עקספּראָפּריאַציע אויף א קליינעם מאָסשטאַב וואָלט אויסזעהען ווי פּשוט'ע רויבעריי"(2. דאָס וועט געהן ניט נור אויף די פּראָדוקציאָנסמיטלען, נור אויך אויף די מיטלען פון קאָנ־סומפּציאָן; „דאָס ערסטע וואָס דאָס פאָלק טהוט, נאָכדעם ווי עס וועט ארונטערוואַרפען די רעגירונגען, איז צו פערשאַפען זיך מיט געזונדע וואָהנונגען און גענוג שפּייז און קליידונג"(3. — דאָך וועט די עקספּראָפּריאַציע אויך „האָבען איהרע גרעניצען"(4. „אָנ־גענומען אז דורך קארגען און שפּאָרען האָט זיך א וועלכער עס איז אָרימער טייפעל דערשלאָגען צו אַן אייגען הייזעל, וואו ער האַלט זיך אויף מיט זיין פאַמיליע. וועט מען איהם ארויסוואַרפען אויפ'ן גאס? געוויס ניט! אויב דאָס הייזעל איז אַקוראַט גרויס גענוג פאר איהם מיט זיין פאַמיליע, זאָל ער עס האַלטען, און זאָל ער אויך זוייטער בעאַרבייטען דאָס גערטענדיל אנטקעגען זיינע פענסטער. אין א שעת הדחק וועלען איהם נאָך אונזערע בחורים אביסעל צו־העלפען אויך. אויב אָבער ער האָט א צימער פערדונגען צו אַנאַנדערן, וועט דאָס פאָלק זאָגען צו דעם דאָזי־גען שכן זיינעם: ווייסטו, פריינד, אז דו ביסט דעם אַלטען גאָר ניט שולדיג? האַלט דיין צימער אומזיסט, פאר דעם געריכטס־בעאַמטען דאַרפסטו מעהר קיין מורא ניט האָבען, מיר האָבען שוין די נייע געזעלשאַפט!"(5. „די עקספּראָפּריאַציע וועט נור געהן

1) ווערטער פון אַ רעוו. ז. 167. 2) דאָרט, ז. 337. 3) לאַ קאָנקעט די פּען, ז. 63. 4) דאָרט, ז. 56. 5) דאָרט, ז. 109.

אויף אזוינע זאכען, וואס העלפען וועמען עס איז צו קענען דער־מיט עקספלואטירען פרעמדע ארבייט".1)

3. „נאך דער ארבייט פון צערשטערונג וועט קומען די אר־בייט פון איבערבויען".2)

דאס רוב מענשען שטעלען זיך פאר די רעוואלוציע „מיט א רעוואלוציאנערער רעגירונג",3) פון א צווייפאכיגען סארט. איי־ניגע פערשטעהען אונטער דעם א וואהל־רעגירונג. „מען שלאגט פאר צו רופען דאס פאלק צו די וואהלען, אויף שנעל אויסוועהלען א רעגירונג און איהר פערטרויען די ארבייט, וואס יעדער איינער פון אונז דארף טון פון זיין אייגענעם געפיהל".4) „יעדע רעגירונג אבער, וועלכע אן אויפגעשטאנען פאלק בעקומט דורך וואהלען, מוז נויטיגערווייז ליגען ווי א בלייענע מאסע אויף זיינע פיס, ובפרט נאך אין א צייט פון אזא אונגעהויער גרויסער עקאנאמי־שער, פאליטישער און מאראלער רעארגאניזאציע, ווי די סאציאלע רעוואלוציאן".5) אנדערע ווידער זעהען דאס איין און „דעריבער גיבען זיי אויף דעם געדאנק פון א „געזעצליכער" רעגירונג, לכל הפחות פאר דער צייט פון דעם אויפשטאנד געגען אלע געזעץ, און פערדינגען א „רעוואלוציאנערע דיקטאטור". „די פארטיי וועל־כע האט ארונטערגעווארפען די רעגירונג", זאגען זיי, „וועט מיט געוואלט זיך ארויפזעצען אויף איהר פלאץ. זי וועט פערכאפען די מאכט און נעהמען האנדלען רעוואלוציאנער. פאר יעדען איי־נעם וואס וועט זי ניט וועלען אנערקענען — די גילאטין; דער וואס וועט זי ניט וועלען געהארכען — אויף די גילאטין". אט אזוי רעדען די קליינע ראבעספיערס. מיר אנארכיסטען אבער ווייסען, אז אט דער געדאנק איז מעהר גארנישט ווי אן אומגע־זונדטע פרוכט פון דעם רעגירונגס־פעטישיזם, און אז יעדע איינע

1) לא קאנקעט די פען, ז. 56. 2) ווערטער פון א רעוואלו־ציאנער ז. 263. 3) דארט, ז. 246. 4) דארט, ז. 9-248. 5) דארט, ז. 253.

דיקטאטור, אפילו די וואָס האָט די בעסטע אָבזיכטען, איז דער טויט פון דער רעוואָלוציאָן".[1]

„מיר ווילען אליין טון וואָס עס איז נויטיג און ניט ווארטען אויף די בעפעהלען פון א רעגירונג".[2] „איינמאָל הויבט נור אָן דער שטאאט בטל צו ווערען, הערט נור איינמאָל אויף די אונטערדריקונגס מאשין צו ארבייטען, ווילען זיך מאכען פרייע פעראייניגונגען גאנץ פון זיך אליין. לאָמיר זיך נור דערמאָנען די פרייוויליגע פעראיינען פון דער בעוואָפענטער בורזשואזיע אין דער צייט פון דער גרויסער רעוואָלוציע. לאָמיר זיך דערמאָנען די געזעלשאפטען, וואָס האָבען זיך פרייוויליג פאָרמירט אין שפאניען, און האָבען פערטיידיגט די אונאָבהענגיקייט פון לאנד, בעת דער שטאאט איז געווען צו־טרייסעלט פון פונדאמענט אוים דורך נאפּאָלעאָן'ס ארמעען. אזוי באלד ווי דער שטאאט צווינגט ניט מעהר צוזאמען צו ווירקען, שאפען גלייך די נאטירליכע פאָדערונגען א פרייוויליג צוזאמען־ווירקען גאָר פון זיך אליין. איז נור דער שטאאט געפאלען, דאן וועט זיך אויף זיינע חורבות באלד אויפהעבען די פרייע געזעלשאפט".[3]

„די רעאָרגאניזאציע פון דער פּראָדוקציאָן וועט ניט קענען געשאפען ווערען אין עטליכע טעג,[4] „בפרט אז די רעוואָלוציע וועט משמעות ניט אויסברעכען אין גאנץ אייראָפּא אויף איין מאָל".[5] דאָס פאָלק וועט דעריבער מוזען אָננעהמען דערוויילינע מיטלען כדי פריהער פאר אלץ זיך צו פערזיכערן מיט עסען, קליידער און וואָהנונגען. ערסטענס וועט די בעפעלקערונג פון די אויפשטענדיגע שטעדט פערנעהמען אין איהר רשות די עסענוואארג וואָס די הענדלער האלטען אויף לאגער, אויך די שפייכלערס תבואה און די שלאכטהייזער. וואָלונטיאָרען ווילען מאכען אַן אינווענטאר פון די געפונענע עסענוואארג און ווילען פערשפרייטען געדרוקטע

1) ווערטער פון אַ רעוואָלוציאָנער, ז. 253-55. 2) דאָרט, ז. 139. 3) דאָרט, ז. 116-117. 4) לאַ קאָנקעט די פען, ז. 75. 5) דאָרט, ז. 85.

טאבעלען וועגען דעם אין די מיליאָנען. דאַן וועט מען פון אַלץ, וואָס איז פאַראַן אין איבערפלוס, נעהמען פריי וויפיעל איינער וויל, און פון דאָס וואָס מען מוז אויסמעסטען, וועט מען נעהמען הלקים, שטענדיג געבענדיג דעם פאָרצוג די קראַנקע און די שוואַכע. דאָס וואָס וועט פעהלען, וועט מען ממלא זיין דורך אריינפיהרונגען פון לאַנד (עס וועט אריינקומען בשופע, אויב מיר וועלען שאַפען די זאַכען, וואָס די פערמער האָבען נויטיג און מיר וועלען עס שטעלען פריי צו זייער דיענסטען), און אויך דורך דעם וואָס די איינוואָהנער פון שטאָדט וועלען זיך נעהמען בעארבייטען די הערשאַפטליכע גערטנער און לאָנקעס פון דעם אַרומיגען געגענד.1) אויפ׳ן זעלביגען אופן וועט דאָס פאָלק נעהמען אין זיין רשות די וואָהנונגען. די וואָלונטיאָרען וועלען וויעדער מאַכען רייסטערס פון אַלע וואָהנונגען וואָס מען קען בענוצען און וועלען זיי פערשפרייטען. מען וועט זיך צוזאַמענקומען לויט די גאַסען, קוואַרטאַלען און בעצירקען און מען וועט זיך אייניגען מכח דער פערטיילונג פון די וואָהנונגען. די דחקות אָבער וואָס מען וועט פון אָנהויב נאָך מוזען פערליידען, וועט באַלד אָבגעשאַפט ווערען; די האַנדווערקער וועלען נור דאַרפען ארבייטען עטליכע שטונדען א טאָג און באַלד וועלען די מישונה׳דיג־גרויסע הייזער איבערגעבויט ווערען אויף א פערשטענדיגען אופן, און מוסטער־הייזער וועלען אויפגעבויט ווערען פון גאָר נייע סאָרטען.2) פונקט אזוי וועט מען זיך בעגעהען בנוגע צו קליידער. דאָס פאָלק נעהמט אין זיין בעזיץ די גרויסע קליידער־קראָמען און וואָלונטיאָרען מאַכען רשימות פון דאָס וואָס זיי געפינען. פון וואָס עס איז פאַראַן אַן איבערפלוס נעהמט יעדער־ער פריי, פון וואָס עס איז נור פראַן א בעשרענקטע צאָהל, נעהמט מען אין חלקים. וואָס עס פעהלט, דאָס ווערט אין דער קירצעסטער צייט צוגעשטעלט פון די פאַבריקען מיט זייערע פאָלקאָמענע מאַשינען.3)

---

1) לאַ קאָנקעט די פען, ז. 96־76. 2) דאָרט, ז. 107־104.
3) דאָרט, ז. 116־114.

II. „פּאַרצובריימען די מענשענס געדאַנקען" צו דער אָנקו־מענדיגער רעוואָלוציאָן, איז די אויפגאַבע פון אַלע די, וואָס זעהען אין פאָראויס דעם גאַנג פון דער ענטוויקלונג. דאָס איז ספּעציעל „די אויפגאַבע פון די געהיימע געזעלשאַפטען און רעוואָלוציאָנע־רע אָרגאַניזאַציעס".1) עס איז די אויפגאַבע „פון דער אַנאַרכיס־טישער פּאַרטיי".2) די אַנאַרכיסטען „זיינען היינט נור אַ מינאָ־ריטעט, זייער צאָהל אָבער ווערט וואָס פון טאָג גרעסער, וועט שטענדיג וואַקסען אַלץ מעהר און ערב דער רעוואָלוציע וועט זי ווערען אַ מאַיאָריטעט".3) „וואָס פאַר אַ טרויעריגען אָנבליק פראַנקרייך האָט געהאַט עטליכע יאָהר פאַר דער גרויסער רעוואָ־לוציאָן, ווי שוואַך איז געוועזען די מינאָריטעט פון יענע, וועלכע האָ־בען געטראַכט וועגען אָבשאַפען דאָס קעניגטום און דעם פעאָדאַ־ליזם; און דאָך וואָס פאַר אַן ענדערונג עס איז געקומען דריי אָדער פיער יאָהר שפּעטער: די מינאָריטעט האָט אָנגעפאַנגען די רעוואָלוציע און האָט מיטגעצויגען מיט זיך די מאַסען".4) — ווי אָבער גרייט מען צו די געדאַנקען פון מענשען צו דער רעוואָלוציע?

1. פריהער פאַר אַלץ מוז מען אַלגעמיין בעקאַנט מאַכען דאָס ציעל פון דער רעוואָלוציע. „מען דאַרף עס פּראָקלאַמירען דורך וואָרט און טהאַט ביז עס ווערט אומעדום אין גאַנצען פּאָפּולער, אַזוי אַז אין דעם טאָג פון אויפשטאַנד איז עס ביי יעדען אין מויל. די דאָזיגע אויפגאַבע איז אַ סך גרעסער און וויכטיגער ווי מען מיינט אין אַלגעמיין; וואָרים אויב אפילו דאָס ציעל איז איצ־טער שוין גענוג קלאָר פאַר אַ קליינע צאָהל מענשען, שטעהט די זאַך אָבער גאַנץ אַנדערס מיט די מאַסען, אויף וועלכע עס ווירקט נאָכאַנאַנד די בורזשואַזנע פּרעסע".5)

דאָס אַליין איז אָבער ניט גענוג. „מען מוז דערוועקען דעם גייסט פון אויפשטאַנד, עס מוז אויפוואַכען דאָס געפיהל פון אומ־אָבהענגיקייט און פון ווילדער מוטהיגקייט, אָהן וועלכע קיין רע־

1) ווערטער פון אַ רעוואָלוציאָנער, ז. 260. 2) דאָרט, ז. 254, 99. 3) דאָרט, ז. 90. 4) דאָרט, ז. 92-95. 5) דאָרט, ז. 312.

וואָלוציע קען ניט פאָרקומען".1) „צווישען די פריערדיגע ויכוחים מכח די שלעכטע צושטענדען און דעם אויפרוהר און אויפשטאַנד ליעגט אַן אָבגרונד — דערזועלביגער אָבגרונד וואָס טיילט אָב ביי דעם גרעסערן טייל פון דער מענשהייט די איבערלעגונג פון דער טהאַט, דעם געדאַנק פון ווילען".2)

2. דאָס מיטעל ווי אזוי צו גרייכען די ביידע רעזולטאַטען איז „אַ ק צ י אָ ן — שטענדיגע, אונאויפהערליכע אַקציאָן פון די מינאָריטעטען. מוט, איבערגעבענהייט, זעלבסטאויפאָפּפערונג זיינען פונקט אזוי אָנשטעקיג ווי פּיגהייט, אונטערטעניגקייט און פּחד".3)

„וואָס פאַר־א פאָרמען זאָל די פּראָפּאַגאַנדא אָננעהמען? יעדע פאָרם וואָס די זאַך־לאַגע, די געלעגענהייט און דעם מענשענס נייגונג שרייבט איהם פאָר. די פאָרם מעג צו מאָל זיין ערנסט, צו מאָל שפּאַסהאַפטיג, אָבער אַלעמאָל מוטהיג. אמאָל מעג זי ארויסקומען פון א רבים, אמאָל פון א יחיד. זי טאָר קיינמאָל ניט לאָזען קיין מיטעל אונבענוצט, קיין פאַקט פון עפענטליכען לעבען אונבעטראַכט, כדי צו האַלטען די געדאַנקען געשפּאַנט, צו געבען נאַהרונג און אַן אויסדרוק צו דער אונצופריעדענהייט, אויפצוּוועקען א שנאה צו די עקספּלואַטאַטאָרס, צו מאַכען לעכערליך די רעגירונג און אויפווייזען איהר אונמאַכט. וויכטיגער פאַר אַלץ אָבער מוז זי, כדי צו וועקען דעם מוטה און דעם גייסט פון אויפשטאַנד, אַלעמאָל פּרעדיגען דורך ביישפּיעלען".4)

„מענער פון מוטה, וועלכע ווילען ניט נור רעדען, נור טון; ריינע כאַראַקטערען, וועלכע ציהען פאָר געפענגנים, פערשיקונג און דעם טויט איידער א לעבען וואָס ווידערשפּרעכט זייערע פּרינציפּען; מוטיגע נאַטורען, וועלכע ווייסען אז מען מוז וואַגען כדי צו געווינען — אָט די זיינען דער אַוואַנגאַרד, וועלכע עפענען אויף דעם קאַמפּף א צייט פריהער איידער די מאַסען זיינען רייף אָפען

1) ווערטער פון אַ רעוואָלוציאָנער, ז. 285. 2) דאָרט, ז. 283.
3) דאָרט, ז. 284. 4) דאָרט.

אויפצוהעבען די פאָהן פון אויפשטאנד, און מיט די וואפען אין די הענד צו זוכען זייערע רעכט. אין מיטען פון דעם קלאָגען־זיך, פון די פוסטע רייד און די דיסקוסיאָנען קומט פון איינעם אָדער מעהרערע אן אויפריהרערישע טהאט וועלכע פערקערפערט אלע־מענס וואונש״.1)

„אין אָנפאנג בלייבט נאָך אפשר די מאסע גלייכגילטיג און גלויבט די חכמים, וועלכע האלטען די טהאט פאר „משוגע״; באלד אָבער לויבט זי דעם משוגענעם אין דער שטיל און טהוט איהם נאָך. בעת די ערסטע פיעלען אין די תפיסות, קומען שוין אנדערע און זעצען פאָרט זייער ארבייט. עס פערמעהרען זיך די קריעגס־ערקלערונגען געגען די היינטיגע געזעלשאפט, די אויפריהרערישע טהאטען, די אקטען פון ראכע. די אלגעמיינע אויפמערקזאמקייט ווערט אויפגעוואכט; דער נייער געדאנק דרינגט אריין אין די קעפּ און געווינט די הערצער. איין איינציגע טהאט מאכט אין עט־ליכע טעג מעהר פּראָפּאגאנדא איידער א טויזענד פאמפלעטען. די רעגירונג פערטיידיגט זיך, זי בושעוועט אָהן רחמנות; זי פועל׳ט אָבער נור דורך דעם עס זאָלען בעגאנגען ווערען אנדערע טהאטען פון איינעם אָדער מעהרערע פערזאָנען, און טרייבט די אויפגע־שטאנענע צו העלדענמוט. איין טהאט געבעהרט אנאנדערע; אפילו געגנער שליסען זיך אָן אָן דעם אויפשטאנד; די רעגירונג ווערט אונאייניג צווישען זיך; איהר שטרענגקייט פערשארפט דעם שטרייט; די הנחות קומען צו־שפעט; די רעוואָלוציע ברעכט אוים״.2)

3. כדי נאָך קלערער צו מאכען די מיטלען דורך וועלכע דאָס ציעל פון דער רעוואָלוציע קען געמאכט ווערען אלגעמיין בעקאנט און דער גייסט פון אויפשטאנד קען אויפגעוועקט ווערען, דער־צעהלט קראפּאָטקין איניגע זאכען פון דער פאָרגעשיכטע פון דער רעוואָלוציע פון 1789.

ער דערצעהלט ווי אין יענער צייט האָבען טויזענדער פאסקווי־

---

1) ווערטער פון א רעוואָלוצ. ז. 285. 2) דאָרט, ז. 285-288.

לען בעקאנט געמאכט דאָס פאָלק מיט די הטאים פון הויף; ווי א גאנצע מאסע סאטירישע ליעדלעך האָבען געשטאָכען די גע־קרוינטע קעפ און אויפגעוועקט א האס אנטקעגען דעם אדעל און די גייסטליכע. ער גיט איבער ווי מען פלעגט אין פלאקאטען דעם קעניג, די קעניגין און די גענעראל־פעכטער שטראשען, בעשימ־פען און אויסלאכען; ווי מען פלעגט די פיינד פון׳ם פאָלק אין עפפיזשי (דאָס הייסט, ניט ממש זיי אליין, נור זייערע בילדער) הענגען אָדער פערברענגען אָדער פיערטלען. ער שילדערט ווי אזוי די אויפגעשטאַנענע פלעגען דאָס פאָלק געוועהנען צונויפצוקלייבען זיך אויף די גאסען און ווי זיי האָבען זיי געלערנט צו שטעלען זיך אנטקעגען די פאָליציי, די מיליטער און די קאוואלעריע. מיר דער־פאהרען פון איהם ווי די געהיימע אָרגאניזאציעס, די „זשאקען", פלעגען אין די דערפער אונטערצינדען דעם פריץ׳ס שייערן, פער־ניכטען זיינע שניט־פעלדער אָדער זיינע ווילד־טיערען, איהם אליין דער׳הרג׳נען און שטראשען מיט׳ן טוידט די וואָס וועלען מאָהנען און די וואָס וועלען צאָהלען די גרונד־רענט. ער דערקלערט אונז ווי אין איין שעהנעם טאָג זיינען דאן איינגעבראָכען געוואָרען די שפייכלערס, אָבגעשטעלט געוואָרען די פוהרען אויפ׳ן וועג, פער־ברענט געוואָרען די ראגאטקעס, אויסגע׳הרגט געוואָרען די בע־אמטע, די שטייער־ליסטען, די רעכענונגס־ביכער און די שטאָדט־ארכיווען זיינען אוועק מיט׳ן רויך, און די רעוואָלוציע האָט אויס־געבראָכען אויף אלע זייטען".1)

„וואָס פאר־א שלוסען מען קען פון דעם ציהען",2) האלט קראפאָטקין אז עס איז פאר איהם ניט נויטיג צו דערקלערען. ער בענוצט זיך דערמיט, וואָס ער רופט אָן די פאקטען וועלכע ער האָט איבערגעגעבען, „א זעלטען־טייערע לעהרע פאר אונז".3)

---

1) ווערטער פון א רעוואָלוציאָנער, ז. 293-304. 2) דאָרט, ז. 292. 3) דאָרט, ז. 304.

## אכטער קאפּיטעל.

# טאָקער׳ס לעהרע.

### 1. — אַלגעמיינעס.

בעניאַמין ב. טאָקער איז געבוירען געוואָרען אין 1854, אין סאוטה דארטמוט, לעבען ניו בעדפאָרד, מאַססאַטשוסעטס. פון 1870 ביז 1872 האָט ער שטודירט טעכנאָלאָגיע אין באָסטאָן. דאָרט האָט ער זיך בעקאָנט מיט ישוע וואָררען אין 1872. אין 1874 האָט ער ארומגערייזט ענגלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליען.

אין 1877 האָט טאָקער איבערגענומען די צייטווייליגע רע־דאַקציע פון דעם „וואָרט", וואָס איז ערשיענען אין פּרינסטאָן, מאַסס. אין 1878 האָט ער ארויסגעגעבען די פּיערטעל יעהרליכע שריפט „דהי ראַדיקאַל רעוויו" אין ניו בעדפאָרד, פון וועלכער עס זיינען ערשיענען נור פיער נומערן. אין 1881 האָט ער גע־גרינדעט אין באָסטאָן די האַלבמאָנאַט שריפט „ליבערטי", פון וועלכער עס איז ערשיענען פאַר א קורצער צייט א דייטשע אויס־גאַבע אונטער דעם נאָמען „ליבערטאַס". ער איז אויך געווען פאַר צעהן יאָהר מיטארבייטער אין דער רעדאַקציע פון „גלאָוב" אין באָסטאָן. זייט 1892 וואָהנט ער אין ניו יארק, און גיט ארויס „ליבערטי" אלס א וואָכענשריפט.*)

2. טאָקער׳ס לעהרע איבער געזעץ, שטאַאט און אייגענטום געפינט זיך איבערהויפּט אין זיינע ארטיקלען אין „ליבערטי". ער האָט אָבגעדרוקט א זאַמלונג פון די דאָזיגע ארטיקלען אונטער

---

*) „ליבערטי", ערשיינט זעהר ניט רעגעלמעסיג; אין 1908 איז עס ארויס איינמאָל אין צוויי מאָנאַט; זייט דאַן נאָך זעלטענער. — מ.

דעם נאָמען: „אַנשטאַט אַ בוך, פון אַ מענשען וואָס איז צו־בע־שעפטיגט צו שרייבען אַ בוך. אַן עקספּאָזיציע אין בעזונדערע שטיקער פון דעם פילאָזאָפישען אַנאַרכיזם“. (1893).

3. טאָקער רופט אָן זיין לעהרע אַנאַרכיזם. „אומשטאַנדען האָבען זיך פעראייניגט מיך צו מאַכען געוויסערמאַסען בעקאַנט אַלס פערטרעטער פון דער טעאָריע פון'ם מאָדערנעם אַנאַרכיזם“.[1] אַנאַרכיע בעטייט ניט פּשוט דער געגענזאַץ צום „אַרכאָס“ אָדער פּאָליטישען פיהרער. עס בעטייט דער געגענזאַץ צו „אַרכע“. גאָר צוערסט מיינט „אַרכע“ אָ נ פ א נ ג, א ו ר ש פּ ר ו נ ג. דער־נאָך האָט עס געקריגען די בעטייטונג ג ר ו נ ד ז א ץ, ע ל ע מ ע נ־ט א ר־ג ר ו נ ד; דאַן די ע ר ס ט ע ש ט ע ל ע, ה ע כ ס ט ע ק ר א פ ט, ה ע ר ש א פ ט, ר ע ג י ר ו נ ג, א ו י ב ע ר־ב ע־פ ע ה ל, אויטאָריטעט; און צולעצט אַ ה ע כ ס ט ע ה ע ר־ש א פ ט, א ק י י ז ע ר ט ו ם, א ק ע נ י ג ט ו ם, א מ א־ג י ס ט ר א ט־א מ ט, א ר ע ג י ר ו נ ג ס־ש ט ע ל ע. עטימאָ־לאָגיש קען דעריבער דאָס וואָרט אַנאַרכיע האָבען פערשיידענע בע־דייטונגען. אָבער דאָס וואָרט אַנאַרכיע אַלס אַ פילאָזאָפישער אויסדרוק, און דאָס וואָרט אַנאַרכיזם אַלס דער נאָמען פון אַ פי־לאָזאָפישער ריכטונג האָט מען פון אָנהויב אָן אָנגענומען אין דעם זין פון געגענזאַץ צו הערשאַפט און אויטאָריטעט: דער זין האָט שוין דעריבער אַ חזקה־רעכט, און יעדער אַנדער געברויך פון דעם וואָרט איז ניט־רעכט און ברייִנגט אַריין פערווירונגען.[2]

## 2. — גרונדלאַגע.

טאָקער בעטראַכט די אייגען־נוצען אַלס דאָס געזעץ, וואָס האָט די העכסטע גילטיגקייט פאַר יעדען איינעם פון אונז; און דערפון פיהרט ער אַרויס דאָס געזעץ פון גלייכער פרייהייט.

1. פאַר יעדען מענשען איז די אייגעננוצען דאָס העכסטע

1) טאָקער, ז. 21. 2) ז. 112.

גנזעץ. די אַנאַרכיסטען זיינען ניט בלויז אוטיליטאַריאַנער, נור עגאָיסטען אין ווייטסטען און פולסטען זין פון וואָרט".1)

וואָס מיינט אייגענוצען? מיין אינטערעס איז אַלץ וואָס דיענט מיינע צוועקען.2) ער פאַסט אום ניט נור די נידעריגסטע, נור „אויף די העכערע פאָרמען פון זעלבסטזוכט".3) אייגענטליך איז אויף דעם אופן דער אינטערעס פון דער געזעלשאַפט אין דערזעלביגער צייט אויך דער אינטערעס פון יעדען איינצעלנעם; „איהר לעבען קען ניט אָבגעטיילט ווערען פון די לעבענס פון די איינצעלנע; מען קען איינס ניט צערשטערען, ניט צערשטערענדיג אויך דאָס אַנדערע".4)

דער אייגענער אינטערעס איז דאָס העכסטע געזעץ פאַר'ן מענשען. „די אַנאַרכיסטען פערוואַרפען גאָר אין גאַנצען דעם געדאַנק פון מאָראַלער התחיבות, פון נאַטירליכע רעכט און פליכטען".5) „וואָס איז נוגע נאַטירליכע רעכט, איז די איינציגע מאָס — די מאַכט. יעדער מענש, סיי זיין נאָמען איז ביל סייקס, סיי אַלכסנדר ראָמאַנאָוו, און יעדע חברותא פון מענשען, סיי אַ כינעזישער געהיים-בונד, סיי דער קאָנגרעס פון די פעראייניגטע שטאַאטען, האָבען דאָס רעכט, אויב זיי האָבען די מאַכט, צו טוידטען און אונטערדריקען אַנדערע מענשען, און צו מאַכען אז די גאַנצע וועלט זאָל דיענען זייערע צוועקען".6) „דער היינטיגער אַנאַרכיזם בעשטעטיגט דאָס רעכט פון דער געזעלשאַפט צו צווינגען דעם איינצעלנעם און דאָס רעכט פון דעם איינצעלנעם צו צווינגען די געזעלשאַפט — יע נאָכדעם ווי דער אָדער יענע האָט די נויטיגע מאַכט דערצו".7)

2. פון אָט דעם העכסטען געזעץ פיהרט טאָקער ארויס „דאָס געזעץ פון דער גלייכער פרייהייט פאַר אַלעמען".8) דאָס געזעץ פון גלייכער פרייהייט איז בעגרינדעט אויף יעדען איינצעלנעמס אייגעננוצען. וואָרים „פרייהייט איז די גרונדבעדינגונג פון מענש-

---

1) ז. 24. 2) ז. 64,24. 3) ז. 64. 4) ז. 35.
5) ז. 24. 6) דאָרט. 7) ז. 132. 8) ז. 42.

ליכען גליק און איז דעריבער די וויכטיגסטע זאך אויף דער וועלט, און איך וויל האבען אזויפיעל פרייהייט וויפיעל איך קען נור קריגען".1) פון דער אנדער זייט „איז די מענשליכע גלייכהייט א נויטיגער בעדינג פון א געזעלשאפט וואס האט א פעסטען קיום",2) און דאס לעבען פון דער געזעלשאפט „קען ניט אבגעטיילט ווערען פון די לעבענס פון די איינצעלנע".3) בכן פאדערט יעדען איינעמס איינגענוצען די גלייכע פרייהייט פון אלעמען.

„די גלייכע פרייהייט מיינט — די גרעסטע סומע פרייהייט וואס קען געהן צוזאמען, מצד פון די איינצעלנע וועלכע לעבען אין דער געזעלשאפט, מיט גלייכהייט און געגענזייטיגער אכטונג פאר יעדען איינעמס קרייז פון טהעטיגקייט".4) „קימער זיך פאר דיינע אייגענע עסקים" איז דאס איינציגע מאראלע געזעץ פון דעם אנארכיסטישען סדר".5) „עס איז אונזער פליכט צו אכטען די רעכט פון אנדערע, אנגענומען אז דאס ווארט „רעכט" ווערט געברויכט אין דעם זין פון דעם גרעניץ, וואס דער פרינציפּ פון גלייכער פרייהייט שטעלט לאגיש אוועק אויף דער מאכט".6) אויפ'ן געזעץ פון גלייכער פרייהייט איז בעגרינדעט „דער אונטערשייד צווישען אנגריף און ווידערשטאנד, צווישען רעגירונג און פערטיידיגונג. אט דער אונטערשייד איז א גרונד־וויכטיגער; אהן איהם איז קיין גילטיגע געזעלשאפטס־פילאזאפיע ניט מעגליך".7)

„אונטער „אנגריף" מיין איך — אן אנגריף אויף דעם יחיד'ס געביעט, וועלכער געפינט זיך אויף דער אינעווייניגסטער זייט פון דער גרעניץ־ליניע, וואו זיין פרייהייט פון טהאט שטערט ניט קיין אנדערענס פרייהייט פון טהאט".8) אט די גרעניץ־ליניע איז טיילווייז קלאר געענוג און מען קען וועגען איהר קיין טעות ניט האבען; צום ביישפיעל, בנוגע צו א דראהונג (אן אקט פון אנשרעקען יענעם, אנסטראשען), איז קיין ספק ניט, אז עס איז ניט

1) ז. 41. 2) ז. 64. 3) ז. 35. 4) ז. 65. 5) ז. 15. 6) ז. 59. 7) ז. 23. 8) ז. 67.

קיין אַנגריף, אויב דער אַקט גופא וועלכען מען דראָהט צו טון, איז ניט קיין אַנגריף; „א מענש האָט א רעכט צו סטראַשען דאָס, וואָס ער האָט א רעכט אויסצופיהרען מכח אל הפועל".1) די דאָזיגע גרעניץ־ליניע קען אָבער אמאָל יאָ זיין צווייפעלהאַפטיג; צום ביישפּיעל, „מיר קענען ניט זאָגען אויף זיכער צו דאָס בע־שטראָפען וואָס די עלטערן בעשטראָפען א קינד, איז אַן אַנגריף אויף די פריהייט פון א דריטער פּערזאָן, צי ניט".2) „די ער־פאהרונג העלפט אונז צו קענען ציהען די גרעניץ־ליניע וואָס ווייטער אליץ שארפער".3) „דער עצם פון אַן אַנגריף בלייבט דער־זעלביגער, סיי ער ווערט בעגאַנגען פון איין מענשען אויף דעם אנדערן, אויף דעם אופן פון א געמיינעם פערברעכער, סיי פון איין מענשען אויף אלע אנדערע מענשען, אויף דעם אופן פון אַן אבסאָלוטען מאָנארך, אָדער פון אלע מענשען אויף איין מענשען, אויף דעם אופן פון א מאָדערנער דעמאָקראַטיע".4)

„פון דער אנדער זייט ווידער, דער וואָס שטעלט זיך אנט־קעגען אנאַנדערן, וועלכער וויל געוועלטיגען, איז אליין ניט קיין אַנגרייפער, בערויבער אָדער רעגירער, נור איינפאַך א פערטיידי־גער, א בעשיצער".5) „דער איינצעלנער האָט דאָס רעכט אָבצו־שטויסען אַן אַנגריף אויף זיין קרייז פון טהעטיגקייט".6) „דער אנארכיזם בערעכטיגט די אָנווענדונג פון געוואַלט אנטקעגען אַנ־גרייפער"; 7) „די איינציגע פראַגע איז, צי עס וועט פיהרען צום ציעל, צי ניט".8) „פערטיידיגונגס־גזעלשאפטען, וועלכע האַנדלען לויט דעם אנארכיסטישען פּרינציפּ, וואָלטען ניט נור פאָדערן שאָדען־ערזאַץ פאר אַנגרייפס־אַקטען, נור זיי וואָלטען אלע אזויגע קלאָרע אַקטען פערבאָטען. דאַגעגען אָבער וואָלטען זיי ניט פער־באָטען קיינע ניט־אַנגרייפענדע האַנדלונגען, ווען אפילו אזוי־נע האַנדלונגען שאַפען מעהר געלעגענהייטען פאר אַנגרייפענדע פּערזאָנען צו בעגעהן אַנגריפען, ווי דהינו דעם פערקויף פון

1) ז. 153. 2) ז. 135. 3) ז. 78. 4) ז. 23.
5) דאָרט. 6) ז. 59. 7) ז. 81. 8) ז. 80.

שטארקע געטרענק".1) „בנוגע צו דעם עצם פון ווידערשטאנד, איז עס אלץ איינס, סיי איין מענש געברויכט ווידערשטאנד אנט־קעגען אן אנדערן, ווי למשל, ווען איינער וועהרט זיך אנטקעגען אן אנפאל פון א פערברעכער, סיי איין מענש שטעלט זיך אנט־קעגען אלע אנדערע מענשען, ווען איינער ענטזאגט זיך צו פאל־גען א טיראניש געזעץ, אדער ווען אן אונטערדריקט פאלק שטעלט זיך אויף אנטקעגען א דעספאט, אדער ווען די מיטגליעדער פון א געמיינדע פעראייניגען זיך פרייוויליג צו מאכען אונשעדליך א פערברעכער.2)

## 8 — געזעץ.

געגען דאס געזעץ איז נאך טאקער'ן גאך, פון'ם שטאנד־פונקט פון אייגעננוצען און גלייכע פרייהייט, ניטא וואס איינצו־ווענדען. געזעץ־נארמען דארפען זיין גילטיג; דאס הייסט, נארמען וועלכע זיינען בעגרינדעט אויף אן אלגעמיינעם ווילען,3) און וועלכע מען מעג צווינגען צו פאלגען, אויב נויטיג, מיט אלע מיטלען,4) אפילו מיט געפענגנים, מיט אנטון יסורים און מיט טוידט־שטראף.5) דאס געזעץ אבער „מוז זיין אזוי בויגיק אז עס זאל זיך צופאסען צו יעדען פאל און זאל ניט נויטיג האבען קיין ענדערונג. און דאס געזעץ זאל דאן בעטראכט ווערען פאר גע־רעכט לויט'ן ערך פון זיין בויגיקייט, ניט ווי איצט לויט'ן ערך פון זיין שטייפקייט".6) דאס מיטעל דערצו איז, „די געשווא־רענע געריכטען זאלען אורטיילען ניט נור וועגען די פאקטען, נור אויך וועגען די גערעכטיגקייט פון'ם געזעץ";7) דאן וועט קיין מאשינעריע אויף צו ענדערן דאס געזעץ ניט זיין נויטיג.8) — בפרט אבער, דארפען אנערקענט ווערען די פאלגענדע רעכטס־נארמען, די ריכטיגקייט פון וועלכע טאקער זוכט ארויסצופיהרען פון דעם געזעץ פון גלייכער פרייהייט:

---

1) ז. 167. 2) ז. 23. 3) ז. 60, 52, 158, 104, 167.
4) ז. 25. 5) ז. 60. 6) ז. 312. 7) דארט. 8) **דארט.**

ערסטענס, א רעכטס־נארמע, דורך וועלכע די פערזאן דארף זיין געשיצט אנטקעגען פערלעצונגען. „מיר זיינען די שטרענגסטע שונאים פון אנגריפען אויף דער פערזאן, און הגם אונזער הויפט־צוועק איז אבצושאפען די אורזאכען פון אנגרייפונגען, פון דעסט־וועגען שרעקען מיר זיך ניט אב פאר קיינע געוואלטיגע מיט־לען, מיט וועלכע צו בעהאנדלען זייערע דירעקטע ערשיינונגען, לויט ווי די אומשטאנדען און דער שכל קענען אונז דיקטירען״.1) די טוידט־שטראף געהט גאר ניט להיפך צו דער בעשיצונג פון דער פערזאן אנטקעגען פערלעצונגען, ווארים זי איז אין עצם ניט קיין אקט פון פערלעצונג, נור אן אקט פון פערטיידיגונג.2)

צווייטענס, דארף אנערקענט ווערען א רעכטס־נארמע, אין קראפט פון וועלכער עס זאל עקזיסטירען „אייגענטום אויפ׳ן יסוד פון ארבייט״.3) „אט די פארם פון אייגענטום פערזיכערט יעדען איינעם דעם בעזיץ פון זיינע אייגענע פראדוקטען און די פראדוק־טען פון אנדערע מענשען, וועלכע ער האט לחלוטין ערווארבען, ניט בענוצענדיג דערביי קין שום בעטרוג אדער געוואלט״.4) „מען קען זעהען פון אט דער דעפיניציאן, אז דאס אנארכיסטישע איי־גענטום בעציהט זיך נור אויף פראדוקטען. א פראדוקט איז אבער אלץ, אויף וואס עס איז אנגעווענדעט געווארען מענשליכע ארבייט. דערצו מוז בעמערקט ווערען, אז אין פרט פון לאנד אדער פון אנדע־רע מאטעריאלען, וואס געפינען זיך אין אזא בעשרענקטער מאס, אז ניט אלע קענען האבען פון זיי וויפיעל זיי ווילען, נעהמט זיך דער אנארכיזם ניט אונטער צו בעשיצען קיינע אנדערע אייגענטומס־רעכט, א חוץ די וואס זיינען בעגרינדעט אויפ׳ן יסוד פון ווירק־ליכען בעזיץ און געברויך״.5) וואו עס האנדעלט זיך מכח פער־לעצונגען פון אייגענטום, ווי מכח פערלעצונגען פון דער פערזאן, שרעקט זיך דער אנארכיזם ניט אב „פאר קיינע געוואלטיגע מיט־

1) ז. 52 2) ז. 156-7. 3) ז. 131. 4) ז. 60.
5) ז. 61.

לען, וועלכע די אומשטאנדען און דער שכל קענען דיקטירען צו געברויכען".1)

ווייטער, דארף אנערקענט ווערען די רעכטס־נארמע, אז אב־מאכען מוזען אבגעהיט ווערען. „ווען איינער נעהמט אן בעוואוסט־זיניג און פריי א התחיבות",2) דאן ווערט דורכדעם גע־שאפען א פליכט; און דער אנדער צד קריגט א רעכט".3) די בינדענדע קראפט פון אן אבמאך האט גאנץ געוויס איהרע גרעניצען. „אן אבמאך איז א זעהר ניצליכעס און העכסט וויכטי־געס ווערקצייג; זיין ניצליכקייט האט אבער אויך איהרע גרעני־צען. קיינער קען עס ניט געברויכען אויף אבצוזאגען זיך פון זיין מענשליכקייט".4) „די ארגאניזאציע פון א פעראיין, אין וועלכען יעדעס מיטגליעד זאגט זיך אב פון זיין רעכט ארויסצוטרעטען פון פעראיין, וואלט דעריבער זיין נישט מעהר ווי א פוסטע פארם".5) א חוץ דעם קען קיינער ניט געברויכען אן אבמאך, וואס האט דעם צוועק אנצוגרייפען דריטע פערזאנען; דעריבער איז א צוזאג ניט גילטיג, „אויב זיין ערפיעלונג בעשטעהט אין אנגרייפען דריטע פערזאנען".6) — „איך בעטראכט דאס האלטען א פערשפרעכען פאר אזא וויכטיגע זאך אז איך וואלט נור אין עקסטרעמע פא־לען איינגעשטימט אויף זיי עובר צו זיין. עס איז אזוי גרינדליך וויכטיג, דאס די מיטגליעדער פון א פעראיין זאלען זיך קענען פערלאזען איינער אויף דעם אנדערן, אז עס איז דאס בעסטע מען זאל קיינמאל ניט טון קיין זאך וואס קען אבשוואכען דאס דא־זיגע פערטרויען, סיידען אויב דאס פאדערט זיך צוליב א נאך־וויכטיגערן צוועק".7) „דער מענש וואס האט נעקריגען א צו־זאג, וועלכען דער צו־זאגנער האט ניט נעהאלטען, איז דורכדעם געוואו־רען בעשווינדעלט, אנגעגריפען, בערויבט פון א טייל פון זיין פריי־הייט געגען זיין ווילען".8) „עס איז ביי מיר קיין ספק ניט, אז יעדער מענש, וועמען מען האט געמאכט א פערשפרעכען צוליב

1) ז. 52. 2) ז. 24. 3) ז. 146, 350. 4) ז. 48.
5) דארט. 6) ז. 158. 7) ז. 51. 8) ז. 158.

עפּעס אָן אויסרעכענונג, האָט דאָס רעכט צו פאָדערן אפילו דורך געוואַלט, אז דאָס פערשפּרעכען זאָל ערפיעלט ווערען, בתנאי אויב דאָס דאָזיגע פערשפּרעכען ענטהאַלט ניט קיין אָנגריף אויף דריטע פּערזאָנען. און אויב דער וואָס האָט געקריגען דאָס פערשפּרעכען האָט א רעכט אליין צו געברויכען געוואַלט פאר דעם צוועק, האָט ער אויך א רעכט זיך צו פעראייניגען מיט אנדערע, בכדי זיי זאָלען איהם העלפען, ווי ווייט זיי זיינען מושוה, צו געברויכען געוואַלט אנטקעגען דעם פערשפּרעכער. יענע וויעדער פון זייער זייט האָבען א רעכט צו בעשליסען, וואָס פאר א סאָרט פערשפּרעכען זיי ווע‍לען איהם בעהילפיג זיין אויפצומאָהנען פון'ם פערשפּרעכער. ווען עס האנדעלט זיך ווענען אזא בעשלוס, געהט עס דאן נישט מעהר ווי אום א פראַגע פון צוועקמעסיגקייט; און העכסט וואהרשיינליך וועט מען אויסגעפינען, אז דער בעסטער וועג ווי אזוי צו פערזיכערן דאָס האַלטען פון פערשפּרעכען, איז צו געבען אפריהער קלאָר צו פערשטעהן אז קיין צוואַנג וועט אויף דעם ניט זיין"[1].

## 4. — שטאַאט.

אין אָנבעטראַכט פון יעדען איינעמס אייגעננוצען, ספּעציעל אויפ'ן יסוד פון'ם געזעץ פון גלייכער פרייהייט, פערוואַרפט טאָקער דעם שטאַאט, און טאַקי בכלל, ניט נור פאר בעזונדערע אומשטאַנדען וואָס הענגען אָב פון צייט און אָרט. וואָרים „דער שטאַאט איז די פערקערפּערונג פון דעם אָנגרייפונגס־פּרינציפּ"[2].

1. „אלע אינסטיטוציעס, וועלכע מען האָט ווען עס איז נעגעבען דעם נאָמען שטאַאט, האַלטען אין זיך איין צוויי עלעמענטען: ערסטענס, אָנגריף"[3] — „פערלעצונג, אָנגריף, הערשאַפט זיינען בעזונדערע אויסדרוקען פאר איין זאַך"[4] — „דאָס איז די אנארכיסטישע דעפיניציאָן פון רעגירונג: די אונטערוואַרפונג

1) ז. 8־ 157. 2) ז. 25. 3) ז. 22. 4) ז. 23.

פון דעם ניט־אנגרייפענדען יחיד אונטער א פרעמדען ווילען"[1]
און „צווייטענס, דאס בעמעכטיגען זיך מיט אויטאריטעט איבער
א געוויסען געביעט און איבער אלץ וואס געפינט זיך אויף דעם גע־
ביעט, וואס ווערט אין אלגעמיין גענומען צוליב דעם דאפעלטען
צוועק, כדי פאלשטענדינגער צו אונטערדריקען די אונטערטאנען
און וואס מעהר אויסצושפרייטען די גרעניצען פון'ם געביעט.
דעריבער „איז די אנארכיסטישע דעפיניציאן פון'ם שטאאט —
די פערקערפערונג פון דעם אנגרייפונגס־פרינציפ אין אן איינצעל־
נעם אדער אין א פערבאנד פון איינצעלנע, וועלכע נעהמען זיך דאס
רעכט צו האנדלען אלס די פערטרעטער אדער די בעלי בתים פון
דעם גאנצען פאלק וואס געפינט זיך אויף א בעשטימטען גע־
ביעט"[2].

יעדע הערשאפט איז א צרה, און איז א האר ניט בעס־
דערמיט וואס זי איז מאיאריטעט־הערשאפט"[3]. „דער טעאקרא־
טישער דעספאטיזם פון קעניגע אדער דער דעמאקראטישער דעס־
פאטיזם פון מאיאריטעטען דארפען ביידע גלייך פערווארפען ווע־
רען"[4]. „וואס איז דער שטימצעטעל? ער איז ניט מעהר און ניט
ווייניגער ווי א פאפירענער פערטרעטער פון דער פיקע, דער בו־
לאווע און דעם קויל. עס איז אן ארבייט־שפאריגע ערפינדונג
אויף אויסצוגעפינען אויף וועלכער זייט עס ליעגט די מאכט און
וואו מען מוז זיך בויגען ווען מען קען ניט העלפען. די שטימע פון
דער מאיאריטעט פערשפארט בלוטפערגיסונג, עס איז אבער דער
אויסדרוק פון מאכט ניט א האר ווייניגער איידער דער אוקאז
פון דעם אבסאלוטסטען דעספאט, וועלכער האט הינטער זיך די
מעכטיגסטע ארמעע"[5].

2. „אלע אקטען פון רעגירונג זיינען ערסטענס אונדירעקטע
אנגרייפונגען, ווייל זיי זיינען געבויט אויף דעם אנפאנגליכען אנ־
גריף, וועלכער הייסט בעשטייערונג"[6]. „דער גאנץ ערסטער אקט

---

1) ז. 23.  2) דארט.  3) ז. 169.  4) ז. 115.
5) ז. 426-7.  6) ז. 57.

פון דעם שטאאט, דאָס ארויפלעגען און אויפמאָנען שטייערן אי־בער געוואלט, איז שוין אן אַנגריף, א פערלעצונג פון דער גליי־כער פרייהייט, און אלס אזעלכער פערדארבט ער אויך יעדע ווייטערדיגע האנדלונג פון'ם שטאאט, אפילו אזוינע האנדלונגען, וועלכע וואָלטען געוועזען ריינע פערטיידיגונגס־ אקטען, אויב מען וואָלט נור געדעקט זייערע קאָסטען דורך פרייוויליגע בייטרעגע. ווי אזוי קען מען סאַנקציאָנירען לויט דעם געזעץ פון גלייכער פרייהייט דאָס קאָנפיסקירען פון א מענשענ'ס פערדיענסטען אויף צו צאָהלען פאר בעשיצונג, וועלכע ער האָט ניט געבעטען און וועלכע ער וויל גאָר ניט האָבען?"1)

„און אויב דאָס אליין איז שוין א געוואלדטהאט, איז ווי זאָלען מיר אָנרופען יענע קאָנפיסקאציע, וועלכע גיט נאָך איהר קרבן א שטיין אנשטאָט ברויט, אונטערדריקונג אנשטאָט בעשי־צונג? צווינגען א מענשען ער זאָל נאָך בעצאָהלען פאר די פער־לעצונג פון זיין פרייהייט, הייסט באמת, צוגעבען נאָך א בעליי־דיגונג אויף צום שאָדען וואָס מען טהוט איהם. און דאָס איז פונקט וואָס דער שטאאט טהוט".2) וואָרים „אין צווייטען פאַל, זיינען גאָר דער גרעסטער טייל פון די רעגירונגס־אקטען טאַקי דירעקטע אַנגרייפונגען, ווייל זייער צוועק איז ניט אָבצוהאלטען אַנגרייפער, נור אוועקצונעהמען די פרייהייט פון פאָלק אין זיין אינדוסטרי־עלען, קאָמערציעלען, געזעלשאפטליכען, הויזליכען און פערזענלי־כען לעבען".3)

„וואָס פאר אן אונזין עס איז דעריבער צו בעהויפטען, אז דער היינטיגער שטאאט טראָגט א ריין פערטיידיגונגס־כאראק־טער!"4) פערטיידיגונג איז אן ארבייטס־לייסטונג אזוי גוט ווי יעדע אנדער ארבייטס־לייסטונג. עס איז אי א נוציגע, אי א גע־ווינשטע ארבייט, און בכן אן עקאָנאָמישע סחורה, וואָס איז אונ־טערוואָרפען דעם געזעץ פון אָנבאָט און נאָכפראגע. אין א פרייען מארק וואָלט מען אָנגעבאָטען די דאָזיגע סחורה לויט די קאָס־

---

1) ז. 25. 2) ז. 26־25. 3) ז. 57. 4) ז. 26.

טען פון איהר פראָדוקציאָן. איצט איז די פראָדוקציאָן און דער פערקויף פון אַט דער סחורה מאָנאָפּאָליזירט פון שטאאט. דער שטאאט, ווי כמעט אלע מאָנאָפּאָליסטען, רעכענט אונגעהויערע פרייזען. ווי כמעט אלע מאָנאָפּאָליסטען גיט ער אן ארטיקעל, וואָס האָט קיין ווערטה ניט אָדער גאָר א קנאַפּען ווערטה. פונקט ווי דער מאָנאָפּאָליסט פון א שפּייז־פּראָדוקט גיט אָפט סם אנ־שטאָט נאַהרונג, אזוי בענוצט אויך דער שטאאט זיין מאָנאָפּאָל פון פערטיידיגונג צו געבען אָנגרייפונגען אנשטאָט בעשיצינג. פונקט ווי די קונדען פון יענעם מאָנאָפּאָל צאָהלען פאר וואָס מען סמ'ט זיי, אזוי אויך צאָהלען די קונדען פון דעם מאָנאָפּאָל פאר וואָס מען פערשקלאַפּט זיי. און דער שטאאט שטייגט נאָך אריבער אלע זיינע חברים־מאָנאָפּאָליסטען אין דעם ערך פון נידערטרעכ־טיגקייט, דערמיט וואָס ער בעזיצט דאָס בעזונדערע פּריווילעגיום צו צווינגען אלע מענשען זיי זאָלען קויפען זיין פּראָדוקט, צי זיי ווילען עס, צי ניט"(1).

3. מען קען ניט מלמד זכות זיין אויפ'ן שטאאט, אז ער איז נויטיג אלס מיטעל צו בעקעמפּפען פערברעכען(2). „דער שטאאט איז אליין דער גרעסטער פערברעכער וואָס עס גיט נור. ער פאבריצירט פערברעכער א סך שנעלער ווי ער בעשטראָפט זיי"(3). „אונזערע תפיסות זיינען אָנגעפּיעלט מיט פערברעכער וועלכע מען דער פרומער שטאאט האָט געמאכט צו זיין דאָס וואָס זיי זיינען דורך זיינע אומגערעכטע געזעצע, זיינע דריקענדע מאָנאָפּאָ־לען און די שרעקליכע געזעלשאַפטליכע לאגע וואָס קומט דערפון ארויס. מיר פיהרען איין א סך געזעצע, וועלכע פאבריצירען פער־ברעכער, און דאַן עטליכע אנדערע, וועלכע בעשטראָפען זיי"(4).

פונקט אזוי ווייניג קען מען פערענטפערן דעם שטאאט אויפ'ן גרונד וואָס ער איז נויטיג צו העלפען די ליידענדע. „דער שטאאט גיט איצטער הילף די ליידענדע און פערהונגערטע קרבנות פון דער מיסיסיפּי פערפלייצונג. מילא, מיר גיבען צו אז אזעלכע ארבייט

1) ז. 33. 2) ז. 54. 3) ז. 53. 4) ז. 26-27.

איז בעסער איידער שמירען נייע קייטען צו האלטען דאָס פאָלק אין קנעכטשאַפט; עס איז אָבער ניט ווערטה דעם פרייז וואָס מען צאָהלט פאר איהם. דאָס פאָלק קען זיך ניט לאָזען פערשקלאַפען כדי צו זיין סעקורירט. ווען עס וואָלט קיין אַנדער אויסוועג ניט געווען, וואָלט שוין בכלל זיין בעסער צו ריזיקירען די געפאַהרען פון דער נאטור און אויסשטעהן איהרע פורעניות'ן אזוי גוט ווי מען קען. די פרייהייט אָבער שאַפט אַנאַנדער אויסוועג און ניט בעסערע סעקוראַנץ אויף ביליגערע מקחים. געגענזייטיגע סעקוראַנץ דורך די אָרגאַניזאַציע פון די ריזיקעס וועט טון אַלעס מעגליכע צו לינדערן און אויסגלייכען די ליידען, וואָס קומען פון דער צופעליגער פערניכטונג פון גיטער".1)

II. די אייגעננוצען פון יעדען מענשען און דערהויפּט די גלייכע פרייהייט פאָדערט אויפ'ן אָרט פון'ם שטאַאַט אַ געזעלשאַפטליך צוזאַמענלעבען פון מענשען, וואָס זאָל זיין געבויט אויפ'ן יסוד פון דער רעכטס-נאָרמע, אַז אָבמאַכען מוזען אָבגעהיט ווערען. „די פרייוויליגע פעראייניגונג פון מענשען וואָס שליסען צווישען זיך אָבמאַכען",2) זאָל פערנעמען דעם פלאַץ פון שטאַאט.

1. די אַנאַרכיסטען האָבען ניט די כונה און ניט דעם וואונש אָבצושאַפען די געזעלשאַפט. זיי ווייסען אז מען קען ניט אָבטיילען דאָס לעבען פון דער געזעלשאַפט פון די לעבענס פון די איינצעלנע; אז מען קען ניט פערניכטען די איינע ניט פערניכטענדיג די אַנדערע".3) „די געזעלשאַפט איז געוואָרען דעם מענשען'ס טייערסטער פערמעגען. ריינע לופט איז א גוטע זאַך, קיינער וויל עס אָבער איינער אליין לאַנג ניט אָטעמען. אונאָבהענגיקייט איז גוט, אָבער לעבען ביחידות איז צו-טייער בעצאָהלט דערפאַר".4)

די מענשען דאַרף אָבער ניט צוזאַמענהאַלטען אין געזעלשאַפט א מגושם'דיגע העכסטע געוואלט, נור בלויז די געזעצ-

1) ז. 158-9. 2) ז. 44. 3) ז. 35. 4) ז. 321.

ליך־ בינדענדע קראפט פון אָבמאַך.[1]) די פאָרם פון דער געזעל־שאפט דארף זיין די „פרייוויליגע פעראייניגונג“,[2]) און איהר „קאָנסטיטוציע“[3]) — מעהר גאָר נישט ווי אַן אָבמאַך.

2. וואָס פאר א כאראקטער זאָל אָבער די פרייוויליגע פער־איינינגונג טראָגען בפרט?

ערסטענס, קען זי ניט בינדען איהרע מיטגליעדער אויפ'ן גאנצען לעבען. „די קאָנסטיטוציע פון א פעראיין, אין וועלכען איטליכער מיטגליעד זאָגט זיך אָב פון דאָס רעכט צו מעגען ארויס־טרעטען פון איהם, וואָלט ניט מעהר זיין ווי א פוסטע פאָרם, און קיין אָנשטענדיגער מענש וואָלט זיך אויף א רגע ניט פערטראַכטען עובר צו זיין די דאָזיגע פאָרם און טרעטען זי מיט די פיס, אזוי שנעל ווי ער וואָלט איינגעזעהן זיין אונגעהויערע דומהייט. אָב־זאָגען זיך אויף שטענדיג פון צו מעגען ארויסטרעטען, הייסט זיך אליין מאכען פאר א שקלאַף. קיינער קען אָבער ניט זיך אליין מאכען פאר אזא שקלאַף, וואָס פערלירט אין גאנצען דאָס רעכט צו דערקלערען זיך ווידער פריי“.[4])

צווייטענס, קען דער פרייוויליגער פעראיין אלס אזעלכער קיין הערשאפט ניט האָבען איבער א געוויסען געביעט. „גאנץ געוויס וואָלט אזא פרייוויליגער פעראיין געהאַט דאָס רעכט צו צווינגען אָבצוהיטען אלע רעגעלן, צו וועלכע די מיטגליעדער האָבען איינגעשטימט, אין די גרעניצען פון דעם שטיק לאנד, אָדער פון זיינע בעזונדערע טיילען, וועלכע זיינען אריינגעבראַכט גע־וואָרען אין דעם פעראיין פון די מיטגליעדער אלס איינצעלנע אייגענטימער; און קיין פרעמדער, וועלכער איז ניט איינגעגאַנ־גען מיט זיי אויף אַן אָבמאַך, וואָלט ניט האָבען קיין רעכט אריינ־צוקומען אָדער פערבלייבען אין דעם דאָזיגען געביעט, סיידען אויף די תנאים וואָס דער פעראיין וואָלט איהם שטעלען. אויב אָבער ערגעץ וואו אין מיטען פון אָט די לאנד־שטיקער וואָלט גע־לעבט, איידער דער פעראיין האָט זיך געבילדעט, א געוויסע פער־

[1]) ז. 32. [2]) ז. 44. [3]) ז. 342. [4]) ז. 48.

זאָן אין זיין אייגענער היים אויף זיין אייגען פעלד, וועלכער וואָלט ניט געוואָלט צוליב וועלכען עס איז קלוגען אָדער נארישען טעם אריינטרעטען אין דעם דאָזיגען פעראיין, דאַן וואָלטען די פעראיין־מיטגליעדער קיין רעכט ניט געהאַט איהם ארויסצוזעצען, צווינגען איהם ווערען א מיטגליעד, מאַכען ער זאָל בעצאָהלען פאַר די מעגליכע נוצען וואָס ער קען ציהען פון די שכינות פון פעראיין, אָדער אָוועקנעהמען ביי איהם א געוויסען רעכט וואָס ער האָט פריהער געהאַט, כדי איהם ניט צו דערלאָזען הנאה האָבען פון די דאָזיגע נוצען. און אזוי ווי א פרייוויליגער פעראיין שליסט נויטיגערווייז איין דאָס רעכט ארויסצוטרעטען פון איהם, וואָלט איטליך ארויסגעטראָטענער מיטגליעד נאַטירליכערווייז זיך צוריק־געשטעלט אויף דער פּאָזיציע און אויף דיזעלביגע רעכט, אויף וועלכע עס שטעהט דער איינצעלנער וואָס מיר האָבען פריהער בעשריבען, וועלכער האָט לכתחילה גאָר ניט געוואָלט אריינטרע־טען. דאָס איז אלעס וואָס מען קען זאָגען בנוגע צו דער האלטונג פון דעם איינצעלנעם לגבי וועלכען עס איז אַרומיגען פרייווילי־גען פעראיין; און עס פערשטעהט זיך, אז זיין שטיצע פאַר'ן פער־איין הענגט אָב פון דעם, צי זיינע צוועקען געפעלען איהם, צי ניין, צי ער דענקט אז דער פעראיין וועט קענען מקיים זיין די צוועקען וואָס ער האָט זיך געשטעלט, און ווי ער קוקט אויף די נוצען אָדער דעם שאָדען פון ווערען א מיטגליעד, פון ארויסטרע־טען, אָדער פון גאָר ניט אריינטרעטען".[1]

די מיטגליעדערשאַפט פון א פרייוויליגען פעראיין לעגט ארויף אויף די מיטגליעדער אלערליי התחיבות'ן. דער פעראיין קען פאָדערן אלס א בעדינגונג פון מיטגליעדערשאַפט דאָס אָנ־נעהמען־זיך צו טון געוויסע עבודות, ווי למשל „דיענען אלס גע־שוואָרענער" (אָננעהמען די ארבייט פון א בורר, א „זשורי־מאַן").[2] און היות ווי די אנארכיסטישע פעראיינען אָנערקענען דאָס רעכט ארויסצוטרעטען, וועלען זיי זיך קענען בענוצען אויף מיט'ן שטימ־

---

1) ז. 44-45.  2) ז. 56.

צעטעל, אויב זיי ווע̇לען עס האַלטען פאַר א פאַסיגע מעטאָדע. אויב די פראַגע וואָס איז בעשלאָסען געוואָרען דורכ'ן שטימצע־טעל איז אזא לעבענסנויטיגע, אז די מינאָריטעט וועט האַלטען פאַר וויכטיגער אויסצופיהרען איהרע אייגענע מיינונגען איידער צו ארבייטען צוזאַמען, קען זי זיך צוריקציהען. א מינאָריטעט, ווי קליין זי זאָל ניט זיין, קען אויף קיין פאַל ניט רעגירט ווע־רען אָהן איהר איינוויליגונג".1) דער פרייוויליגער פעראיין איז בערעכטיגט צו צווינגען זיינע מיטגליעדער נאָכצוקומען זייערע פליכטען. „ווען א מענש מאַכט עפּעס אָב מיט אנדערע מענשען, מעגען זיי זיך פעראייניגען כדי צו צווינגען איהם האַלטען וואָרט";2) א פרייוויליגער פעראיין איז דעריבער „בערעכטיגט צו צווינגען אָבהיטען אלערליי רעגעלן, אויף וועלכע די מיטגליעדער האָבען איינגעשטימט".3) אודאי מוז מען דערביי געדענקען, אז „העכסט וואהרשיינליך דער בעסטער וועג ווי צו זיכערן דאָס האַלטען פון א צו־זאָג איז צו געבען אפריהער צו פערשטעהן, אז מען וועט ניט צווינגען צו האַלטען־וואָרט".4)

צווישען אלע התחיבות'ן פון די מיטגליעדער פון א פרייוויי־ליגען פעראיין איז די התחיבות צו צאָהלען שטייערן פון ספּע־ציעלער וויכטיגקייט; אזוי ווי אָבער די שטייער איז בעגרינדעט אויף אַן אָבמאַך, איז זי פרייוויליג.5) „פרייוויליגע נאַלאָגען (בע־שטייערונגען) וועלען ניט אָנהויבען שאָדען דעם פעראיינ'ס קרע־דיט, נ:ר אדרבא וועלען איהם שטאַרקען";6) וואָרים ערסטענס וועט דער פעראיין, מחמת דער איינפאַכקייט פון זיינע עובדות, זעהר זעלטען אָדער אפשר גאָר ניט דאַרפען באָרגען; צווייטענס, קען ער ניט, ווי דער היינטיגער שטאַאט אויפ'ן יסוד פון צוואַנג־שטייער, זיך אָבזאָגען צו צאָהלען זיינע חובות און פון דעסטוועגען טון ווייטער געשעפטען; און דריטענס, וועט ער נויטיגערווייז גי־כער זעהן אויפצוהאַלטען זיין קרעדיט אָבהיטענדיג צו צאָהלען

1) ז. 56-57. 2) ז. 24. 3) ז. 44. 4) ז. 157-8.
5) ז. 32. 6) ז. 36-37.

זיינע חובות, איידער דער שטאאט, וועלכער מאכט געצוואונגענע נאלאָגען".1) און אויסערדעם האָט די פריוויליגקייט פון די שטייערן נאָך די מעלה, וואָס „דער פערטיידיגונגס פעראיין וועט זיך שטענדיג אָבהאלטען פון צו ווערען אַן אָנגרייפונגס־פעראיין, מורא האָבענדיג אז די פריוויליגע בייטרעגע וועלען אָבפאלען; ער וועט האָבען אָט דעם שטענדיגען מאָטיוו צו זעהן האלטען זיך מיט'ן פאָלק'ס פערלאנגען".2)

„א כמעט־פאָלקאָמענע אנארכיסטישע אָרגאניזאציע, אויף אזא גרויסען מאָסשטאב וואָס איז ביז איצט נאָך ניט געזעהען געוואָרען, איז די אירלאנדישע לאנד־ליגע. אַן אונגעהייער גרויסע צאָהל אָרטיגע גרופּען זיינען צושפּרייט איבער גרויסע לאנד־טייי־לען פון צוויי קאָנטינענטען, וואָס זיינען אָבגעטיילט מיט דריי טויזענד מייל ים. יעדע גרופּע איז אויטאָנאָמיש, פריי. יעדערע בעשטעהט פון א פערשיידענער צאָהל מענשען פון יעדען אַלטער, פון ביידע געשלעכטער, פון אַלערליי ראסען, וועלכע זיינען אַלע גלייך אויטאָנאָמיש און פריי. יעדערע איז דורכגעדרונגען פון אַן אַלגעמיינעם, צענטראַלען צוועק. יעדערע האַלט זיך אויף אין גאנצען אויף פריוויליגע בייטרעגע. יעדערע האנדעלט לויט איהר אייגענער מיינונג; זי העלפט זיך אין דער אויסבילדונג פון איהר מיינונג און אין דעם בעשלוס ווי זיך צו פיהרען, מיט די עצות פון א צענטראַל־ראַטה פון געקליבענע מענשען, וועלכער האָט קיין מאכט ניט ארויפצו־צווינגען זיינע בעפעהלען, א חוץ די קראַפט וואָס ליעגט אין דער איבערציינגענדער לאָגיק פון די טעמים אויף וועלכע ער בעגרינדעט זיינע בעפעהלען. אַלע זיינען זיי צוזאמענ־געבונדען און פעדערירט אויף דעם איינפאכסטען אופן, ניט אָפּ־פערענדיג מיט זייערע זעלבסטשטענדיגקייט, אין איין גרויסע פעראייניגונג, פאר וועמעס זעלטענע מאכט די טיראַנען ציטערן, און געגען וועלכער די אַרמעען האָבען קיין בעטרעף ניט".3)

3. צווישען די אָנגעזעהענע פעראיינען פון דער נייער גע־

1) ז. 37. 2) ז. 43. 3) ז. 414.

זעלשאפט זיינען די געגענזייטיגע פערזיכערונגס־געזעלשאפטען און די געגענזייטיגע באנקען,1) און איבערהויפט די פערטיידיגונגס־פעראיינען.

„נאך דער אבשאפונג פון'ם שטאאט וועט אויף זיין פלאץ אויפטרעטען א פערטיידיגונגס־פעראיין"2,) וועלכער וועט געבען בעשיצונג אנטקעגען אזוינע, „וועלכע טרעטען איבער דאס געזעלשאפטליכע געזעץ, אנגרייפענדיג זייערע נאכבארען".3) גאנץ געוויס וועט דער דאזיגער שוץ־פעראיין זיין נויטיג נור אויף דערווייל. „מיר האפען אז עס וועט קומען א צייט, ווען עס וועט פערשווינדען די נויטיגקייט פון געוואלט אפילו פאר דעם צוועק פון אונטערדריקען פערברעכען".4) „די נויט זיך צו פערטיידיגען אנטקעגען איינצעלנע אנגרייפער קומט גרעסטענטיילס, און אפשר ענדליך בעטראכט גאר אין גאנצען, פון די אונטערדריקונגען פון דעם אנגרייפיגען שטאאט. ווען דער שטאאט וועט זיין געפאלען, וועלען די פערברעכער אנהויבען צו פערשווינדען".5)

עטליכע פערטיידיגונגס־פעראיינען וועלען קענען עקזיסטירען איינע לעבען די אנדערע. „עס זיינען פאראן א סך מעהר איידער פינף אדער זעקס פערזיכערונגס־געזעלשאפטען אין ענגלאנד, און עס איז גאר ניט קיין אונגעוועהנליכע זאך פאר די מיטגליעדער פון דערזעלביגער פאמיליע צו סעקורירען זייער לעבען אדער זייערע זאכען פון אן אומגליק אדער א פייער אין פערשיידענע געזעלשאפטען. פאר וואס זאל אויך ניט זיין א היבשע צאהל פערטיידיגונגס־געזעלשאפטען אין ענגלאנד, אין וועלכע מענשען, און אפילו מיטגליעדער פון דערזעלביגער פאמיליע, זאלען קענען סעקורירען זייער לעבען און זייערע זאכען פון מערדער אדער פון גנבים? בעשיצונג איז אן ארבייטס־לייסטונג ווי יעדע אנדער ארבייטס־לייסטונג".6) אונטער דעם איינפלוס פון קאנקורענץ וועט דער בעסטער און בילעגסטער בעשיצער, אקוראט ווי דער בעסטער

1) ז. 159. 2) ז. 25. 3) דארט. 4) ז. 52. 5) ז. 40. 6) ז. 32.

און ביליגסטער שניידער, אָהן צווייפעל מאַכען די בעסטע געשעפ־טען. מען קען זיך דענקען, אז אזעלכער וועט פערכאַפּען אַלע קונ־דען. אויב ער וועט אָבער אריינקריגען אַלע קונדען, וועט ער עס האָבען אלס בעשיצער, ניט צוליב זיין מאַכט אלס טיראַן. ער וועט שטענדיג זיין געצוואונגען צו טון זיין בעסטעס, צוליב די מעגליכקייט פון קאָנקורענץ פאר וועלכער ער וועט מורא האָבען; און דער מקור פון דער מאַכט וועט זיך אַלעמאָל געפינען, ניט ביי איהם, נור ביי זיינע קונדען, וועלכע קענען זי געברויכען, ניט דורך פערבאַלאַטירען איהם, אָדער מיט געוואַלט אריינזעצען אַנאַנ־דערן אויף זיין פּלאַץ, נור פּשוט אָבציהענדיג פון איהם זייער קונדשאַפט".1) אויב אָבער דער אָנגרייפער און דער אָנגעגריפע־נער געהערן צו פערשיידענע פערטיידיגונגס־פעראיינען, וועט ניט ענטשטעהן צווישען זיי א שטרייט? „האָבענדיג די מעגליכקייט פון אזעלכע שטרייטען אין אויג, וועט מען וואהרשיינליך שליסען אָבמאַכען צווישען זיך, אָדער גאָר איינפיהרען בונדס־געריכטען, אלס געריכטען פון לעצטער אינסטאַנציע, דורך די מיטווירקונג פון פערשיידענע פעראיינען, אויף דיזעלביגע פרייוויליגע פּרינ־ציפּען, אויף וועלכע די פעראיינען גופא זיינען אָרגאַניזירט".2)

„פרייוויליגע פערטיידיגונגס־פעראיינען, וועלכע ווירקען לויט דעם אנארכיסטישען פּרינציפּ, וועלען ניט נור פאָדערן שאָדען־ערזאַץ, נור וועלען אויך ניט דערלאָזען עס זאָל קומען צו אָפענע אָנגרייפונגען".3) כדי צו ערפיעלען אָט די אויפגאַבע וועלען זיי זיך קענען אויסקלייבען וועלכע עס איז געהעריגע מיטלען, און עס וועט ניט הייסען אז זיי איבען אוים דערביי א הערשאַפט. „רעגירונג הייסט אונטערוואַרפען דעם ניט־אָנגרייפיגען איינ־צעלנעם אונטער א פרעמדען ווילען. די אונטערוואַרפונג פון דעם אָ נ ג ר י י פ י ג ע ן איינצעלנעם איז ניט קיין רעגירונג, נור ווי־דערשטאַנד אנטקעגען רעגירונג און בעשיצונג פון איהר".4) — „דער אנארכיזם אָנערקענט דאָס רעכט צו אַרעטירען, משפּט'ן,

1) ז. 326-7. 2) ז. 36. 3) ז. 167. 4) ז. 39.

פער׳משפט׳ן און בעשטראָפען פאר אן אונגערעכטע טהאט״.1)
„דער אנארכיזם האָט ברעה אָבצונעהמען אזויפיעל פון דעם אָנגריי־
פער׳ס אייגענטום, וויפיעל עס וועט קלעקען צו דערזעצען דעם
שאָדען וואָס זיין אָנגריף האָט געמאכט״.2) „אויב ער וועט ניט
קענען געפינען קיין בעסער מיטעל פון ווידערשטאנד אנטקעגען
אָנגרייפונגען, וועט דער אנארכיזם זיך בענוצען מיט תפיסות״.3)
ער לאָזט אויך צו די טוידט־שטראָף. „די געזעלשאפט וועלכע
ווענדט אָן די טויט־שטראָף, בעגעהט ניט קיין מאָרד־טהאט. מאָרד
איז אן אָנגרייפונגס־אקט. מען קען דעם אויסדרוק גערעכטמעסיג
ניט אָנווענדען אויף וועלכען עס איז פערטיידיגונגס־אקט. עס איז
ניטאָ גאָר נישט הייליגעס אין דעם לעבען פון אן אָנגרייפער, און
עס איז ניטאָ קיין גוט־בעגרינדעטער פרינציפּ פון געזעלשאפט־
ליכען לעבען, וואָס זאָל פערבאָטען די אָנגעגריפענע זיך צו בע־
שיצען אויף וועלכען עס איז אופן וואָס זיי קענען.4) אָנגרייפער
מעג מען אפילו בעשטראָפען מיט יסורים־אָנטון. אויב אָבער די
„גוטע״ מענשען זיינען ניט קיין טייוואָלים, וועלען זיי מסתמא
זיך ניט כאפּען פאר יסורים־אָנטון, ביז וואנען זיי וועלען האָבען
אויסגעפונען, אז די שטראָף פון טויט און פון ערטרעגליכער פער־
האפטונג האָבען קיין פּעולה ניט״.5) — „אלע דיספּוטען וועלען
איבערגעגעבען ווערען צו געשוואָרענע געריכטען״.6) „לויט מיין
פערזענליכער מיינונג, דארפען די געשוואָרענע אויסגעקליבען ווע־
רען על פי גורל־ווארפען, ארויסציהענדיג צוועלף נעמען פון א
קעסטיל אין וועלכער עס געפינען זיך די נעמען פון אלע בירגער
פון דער געמיינדע״.7) „די געשוואָרענע וועלען ענטשיידען ניט
נור די פאקטען, נור אויך דאָס געזעץ, די גערעכטיגקייט פון גע־
זעץ און זיין אָנווענדבארקייט אויף דעם געוויסען פאל, ווי אויך
די שטראָף אָדער דעם שאָדענערזאץ וואָס מען דארף צו־פּסק׳נען
פאר עובר זיין אויף איהם״.8)

---

1) ז. 55. 2) ז. 56. 3) דאָרט. 4) ז. 156-7.
5) ז. 60. 6) ז. 312. 7) ז. 56. 8) ז. 312.

## 5. — אייגענטום.

I. נאָך טאַקער׳ן נאָך איז פון׳ם שטאַנדפּונקט פון יע־דען איינעמס אייגעננוצען און פון דער גלייכער פרייהייט פון אַלעמען גאַר נישטאָ וואָס איינצו־ווענדען געגען דאָס אייגענטום. טאַקער פערוואַרפט נור די צוטיילונג פון אייגענטום אויפ׳ן יסוד פון מאָנאָפּאָל, ווי עס עקזיסטירט אומעדום און אַלע־מאָל אין׳ם שטאַאט. אז דער עצם פון שטאַאט איז אָנגריף, צייגט זיך ארויס פון די געזעץ, וועלכע שרייבען פאָר, ניט נור ווי מען זאָל זיך פערזענליך אויפפיהרען, נור, וואָס עס איז נאָך ערגער, זיי שאַפען און האַלטען אויף מאָנאָפּאָלען"1) און מאַכען דאדורך מעגליך די וואוכעריי.2)

1. וואוכעריי — דאָס איז צונעהמען דעם מעהרווערטה.3) „דעם ארבייטער׳ס פּראָדוקט איז דער גרעסערער ווערטה פון דעם געגענשטאַנד וואָס ער גיט איבער דעם פערברויכער דורך זיין אר־בייט".4) „דער ארבייטער קריגט ניט דעם דאָזיגען פּראָדוקט, ווע־ניגסטענס ניט אַלס ארבייטער; ער קריגט דורך זיין ארבייט קוים גענוג צום לעבען".5) „ווער עס איז אָבער קריגט דאָך אָט דעם מעהרווערטה. ווער איז ער?"6) „דער וואוכערער".7)

„עס זיינען פאַראַן דריי פאָרמען פון וואוכעריי: צינזען פון געלד, רענט פון לאַנד און הייזער, און פּראָפיט פון האַנדעל. ווער עס ציהט איינס פון די דריי, איז א וואוכערער. און ווער איז ניט? עס איז קוים דאָ איינער וואָס איז ניט. דער באַנקיער איז א וואוכערער, דער פאַבריקאַנט איז א וואוכערער, דער סוחר איז א וואוכערער, דער גרונדבעזיצער איז א וואוכערער, און דער ארבייטער וועלכער לעגט אוועק זיינע פאָר גראָשען אויף פּראָ־צענט, אויב ער האָט וואָס אָבגעשפּאָרט, אָדער ער נעהמט רענט פאַר זיין הויז אָדער לאַנד, אויב ער האָט וועלכע, אָדער ער נעהמט

1) ז. 26. 2) ז. 178. 3) ז. 177. 4) ז. 241.
5) ז. 177. 6) דאָרט. 7) ז. 178.

מעהר פאר זיין ארבייט איידער עס האָט דעם ווערטה — איז ער אויך א וואוכערער. קיינער איז ניט פריי פון דער זינד פון וואוּ־כעריי, און אלע טראָגען אויף זיך די פעראַנטוואָרטליכקייט פון דעם. ניט אלע אָבער פראָפיטירען דערפון. די גרעסטע מאַיאָ־ריטעט ליידעט. נור די הויפּט־פּראָצענטניקעס ווערען רייך: אין אגריקולטורנע און גערויכט־בעפעלקערטע לענדער, — די גרונד־בעזיצער; אין אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע לענדער — די באַנקיערען. זיי זיינען עס, וועלכע שלינגען איין דעם מעהר־ווערטה".1)

2. „פון וואנען נעהמען זיי אָבער זייער מאכט? פון דעם מאָנאָפּאָל וואָס דער שטאאט האלט אויף. די וואוכעריי איז גע־בויט אויף איהם".2) און „פון די פערשיידענע מאָנאָפּאָלען וואָס עקזיסטירען היינטיגען טאָג, זיינען פאראן פיער הויפּט וויכטיגע".3)

„דער ערסטער אין די וויכטיגקייט פון זיין שעדליכען איינ־פלוס שטעהט דאָס געלד־מאָנאָפּאָל. עס בעשטעהט דעריין, וואָס די רעגירונג גיט געוויסע פערזאָנען, אָדער אזעלכע פערזאָנען, וואָס פערמעגען א געוויסען סאָרט אייגענטום, דאָס פריווילעגיום צו שאפען דאָס צירקולאציאָנס־מיטעל — א פריווילעגיום וואָס זי שטיצט דאָ אין לאנד דורך א נאציאָנאל־שטייער פון 10 פּראָ־צענט, וועלכען זי האָט ארויפגעלעגט אויף אלע אנדערע פערזאָ־נען וואָס ווילען שאפען א צירקולאציאָנס מיטעל, און דורך שטאאט־געזעץ, וועלכע מאכען עס פאר א קרימינאל־אקט ארויס־צוגעבען באנק־נאָטען אלס געלד. מען קען בעהויפּטען, אז די וואָס האָבען דאָס דאָזיגע פריווילעגיום, קאָנטראָלירען די צינז־ראטען, די הויך פון דער רענט אויף הייזער און געביידען און דעם פּרייז פון וואארען — דאָס ערסטע דירעקט, דאָס צווייטע און דריטע אונדירעקט. ווארים ווען דאָס באנק־געשעפט וואָלט געשטאנען פריי פאר אלעמען, וואָלטען זיך אלין מעהר און מעהר מענשען גענומען פאר איהם, ביז די קאָנקורענץ וואָלט געוואָרען אזוי

1) ז. 178. 2) דאָרט. 3) ז. 11.

שארף, אז זי וואָלט ארונטערגעזעצט דעם פּרייז פון פּערלייהען געלד ביז צו דעם ערך פון די קאָסטען פון דער ארבייט וואָס שטעקט אין דעם, וואָס, ווי די סטאַטיסטיק צייגט, בעטרעפט ווע־ניגער ווי דריי פּערטיל פון איינס פּראָצענט".1) „דאַן וואָלט גלייך ארונטערגעפאַלען די רענט פון הייזער. וואָרים קיינער, וועלכער קען באָרגען געלד אויף לאַנד אויף איינס פּראָצענט, מיט וואָס צו בויען א הויז פאַר זיך, וועט ניט מרוצה זיין צו צאָהלען א לאַנד־בעזיצער א העכערע רענט".2) שליסליך, „וועלען ארונטער־קומען אויך די פּראָפיטען. וואָרים די סוחרים, אנשטאָט צו קוי־פען אויף קרעדיט און צאָהלען הויכע פּרייזען, וועלען באָרגען געלד פון די באַנקען אויף וועניגער ווי איינס פּראָצענט, קויפען פאַר מזומן צו נידעריגע פּרייזען, און ארונטערלאָזען לפי ערך די פּרייזען פון זייערע וואארע צו די קונים".3)

„דאָס צווייטע אין וויכטיגקייט קומט דאָס לאַנד־מאָנאָפּאָל. זיינע שלעכטע ווירקונגען זעהט מען דערהויפּט אין די אויסשלים־ליך אגריקולטור־לענדער, ווי אירלאַנד. דאָס דאָזיגע מאָנאָפּאָל בעשטעהט דעריין, וואָס די רעגירונג שטיצט דאָס רעכט אויף לאַנד, ניט אויפ'ן יסוד פון פּערזענליכען בעזיץ און בעארביי־טונג".4) „גרונד־רענט עקזיסטירט נור דערפאַר, ווייל דער שטאאט שטעהט דערביי די רענט איינצומאָהנען און צו בעשיצען די לאַנד־רעכט, וואָס זיינען איינגעוואָרצעלט אין געוואַלט אָדער בעטרוג".5) „אזוי שנעל ווי מען וואָלט אויפהערען בעשיצען אנדערע רעכט א חוץ פון פּערזענליכען בעזיץ און בעארבייטונג פון לאַנד, וואָלט די לאַנד־רעכט פערשווינדען, און די וואוכעריי וואָלט געהאַט מיט איין פוס וועניגער אויף וואָס זיך צו שטיצען".6)

דעם דריטען און פיערטען פּלאַץ פערנעהמען די מאָנאָפּאָלען פון טאַריף און פּאַטענטען.7) „דאָס טאַריף־מאָנאָפּאָל בעשטעהט דעריין, וואָס מען שטיצט די פּראָדוקציאָן אויפ'ן יסוד פון הויכע

---

1) ז. 11. 2) ז. 12. 3) דאָרט. 4) דאָרט. 5) ז. 178. 6) ז. 12. 7) דאָרט.

פרייזען און אונטער ניט־גינסטיגע אומשטאנדען, דורכדעם וואָס מען לעגט ארויף א שטייער־שטראָף אויף די וואָס פאטראָניזירען די פראָדוקציאָן אויפ'ן יסוד פון נידעריגע פרייזען און אונטער גינסטיגע אומשטאנדען. די צרה וואָס דאָס מאָנאָפאָל רופט ארוים, קען מען ריכטיגער אָנרופען מיסגעברויך פון וואוכעריי איידער ריכטיגע וואוכעריי, ווייל עס צווינגט די ארבייטער צו צאָהלען, ניט אקוראט פאר דעם געברויך פון קאפיטאל, נור אדרבא פאר דעם מיסברויך פון קאפיטאל".1) דאָס פאטענטען־מאָנאָפאָל בע־שיצט ערפינדער און פערפאסער פון קאָנקורענץ פאר א געוויסע צייט, וואָס איז לאנג גענוג זיי צו לאָזען ארויסרייסען פון פאָלק א שכר, וועלכער איז אונגעהייערליך צופיעל לפי ערך פון דער ארבייט וואָס ליעגט אין זייערע לייסטונגען. אין אנדערע ווער־טער, עס גיט געוויסע מענשען פאר א צאָהל יאָהרען אן אייגנ־טומס־רעכט אויף נאטור־געזעץ און נאטור־פאקטען, און א מאכט ארויסצופרעסען פון אנדערע מענשען אן אָבצאָהל פאר דעם גע־ברויך פון א נאטירליכען רייכטום, וועלכער דארף זיין פריי פאר אלעמען". פראָפיטען אין מסחר איז בעגרינדעט גלייך נאָך דעם געלד־מאָנאָפאָל אויף דעם טאריף און פאטענטען־מאָנאָפאָל. ווען זיי וואָלטען אָבגעשאפט געוואָרען צוזאמען מיט'ן געלד־מאָנאָפאָל, וואָלט פערשווינדען דער מסחר־פראָפיט.2)

II. יעדען איינעמס אייגענגוצען, און איבערהויפט די גלייכע פרייהייט פון אַלעמען, פאָדערט אזא אייגענטום־פערטיילונג, וואו יעדען איינעם איז גאַראַנטירט דער פּראָ־דוקט פון זיין אַרבייט.3)

1. „גלייכע פרייהייט אויפ'ן געביעט פון אייגענטום בע־טייט אזא גלייכגעוויכט צווישען די פרייהייט צו נעהמען און די פרייהייט פעסטצוהאלטען, אז די ביידע פרייהייטען זאָלען קענען בעשטעהן איינע לעבען די אנדערע אָהן א צוזאמענשטויס אָדער אָנגריף".4) „די איינציגע פאָרם פון אייגענטום וועלכע ענט־

1) ז. 12. 2) ז. 12, 13, 178. 3) ז. 60, 59. 4) ז. 67.

שפּרעכט די דאָזיגע פאָדערונג, איז דאָס אייגענטום וואָס איז בעגרינדעט אויף ארבייט" ;1) „אנשטאָט וואָס זיי האָבען נור א גאַנץ קליינעם טייל פון די רייכטימער פון דער וועלט, זאָלען די ארבייטער האָבען אלע רייכטימער".2) אָט די פאָרם פון אייגענטום „פערזיכערט יעדען איינעם דעם בעזיץ פון זיינע אייגענע פּראָדוקטען, אָדער די פּראָדוקטען פון אנדערע מענשען, וועלכע ער האָט לחלוטין ערוואָרבען, ניט בענוצענדיג דערביי קיין שום בעטרוג אָדער געוואַלט, און עס גאַראַנטירט איהם אויך אלע רעכט אויף אזוינע פּראָדוקטען, וועלכע ער קען האַלטען אין קראַפט פון א פרייען אָבמאַך מיט אנדערע".3)

„מען קען זעהן פון דער דאָזיגער דעפיניציאָן, אז דאָס אנאַרכיסטישע אייגענטום בעציהט זיך נור אויף פּראָדוקטען. א פּראָדוקט איז אָבער אַלץ, אויף וואָס עס איז אָנגעווענדעט געוואָרען מענשליכע ארבייט, סיי עס איז א שטיק אייזען, אָדער א שטיק לאַנד, („מען מוז אָבער דערצו בעמערקען, אז אין פּרט פון לאַנד אָדער פון אנדערע מאַטעריאַלען, וועלכע געפינען זיך אין אזא בעשרענקטער מאָס, אז ניט אַלע קענען האָבען פון זיי וויפיעל זיי ווילען, נעהמט זיך דער אנאַרכיזם ניט אונטער צו בעשיצען קיינע אנדערע אייגענטומס־רעכט א חוץ די וואָס זיינען בעגרינדעט אויפ׳ן יסוד פון ווירקליכען בעזיץ און געברויך".)4)

א פערטיילונג פון אייגענטום וואו יעדען איינעם איז גאַראַנטירט דער פּראָדוקט פון זיין ארבייט מיינט נור, אז די גלייכע פרייהייט זאָל אָנגעווענדעט ווערען אויף יענע געביעטען, איבער וועלכע עס הערשט נאָך איצטער דאָס שטאַאט־מאָנאָפּאָל.5)

„ערסטענס מוז זיין געלד־פרייהייט".6) „אונטער געלד־פרייהייט פערשטעה איך עס זאָל לגמרי קיין בעשרענקונג ניט זיין אין ארויסגעבען אמת׳ע, ניט קיין שווינדלערישע געלד".7) „דאָס ארויסגעבען פון געלד דאַרף זיין אזוי פריי ווי דאָס פאַבריצירען

1) ז. 131. 2) ז. 185. 3) ז. 60. 4) ז. 61.
5) ז. 178. 6) ז. 273. 7) ז. 274.

פון שיף".1) דאס געלד ווערט דא אנגענומען אין דעם בריטסטען זין; עס מיינט „אי וואארען־געלד, אי קרעדיט־געלד".2) און בשום אופן ניט נור מינצען. „ווען מען וואלט אמאל געקענט ארויסשלאגען פון די מענשענ'ס קעפ דעם געדאנק וועגען דעם קעניגטום פון געלד און זילבער, און זיי וואלטען אמאל געקענט פערשטעהן, אז פון דער נאטור איז קיין בעזונדער מין וואארע ניט געשאפען געווארען צו דיענען די צוועקען פון געלד, וואלטען זיי אבגע־פטר'ט די פראגע אין א מינוט".3) „עס זיינען פאראן גענוג גרויסע און קליינע אייגענטימער, וועלכע וואלטען שטארק ווען, ווען זיי זאלען נור האבען די פרייהייט דאס צו טון, ארויסגעבען געלד און בעזארגען א סך א גרעסערע סומע איידער עס איז נויטיג".4) „ווען עס וואלט געווען ערלויבט צו עפענען באנקען אויף ארויס־צוגעבען פאפירגעלד געגען וועלכען עס איז אייגענטום, וואס די בירגער וואלטען מרוצה געווען אנצונעהמען אלס משכון; די באנק זאל דערביי אפשר גאר קיין מינצען ניט בעזיצען און זאל ניט זיין גענויטיגט אויסצולייזען איהר פאפירגעלד מיט מינצען; די קונדען פון דער באנק זאלען זיך גענענזייטיג פערפליכטען אנ־צונעהמען איהרע נאטען לויט'ן געשריבענעם ווערטה אנשטאט גאלד אדער זילבער מינץ, און די נאטען זאלען ווערען אויסגע־לייזט ערסט יעמאלט, ווען די ערבות־נאטען אויף די פער'משכן'טע גיטער ווערען פעליג, פשוט אומקעהרענדיג די באנק־נאטען און קריגענדיג דערפאר א בעפרייאונג פון די ערבות — ווען דאס וואלט זיין ערלויבט, וואלט דאס פאלק מוזען זיין זעהר נאריש זיך ניט אנצוכאפען פאר אזא אונשאצבארע פרייהייט".5) „די קאנקורענץ וואלט דאן ארונטערגעזעצט די קאפיטאל־צינזען ביז צום ערך וואס דארף קאסטען דאס אנפיהרען פון'ם באנקגעשעפט, וועלכער בעטרעפט א סך וועניגער איידער איינס פראצענט; וואר־רים עס וועט דאך קיינעם ניט איינפאלען צאהלען דעם קאפיטא־ליסט צינזען, ווען ער קען אין באנק קריגען דאס געלד אויף איינ־

1) ז. 374.. 2) 272. 3) 198. 4) 248. 5) 226.

צוקויפען די מיטלען צו בעטרייבען זיין געשעפט גאָר אָהן ציני־זען".1) דאָסגלייכען „וואָלט די רענט פאר הייזער כמעט אין גאַנצען דירעקט אָבגעשאפט געוואָרען",2) און „די פּראָפּיטען אין מסחר וואָלטען ארונטערגעפאַלען צום ערך פון א גערעכטען לוין פאר דער ארבייט פון'ם פאבריקאנט אָדער סוחר",3) — „סיידען נור אין אזעלכע געשעפטען, וואָס זיינען בעשיצט פון טאריף אָדער פאטענטען־געזעץ".4) אָט די לייכטקייט צו בעקומען קאַ־פּיטאַל וואָלט א הויב געטון די געשעפטען גאָר גרויסאַרטיג.5) „ווען די באנק־פרייהייט וואָלט נישט מעהר געווען ווי א קליינטשיני־קע פּראָבע פועל צו זיין א מעהר גערעכטע פערטיילונג פון דער קליינער סומע רייכטימער וואָס ווערען איצט געשאפען, וואָלט איך קיין מינוט ענערגיע אויף דעם ניט פערבראכט".6)

צווייטענס מוז זיין לאַנד־פרייהייט. „דאָס לאַנד פאר'ן פאָלק", מיינט לויט דעם בעגריף פון פרייהייט, אז אלע מענשען וועלכע ווילען בעארבייטען די ערד, זאָלען בעשיצט ווערען אין דעם בעזיץ פון וויפיעל לאַנד זיי קענען פערזענליך בעארבייטען, אָהן אונטערשיעד צי זיי געהערען צו די היינטיגע קלאסען פון לאַנד אייגענטימער, פאכטער אָדער ארבייטער; און די מאכט וואָס זאָל זיי בעשיצען דארף גאַנץ בעשטימט זיך אָבזאָגען צו העלפען אויפמאָהנען פון זיי וועלכע עס איז רענט".7) „אזא סיס־טעם פון בעזיץ־אייגענטום, מיט וועלכען עס געהט ניט קיין גע־זעצליכע מאכט איינצומאָהנען רענט, נור עס איז פערקעהרט נאָך בעגלייט מיט אן אָבשאפונג פון דעם שטאאט־גאראַנטירטען געלד־מאָנאָפּאָל, וואָס דורכדעם וואָלט צו יעדער צייט געווען לייכט צו קריגען קאפּיטאַל, — אזא סיסטעם וואָלט אָבגעשאפט די גרונד־רענט און וואָלט פערטיילט דעם צו־געקומענעם ווערטה אויף א נאַ־טירליכען און פריעדליכען אופן צווישען זיינע בערעכטיגטע איי־גענטימער".8)

---

1) ז. 287. 2) ז. 274. 3) ז. 287. 4) ז. 178.
5) ז. 11. 6) ז. 243. 7) ז. 299. 8) ז. 325.

דריטענס און פיערטענס איז נויטיג עס זאָלען זיין האַנדעלס־פרייהייט און פרייהייט פון גייסטיגען שאַפען.1) ווען אַט די פריי־הייטען וואָלטען צוגעקומען צו דער געלד־פרייהייט, „וואָלטען די כוחר'ישע פּראָפיטען געוואָרען נישט מעהר ווי די שכירות פאַר דעם סוחר'ס ארבייט".2) די האַנדעלס פרייהייט „וואָלט מיטגע־בראַכט א גרויסען אַראָבפאַל אין די פּרייזען פון אַלע אַרטיקלען, אויף וועלכע עס איז דאָ א טאַריף; און די אָבשאַפונג פון דעם פּאַטענט־מאָנאָפּאָל וואָלט אָנגעפיעלט די הערצער פון די וואָס זיי־נען נהנה פון איהם מיט א געהעריגע מורא פאַר קאָנקורענץ, און וואָלט זיי מיטגעבראַכט צו בענוגענען זיך מיט אזא לוין פאַר זיי־ערע לייסטונגען, ווי אַנדערע אַרבייטער קריגען פאַר זייערע".3)

ווען גלייכע פרייהייט זאָל ווערען פערווירקליכט אויף אַט די אַלע פיער געביעטען, דאַן וואָלט זי שוין פון זיך אליין זיך פער־ווירקליכט אויפ'ן געביעט פון אייגענטום; דאָס הייסט, עס וואָלט מקוים ווערען א פערטיילונג פון אייגענטום, וואו יעדען איינעם איז גאַראַנטירט דער פּראָדוקט פון זיין ארבייט".4) „מיט דער אָבשאַפונג פון פּאָליטישער טיראַניי מוזען די עקאָנאָמישע פריי־ווילעגיען פון זיך אליין פערשווינדען".5) אין א געזעלשאַפט וואו עס איז מעהר ניטאָ קיין הערשאַפט פון מענשען איבער מענשען, קענען נים עקזיסטירען אזעלכע זאַכען ווי צינזען, רענט און פּראָ־פיטען:6) יעדען איינעם איז גאַראַנטירט דאָס אייגענטום פון דעם ערטראַג פון זיין ארבייט. „מיר זאָגען ניט: „דו זאָלסט ניט גנב'נען!", מיר זאָגען: ווען אַלע מענשען וועלען האָבען פריי־הייט, „וועסטו ניט גנב'נען".7)

3. „די פרייהייט וועט אָבשאַפען אַלע וועגען ווי אזוי דער ארבייטער קען בערויבט ווערען פון א טייל פון זיין פּראָדוקט; זי קען אָבער ניט אָבשאַפען די בענערניצטע אונגלייכהייט צווי־שען איין ארבייטער'ס ערטראַג און אַנאַנדער ארבייטער'ס ער־

---

1) ז. 12-13. 2) ז. 178, 474. 3) . 13. 4) ז. 403.
5) דאָרט. 6) ז. 470. 7) ז. 362.

טראג".1) „עס וועט בלייבען א לייכטע אונגלייכהייט אין די פּראָדוקטען צוליב די חלוקים אין דעם גראד פון פעהיגקייט און אין דער קוואליטעט פון'ם באָדען. אָבער אפילו אָט די אונגלייכהייט וועט באלד אָנהויבען ווערען וואָס ווייטער וועניגער. אונטער די נייע עקנאָמישע בעדינגונגען און פערגרעסערטע געלעגענהייטען, וואָס די קרעדיט און לאנד־פרייהייט וועט מיטברייננגען, וועלען די קלאסען־אונטערשיידען ביסלעכווייז פערשווינדען; עס וועלען זיך ניט ענטוויקלען קיין גרויסע פעהיגקייטען ביי א קלייי־נער צאָהל מענשען אויפ'ן חשבון פון פערקריפּעלטע פעהיגקייטען פון דער גרויסער מעהרצאָהל. די פרייהייט צו בעוועגען זיך וועט ווערען א סך גרעסער; די ארבייטער וועלען מעהר ניט זיין צוגעשמידט אין אזוינע גרויסע מאסען צו די היינטיגע צענטערן פון קאָמערציע און פערשקלאפט ווערען דורכדעם צו די שטאָדטיגע הויזבעזיצערס; לענדער און קוואלען, וועלכע זיינען פריהער ניט בענוצט געוואָרען, וועט מען לייכט גרייכען און ענטוויקלען. אונטער אָט די אלע איינפלוסען וועט די פריהער־דערמאָנטע אונגלייכהייט אראָבפאלען ביז צו א מינימום".2)

„אין גאנצען וועט זי וואהרשיינליך קיינמאָל ניט פערשווינדען".3) „דערפאר וואָס די פרייהייט קען דאָס ניט טון, זיינען פאראן מענשען וואָס זאָגען: „מיר ווילען ניט קיין פרייהייט, ווארים מיר מוזען האָבען אבסאָלוטע גלייכהייט". איך געהער ניט צו זיי. אויב איך קען דורכמאכען מיין לעבען פריי און רייך, וועל איך ניט קלאָגען פארוואָס מיין נאכבאר, וועלכער איז פונקט אזוי פריי, איז רייכער פאר מיר. די פרייהייט וועט צום סוף אלעמען מאכען רייך; זי וועט אָבער ניט מאכען אלעמען גלייך רייך. די אויטאָריטעט קען אפשר (און אפשר ניט) מאכען אלע זאָלען זיין גלייך רייך אין בייטעל; זי וועט זיי אָבער זיכער אלעמען מאכען גלייך אָרים אין אלץ וואָס עס מאכט דאָס לעבען אם בעסטען ווערטה צו לעבען".4)

---

1) ז. 348. 2) ז. 332-3. 3) דאָרט. 4) ז. 348.

6. — פערווירקליכונג.

די ענדערונג, וואָס פאָדערט זיך לויט דעם פּרינציפּ פון יעדען איינעמס אייגעננוצען, וועט נאָך טאַקער׳ס מיינונג קומען דורכדעם, וואָס אַלע די וועלכע האָבען איינגעזעהען די וואַרהייט, וועלען צוערסט איבערצייגען אַ גענוגענדע צאָהל מענשען ווי נויטיג די דאָזיגע ענדערונג איז פאַר זייערע אייגענע אינטערעסען, און דאַן, אויפהערענדיג צו זיין געהאָרכזאַם, וועלען זיי אָבשאַפען דעם שטאַאַט, אומענדערן געזעץ און אייגענטום, און אויף אַזאַ אופן איינפיהרען די נייע אָרדנונג.

I. ערסטענס דאַרפען אַ גענוגענדע צאָהל מענשען ווערען איבערצייגט, אַז זייערע אייגענע אינטערעסען פאָדערן די ענדערונג.

1. „כדי עס זאָל ווירקליך קענען עקזיסטירען אַן אַנאַרכיסטיש סיסטעם, מוז דאָס פאָלק אפריהער ערצייגען ווערען אין די אַנאַרכיסטישע פּרינציפּען“.1) „יעדער איינצעלנער מוז ווערען דורכגעדרונגען פון דעם אַנאַרכיסטישען געדאַנק און מען מוז איהם אויסלערנען צו רעבעלירען“.2) „מען מוז אָהן אַן אויפהער פערשפּרייטען די לעהרע פון גלייכער פרייהייט, כדי די מאַיאָריטעט זאָל ענדליך איינזעהען בנוגע צו די היינטיגע פאָרמען פון אָנגרייפונגען, וואָס זי האָט שוין איינגעזעהען בנוגע צו די אַלטע, אָבגעלעבטע פאָרמען — דאָס איז, אַז זייער ציעל איז לגמרי ניט די גלייכע פרייהייט פאַר אַלעמען, נור פּשוט די אונטערוואַרפונג פון אַלע אַנדערע מענשען אונטער זיך אליין“.3) „די אירלאַנדישע לאַנד־ליג איז אונטערגעגאַנגען, ווייל די פּויערים האָבען ניט געהאַנדעלט ציעלבעוואוסט לויט זייער איינענעם שכל, נור זיינען נאָכגעגאַנגען בלינד זייערע פיהרער, וועלכע האָבען זיי פערראַטען אין רעכטען קריטישען מאָמענט. ווען דאָס פאָלק וואָלט

1) ז. 104. 2) ז. 114. 3) ז. 77-78.

דערקענט זיין מאכט און וואָלט פערשטאַנען די עקאָנאָמישע לאַגע, וואָלטען זיי ניט גענומען וויעדער צאָהלען רענט אויף פאַרנעל'ס בעפעהל, און וואָלטען שוין אפשר היינט געווען פריי. די אנאַרכיסטען האָבען ניט ברעה צו מאַכען דעמזעלבען פעהלער. דערפאַר גיבען זיי זיך אין גאַנצען אָב מיט דער פערשפּרייטונג פון זייערע פּרינציפּען, און ספּעציעל די עקאָנאָמישע פּרינציפּען. פערפאָלגענדיג אָט די מעטאָדע מיט א פעסטען בעשלוס און ניט לאָזענדיג זיך פערפיהרען פון דעם ליאַרם, לעגען זיי אוועק א זיכערן פונדאַמענט פאַר'ן ערפאָלג פון דער רעוואָלוציאָן".(1)

2. די מיטלען ווי צו פערשפּרייטען דעם אנאַרכיסטישען געדאַנק, זיינען נאָך טאָקער'ן, „די מינדליכע און שריפטליכע פּראָפּאַגאַנדאַ".(2) — וואָס זאָל מען אָבער טון אויב די רעדע און פּרעסע פּרייהייט ווערט אונטערדריקט? דאַן איז מען בערעכטיגט צו געברויכען געוואַלט.(3)

אָבער די געוואַלט דאַרף מען געברויכען ווי א לעצטער מיטעל".(4) „ווען א דאָקטאָר זעהט אז זיין פּאַציענט ווערט אזוי אָבגעשוואַכט פון די שטאַרקע שמערצען וואָס ער ליידט, אז ער קען שטאַרבען פון דער דאָזיגער אָבשוואַכונג איידער די אָנגעווענדטע מעדיצינישע מיטלען ווען ווען אָבען א געלעגענהייט צו קורירען די קראַנקהייט, פערשרייבט ער איהם א בעטויבונגסמיטעל. א גוטער דאָקטאָר טוט עס אָבער אלע מאָל זעהר ניט ווילענדיג, וואָרים ער ווייס אז איינע פון די ווירקונגען פון דעם בעטויבונגסמיטעל איז אזוינע, וואָס שטערט און האַלט אָב די ווירקונג פון דעם מעדיצינישען פּראָצעס גופא. דאָס אייגענע איז אויך מיט דעם געברויך פון געוואַלט, סיי פון דעם המון, סיי פון'ם שטאַאט, אויף א קראַנקער געזעלשאַפט. ניט נור די וואָס פערשרייבען עס אָהן אן אויסרעכענונג אלס א רפואה בדוקה אָון א שטענדיגער קרעפטיגונגס מיטעל, נור אלע וואָס פערשרייבען עס איבערהויפּט אלס א היילמיטעל, און אפילו די וואָס וואָלטען

---

1) ז. 416. 2) ז. 413, 397. 3) ז. 413. 4) ז. 397.

זיך ווען עס איז הערמיט בענוצען ליכטפערטיג, ניט אלס א קור־ראציע, נור אלס א צייטווייליג מיטעל, זיינען געזעלשאפטליכע קאנאוואלען"[1].

דעריבער „דארף מען נור דאן אנווענדען געוואלט אנטקעגען די אונטערדריקער פון דער מענשהייט, ווען זיי האבען לחלוטין אונמעגליך געמאכט יעדע איינציגע פריעדליכע מעטאדע פון אגיטאציע"[2]. בלוטפערגיסונג פאר זיך אליין איז א ריינער פערלוסט. ווען אבער מיר מוזען האבען אגיטאציאנס פרייהייט און מען קען עס אויף קיין אנדער אופן ניט קריגען סיידען דורך בלוטפערגיסונג, דאן איז בלוטפערגיסען פערנינפטיג"[3]. כל זמן די רעדע און פרעסע פרייהייט איז ניט אבגעהאקט, טאר מען זיך ניט נעהמען פאר דער פיזישער געוואלט אין'ם קאמפף אנטקעגען אונטערדריקונג. דערפון וואס מיר זאגען, אז עס איז ראטזאם צו געברויכען געוואלט כדי צו געווינען רעדע פרייהייט, איז נאך ניט געדרונגען אז עס איז רעכט צו מאכען א בלוטבאד, וויבאלד נור די רעדע פרייהייט איז אבגעשניטען געווארען אין איינעם, א צעהנדליג אדער א הונדערט פאלען. נור דאן ווען זי איז פאלשטענדייג אונטערדריקט געווארען, קען מען זיך נעהמען פאר דעם לעצטען מיטעל, דעם געברויך פון געוואלט"[4]. „דער טעראר איז צוועקמעסיג אין רוסלאנד און ניט־צוועקמעסיג אין דייטשלאנד און ענגלאנד"[5]. — אויף וועלכען אופן זאל מען אנווענדען געוואלט? „די צייט פון בעוואפענטע רעוואלוציעס זיינען שוין איבערגעגאנגען; מען קען זיי צו־לייכט אונטערדריקען"[6]. „טעראר און אטענטאנטען"[7] זיינען נויטיג, זיי וועלען אבער זיך מוזען אויסדריקען אין א רייהע אינדיווידועלע אקטען דורך דינאמיט"[8].

3. אבער א חוץ די מינדליכע און שריפטליכע זיינען נאך פאראן אנדערע מעטאדען פון פראפאגאנדא. איין מעטאדע אועלכע איז — „יעדער איינצעלנער בעזונדער זאל זיך ענטזאגען צו

1) ז. 428. 2) דארט. 3) ז. 439. 4) ז. 397.
5) ז. 428. 6) ז. 440. 7) ז. 428. 8) ז. 440.

צאָהלען שטייערן".1) „לאָמיר זאָגען, א געוויסען יאָהר, ווען איין אנארכיסט פיהלט גראָד בעזונדערס שטארק און אונאָבהענגיק, ווען זיין אויפפיהרונג קען ניט שאָדען קיין ערנסטע פערזענליכע התחיבות, ווען, אין אַלגעמיין בעטראַכט, וואָלט איהם ניט אזוי שטארק געארט „אָבצוזיצען" אביסעל, און ווען זיין פערמעגען איז פון אזא סאָרט וואָס מען קען עס גוט פערבעהאלטען — לאָז ער דאַן אָנגעבען פאר'ן בעאמטען וויפיעל זיין פערמעגען איז ווערטה, אָבער ווען דער שטייערן־קאָלעקטאָר קומט, ניט געבען א סענט. אָדער, אויב ער האָט ניט קיין אייגענטום, זאָל ער זיך ענטזאָגען צאָהלען דעם קאָפּ־שטייער. דער שטאאט וועט דאן מוזען אויסשפּיעלען זיינע טרומפּען. ער קען טון איינס פון דיביידע: אָדער ער וועט איהם לאָזען צורוה, דאן וועט דער אנארכיסט קענען דערצעהלען די גאנצע מעשה זיינע נאכבארען, וועלכע וועלען נעכסטען יאָהר אליין אויך אָנהויבען שפּירען א גרויסען חשק איינ־צוהאלטען זייערע געלד ביי זיך אין די בייטלען; אָדער ער וועט איהם אריינזעצען. אין דעם אנדערן פאַל וועט ער אויף א געזעצ־ליכען אופן פאָדערן און בעקומען אלע רעכט פון א ציוויל־גע־פאנגענעם און וועט זיך אָט אזוי לעבען אָן אָנשטענדיג רוהיג לע־בען, ביז וואנען דעם שטאאט וועט מיאוס ווערען איהם אויס־צוהאלטען, ווי אויך אויסצוהאלטען די וואקסענדע צאָהל פון די אנדערע מענשען, וועלכע וועלען איהם נאָכטון. עס קען אָבער געבען, אז דער שטאאט, אין פערצווייפלונג, וועט זיך בעשליסען שטרענגער צו מאכען די געזעצ ווענען האלטען אין געפענגניס די וואָס צאָהלען ניט קיין שטייערן. איז דאָן, אויב אונזער אנאר־כיסט איז אַן ענטשלאָסענער מענש, וועלען מיר אויסגעפינען ווי־ווייט א רעפּובליקאנישע רעגירונג, „וועלכע בעקומט איהר גערעכ־טע מאכט פון דער צושטימונג פון די רעגירטע", איז פערטיג צו געהן, כדי צו פערשאפען זיך די דאָזיגע „צושטימונג" — צי זי וועט געהן נור אזוי ווייט ביז צו איינצעל־פערשפארונג אין א

1) ז. 45.

פינכטערן קאמער, אָדער זי וועט, אין איינעם מיט'ן רוסישען צאר זיך נעהמען אָנטון יסורים דורך עלעקטריציטעט. וואָס ווייטער זי וועט געהן, אַלץ מעהר טובה וועט זי טון דעם אנארכיזם, ווי דאָס וויים גאנץ גוט יעדערער וואָס האָט געלערנט די געשיכטע פון רעפאָרמען. ווער קען אָבשאצען דעם ווערטה פאר דער פראָפאגאנדא פון א פּאָר אזעלכע ביישפּיעלען און בפרט, ווען עס ווערט נאָך געשטיצט פון א גוט־אָרגאניזירטער חברה אגיטאטאָרען פון דרויסען פון די געפענגנים־מויערן?"1)

אנאנדער מעטאָדע פון פּראָפּאגאנדא בעשטעהט אין „שאפען א פּראקטישע פּראָבע פון די אנארכיסטישע פּרינציפּען".2) אָבער דאָס קען ניט געשעהן אין אָבגעזונדערטע געמיינדען, נור „אין רעכטען הארץ פון היינטיגען אינדוסטריעלען און געזעלשאפטליכען לעבען".3) „ווען אין א וועלכער עס איז גרויסער שטאָדט, וואָס שטעלט מיט זיך פּאָר די פערשיידענארטיגע אינטערעסען און כאראקטערשטריכען פון אונזער פערשיידענארטיגער ציוויליזאציע, וואָלטען א גענוג גרויסע צאָהל פון ערנסטע און אינטעליגענטע אנארכיסטען, וועלכע זיינען בעשעפטיגט אין אלערליי מלאכות און פּראָפעסיאָנען, זיך פעראייניגען אָנצופיהרען זייער פּראָדוקציאָן און דיסטריבוציאָן לויט דעם קאָסט־פּרינציפּ",4) און „צום טראָץ פון אלע געזעצליכע פערבאָטונגען"5) „עפענען א באנק, וועלכע וועט זיי געבען א באנק־געלד אָהן צינזען אויף אָנצופיהרען זייערע געשעפטען, און וועט פערווענדען זייערע אָנגעקליבענע קאפּיטאלען אין פרישע אונטערנעהמונגען, — די נוצען פון דעם דאָזיגען סיסטעם זאָלען זיין אָפען פאר אלעמען, וועלכע ווילען זיך בעטייליגען דעריין — וואָס וואָלט זיין דער רעזולטאט דערפון? דער רעזולטאט וואָלט זיין, אז די גאנצע כל המינים'דיגע בעפעלקערונג, די קלוגע און די נאראָנים, די גוטע און די שלעכטע און די אינדיפערענטע, וואָלטען באלד זיך פער־

1) ז. 412 2) ז. 423. 3) דאָרט. 4) דאָרט.
5) ז. 27.

אינטערעסירט מיט דאָס וואָס קומט פאַר ביי זיי גלייך אויף די אויגען, וואָלטען אלע מעהר און מעהר זיך ווירקליך בעטייליגט אין דעם, און אין עטליכע יאָהר — אזוי ווי יעדער איינער וואָלט געהאט דעם פולען ערטראג פון זיין ארבייט און קיינער וואָלט ניט געקענט לעבען ווי א פריץ אויף דער הכנסה פון זיין קאַפּיטאל, — וואָלט די גאנצע שטאָדט געוואָרען ווי א גרויסער ביענשטאָק פון אנארכיסטישע ארבייטער, פון פרייע און גליקליכע מענשען".1)

II. ווען א גענוגענדע צאָהל מענשען זיינען איבערצייגט, אז זייערע אייגעננוצען פאָדערן די ענדערונג, דאן איז די צייט אָבצושאפען דעם שטאאט, אומענדערן די געזעץ און דאָס אייגענטום און איינפיהרען דעם נייען צושטאנד דורך די „סאָציאלע רעוואָלוציאָן", ד. ה. דורך אזא ווי מעגליך־אלגעמיינעם אָבזאָגען זיך פון פאָלגען. דער שטאאט איז „א פשוטע טיראנייע און בעזיצט ניט קיינע רעכט וועלכע דער איינצעלנער איז מחויב צו שיצען; אדרבא, יעדער איינצעלנער וועלכער פערשטעהט זיינע רעכט און ווייס צו שעצען זיין פרייהייט, וועט טון אלעס מעגליכע איהם צו פערניכטען".2)

1. א סך גלויבען, אז „דער שטאאט קען ניט פערשווינדען ביז וואנען דער איינצעלנער וועט ניט ווערען פאָלקאָמען.

דאָס וואָלט הייסען, אז די אנארכיע וועט ווערען מעגליך נור נאָכדעם ווי משיח וועט קומען. עס איז אודאי אמת, אז אויב דער מענש וואָלט געקענט ווערען פאָלקאָם, בעת עס שטעהען איהם אויפ'ן וועג אלע מניעות פון פאָלקאָמענהייט, וואָלט דער שטאאט נאָכדעם געוויס פערשוואונדען געוואָרען. ווען א מענש וואָלט זיך אליין געקענט אויפהעבען פאר די האָר, וואָלט ער אפשר דעם הימעל אויך קענען דערלאנגען".3) „בוליאָן דענקט, אז ציוויליזאציע בעשטעהט אין לערנען מענשען ווי זיך אליין צו רעגירען, און דאן זיי לאָזען דאָס טון. מען דארף נור מאַכען א גאנץ

1) ז. 423-4. 2) ז. 45. 3) ז. 114.

קליינע ענדערונג אין אַט דעם נאַרישען זאַץ, כדי עס זאָל פון איהם ווערען א גאַנץ ריכטיגער געדאַנק, אזוי צו זאָגען: ציווי־ליזאַציע בעשטעהט אין לערנען מענשען ווי זיך אליין צו רעגירען, דורכדעם וואָס מען לאָזט עס זיי טון".1) דעריבער איז עס נוי־טיג „אָבצושאַפען דעם שטאַאט" דורך „די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן וואָס דאַרף באַלד געשעהען".2)

2. אנדערע האָבען די „פאַלשע אידעע, אז די אנאַרכיע קען איינגעפיהרט ווערען דורך געוואַלט".3)

אויף וועלכען וועג זי קען יאָ איינגעפיהרט ווערען, איז דורכ־אויס א פראַגע פון צוועקמעסיגקייט.4) „בעשימפּפען די טאַקטיק פון טעראָר און אַטענטאַנטען אלס אונמאָראַליש, איז לעכערליך. די „פרייהייט" שטעלט זיך ניט אונטער צו בעגרעניצען דאָס רעכט פון אַן אָנגעגריפענעם מענשען אויסצוקלייבען זיך זיינע אייגענע מעטאָדען פון פערטיידיגונג. דער אָנגרייפער, סיי א יחיד, סיי א רעגירונג, קען קיינע תביעות פון איינזעהענים ניט האָבען אויף דעם אָנגעגריפענעם. אַט די וואַרהייט איז אונאָבהענגיק פון'ם כאַ־ראַקטער פון דעם אָנגריף. עס מאַכט קיין אונטערשיעד ניט אויף וועלכען אופן דער יחיד זעהט איין אז זיין פרייהייט איז מוט־ווילינ בעגרעניצט געוואָרען; ער האָט א רעכט אָבצוזעכענען זיך דערפאַר אין יעדען פאַל, און ער וועט זיין גערעכטפערטיגט ווען ער רעכענט זיך אָב מיט יעדען מיטעל וואָס שטעהט איהם צו דער האַנד".5)

„דאָס רעכט צו וועהרען זיך אנטקעגען אונטערדריקונג מיט געוואַלט־מיטלען איז קלאָר אָהן א שום ספק. אָבער דאָס בענוצען זיך מיט דעם רעכט וואָלט זיין ניט קלוג, סיידען נור ווען די אונטערדריקונג פון פרייען געדאַנק, פון פרייע רעדע און פרייע פרעסע ווערט אויסגעפיהרט אזוי שטרענג, אז עס איז קיין אנדער מיטעל ניט געבליבען ווי זי ארונטערצו־וואַרפען".6) „ווען די

1) ז. 158. 2) ז. 487. 3) ז. 427. 4) ז. 429.
5) ז. 428-9. 6) ז. 439.

רעגירונג זאָל פּלוצלונג אין גאַנצען אָבגעשאַפט ווערען מאָרגען, וואָלט וואהרשיינליך פאָרגעקומען א רייה פון פיזישע שטרייטען וועגען לאַנד און א סך אַנדערע זאַכען, וועלכע וואָלטען זיך גע־ענדיגט אין א רעאַקציע און די אַלטע טיראַניי וואָלט וויעדער אָב־געלעבט. ווען אָבער די אָבשאַפונג פון רעגירונג זאָל פאָרקומען ביסלעכווייז, וועלען צוגלייך מיט איהר אַלע מאָל מעהר אָנגע־נומען און פערשפּרייט ווערען געזעלשאַפטליכע וואַרהייטען".1)

3. די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן וועט קומען דורך דעם פּאַ־סיווען ווידערשטאַנד; ד. ה. דורך ענטזאַגען זיך געהאָרכזאַם צו זיין.2)

„דער פּאַסיווער ווידערשטאַנד איז די מעכטיגסטע וואַפען וואָס מענשען האָבען ווען עס איז געהאַט אַנטקעגען די אונטער־דריקונג".3) „דער פּאַסיווער ווידערשטאַנד, האָט אַמאָל לאַסאַל געזאָגט מיט אַן עכט דייטשער טעמפּקייט, איז א ווידערשטאַנד וואָס ווידערשטעהט ניט". עס איז קיינמאָל קיין גרעסערער טעות ניט געווען. עס איז דער איינציגער ווידערשטאַנד, וועלכער, ביי היינ־טיגע צייטען פון מיליטערישער דיסציפּלין, קען נאָך פיהרען צו וועלכע עס איז רעזולטאַטען. אין דער גאַנצער היינטיגער ציווי־ליזירטער וועלט איז ניטאָ א טיראַן וועלכער וואָלט ניט געטון אַלעס מעגליכע ליעבער אויפצורייצען א בלוטיגע רעוואָלוציע, איי־דער צו זעהען ווי א גרויסער טייל פון זיינע אונטערטאַנען שטעהען איהם אַנטקעגען פעסט ענטשלאָסען ניט צו פאָלגען. אַן אויפ־שטאַנד קען מען לייכט דערשטיקען, אָבער קיין אַרמעע וויל ניט און קען ניט אָנשטעלען איהרע קאַנאָנען אויף פריעדליכע מענשען, וועלכע קלייבען זיך ניט אויף אפילו אין רעדלאַך אויפ'ן גאַס, נור בלייבען צו הויז און בעשטעהען אויף זייערע רעכט".4)

„די געוואַלט לעבט אויף איהר רויב, און שטאַרבט ווען איה־רע קרבנות לאָזען זיך ניט מעהר בערויבען. מען קען די געוואַלט ניט רעדען צו טוידט, מען קען זי ניט שטימען צו טוידט, מען

1) ז. 329. 2) ז. 413. 3) ז. 415. 4) ז. 413.

קען זי ניט שיסען צו טוידט; מען קען זי אָבער אַלעמאָל פערהונגערן אויף טוידט. ווען א געוויסע גרופע ענטשלאָסענע מענשען, וועלכע זיינען גענוג שטארק אין צאָהל און אין כאראקטער ארויסצורופען צו זיך רעספעקט און צו געבען צו פערשטעהן, אז עס איז ריזיקאַליש צו נעהמען און אריינזעצען זיי אין געפענגניס, וואָלטען אָבגעמאַכט צווישען זיך צו־פערמאכען גאנץ רוהיג די טירען פאר דעם שטייערן־קאָלעקטער און דעם רענט־מאָהנער, און וואָלטען אין דערזעלבער צייט געפייפט אויפ'ן געזעצליכען פערבאָט און ארויסגעגעבען זייער אייגען געלד און אויפגעהערט צו צאָהלען דעם געלד־זאק זיינע צינזען — דאן וואָלט די רעגירונג, מיט אַלע איהרע פריווילעגיען וואָס זי שענקט אויס, און מיט אַלע מאָנאָפּאָלען וואָס זי האלט אויף, באלד געמוזט געהן איבער'ן פלאנקאן".(1)

בעטראכט „די אונגעהויערע און גאנץ אונווידערשטעהליכע קראפט פון א גרויסער און פערשטענדיגער מינאָריטעט, וועלכע כאפט ארום, לאָמיר זאָגען, איין פינפטעל פון דער בעפעלקערונג פון וועלכען עס איז אָרט", ווען זי ענטזאָגט זיך צו צאָהלען שטייערן.(2) „איך וויל נור אויפמערקזאם מאכען אויף די וואונדערבאר־בעלעהרענדע געשיכטע פון דער לאנד־ליגע בעוועגונג אין אירלאנד — די שטארקסטע, און אין ווירקונג די שנעלסטע, רעוואָלוציאָנערע קראפט, וואָס די וועלט האָט ווען עס איז געזעהן, כל זמן זי האָט זיך געהאלטען ביי איהר ערסטער טאקטיק פון „צאָהל ניט קיין רענט"; וועלכע אָבער האָט גלייך פערלאָרען כמעט איהר גאנצע מאכט דעם אייגענעם טאָג ווען זי האָט די דאָזיגע טאקטיק אויפגעגעבען. זי האָט אָבער זיך געהאלטען ביי איהר טאקטיק לאנג גענוג צו בעווייזען, אז די בריטישע רעגירונג איז אין גאנצען געווען מאכטלאָז אנטקעגען איהר; און עס איז נאָך מיין מיינונג גאָר ניט צופיעל צו זאָגען, אז אויב זי וואָלט געבליבען ביי דער טאקטיק, וואָלט היינט קיין איינציגער לאנד־

---

1) ז. 415־6. 2) ז. 412.

לאָרד אין אירלאַנד נים געווען. עס איז לייכטער צו שטעלען זיך דערווידער די שטייערן דאָ אין לאַנד, איידער צו שטעלען זיך דער ווידער די רענט אין אירלאַנד; און די טאַקטיק וואָלט דאָ געהאַט א גרעסערע ווירקונג, לפי ערך וואָס דאָס פּאָלק איז דאָ מעהר אינ־טעליגענט — אָבער אלץ בתנאי אויב איהר קענט צוציהען א גע־נוגענדע צאָהל פון ערנסטע און ענטשלאָסענע מענער און פרויען. ווען איין פינפטעל פון פּאָלק וואָלטען זיך געשטעלט אנטקעגען דעם שטייערן־אָבצאָהל, וואָלט נעקאָסט מעהר אויפצומאַהנען די שטייערן, אָדער נור פּרובירען אויפמאַהנען, איידער די אנדערע פיער פינפטעל וואָלטען ווילינ געווען אויסצונעבען דערויף“.1)

1) ז. 412-413.



## ניינטער קאפּיטעל.

# טאָלסטאָי׳ס לעהרע.

### 1. — אַלגעמיינעס.

1. לעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי איז געבאָרען געוואָרען אין׳ם יאָהר 1828, אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ, טולער גובערניע. פון 1843 ביז 1846 האָט ער שטודירט אין קאַזאַן, צוערסט אָריענטאַלישע שפּראַכען, דאַן יוריספּרודענץ; פון 1847 ביז 1848 האָט ער שטודירט יוריספּרודענץ אין פּעטערבורג. נאָכדעם ווי ער האָט פערוויילט א לענגערע צייט אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ, האָט ער אין 1851 אריינגעטראָטען אין אַן ארטילעריע־רעגימענט אויף קאווקאַז; ער איז געוואָרען אַן אָפיציער, איז פערבליבען דאָרטען ביז 1853, האָט דורכגעמאַכט די קרימער מלחמה און האָט פערלאָזען די אַרמעע אין 1855.

טאָלסטאָי האָט דאַן זיך בעזעצט צוערסט אין פּעטערבורג. אין 1857 האָט ער אונטערנומען א לענגערע רייזע דורך דייטשלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליען און די שווייץ. נאָך זיין צוריקקומען האָט ער ביז 1860 געלעבט מעהרסטענטיילס אין מאָסקווע. אין 1860־1 האָט ער ארומגערייזט אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך איטאַליען, ענגלאַנד און בעלגיען; אין ברימעל האָט ער זיך בעקאַנט מיט פּרודאָן׳ען.

זינט 1861 האָט טאָלסטאָי געלעבט כמעט אָהן א הפסקה אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ אלס לאַנדווירטה (פּאָמיעסטשיק) און שריפטשטעלער.

טאָלסטאָי האָט פערעפענטליכט א גרויסע צאָהל שריפטען; זיינע ווערק ביז 1878 זיינען דאָס רוב נאָוועלען, פון וועלכע די

ראָמאַנען „קריעג און פריעדען" און „אננא קארענינא" זיינען די בעריהמטעסטע; זיינע שפּעטערע שריפטען זיינען מעהרסטענטיילס פון א פילאָזאָפישען אינהאַלט.

2. פאר טאָלסטאָי'ס לעהרע איבער געזעץ, שטאאט און איי־גענטום זיינען פון הויפּט וויכטיגקייט די שריפטען „מיין ווידוי" (1879), „דער עוואַנגעליום בקיצור" (1880), „אין וואָס איך גלויב" (1884) „וואָס זאָלען מיר איצט טון?" (1885) „מכח דעם לעבען" (1887) „דאָס רייך גאָטעס איז אין אייך, אָדער דאָס קריסטענטום אלס א נייע אויפפאסונג פון לעבען, ניט אלס מיסטישע לעה־רע" (1893).

3. טאָלסטאָי רופט ניט אָן זיין לעהרע איבער געזעץ, שטאאט און אייגענטום אַנאַרכיזם. ער בעצייכענט יענע לעהרע אלס אַנאַרכיזם, וועלכע שטעלט ארויס אלס איהר ציעל א לעבען אָהן רעגירונג און וואָלט עס וועלען האָבען פערווירקליכט דורך די אָנווענדונג פון געוואַלט.1)

## 2. — גרונדלאַגע.

אונזער העכסטעס געזעץ איז נאָך טאָלסטאָי נאָך די ליעבע; דערפון פיהרט ער ארויס דאָס געבאָט ניט צו שטע־לען זיך מיט געוואַלט אַנטקעגען דאָס שלעכטע.

1. טאָלסטאָי נעהמט דאָס קריסטענטום פאר זיין יסוד;2) ער פערשטעהט אָבער אונטער דעם קריסטענטום ניט די לעהרע פון וועלכער עס איז קריסטליכער קירכע, ניט די אָרטאָדאָקסישע, קאטוילישע אָדער פּראָטעסטאַנטישע,3) נור די ריינע לעהרע קריס־טוסעס.4)

„ווי זאָנדערבאר דאָס זאָל ניט קלינגען, די קירכען זיינען

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 325, 315, 280„ 5-244. 2) דאָרט, ז. 263, 285, עוואַנגעל. בקיצור, ז. 25. רעליגיאָן און מאָראַל, ז. 14. 3) אין וואָס בעשטעהט מיין גלויבען, ז. 251. 4) עוואַנגעל. בקיצור, ז. 17-16, 14-13.

אַלעמאָל ניט נור פרעמד געווען צו קריסטוס׳ לעהרע, נור גאָר פשוט פיינדליך צו איהם, און זיי מוזען נויטיגערווייז טאַקי זיין אזוי. די קירכען זיינען ניט, ווי פיעלע דענקען, אינסטיטוציעס וואָס זיי־נען בעגרינדעט אויף א קריסטליכען אורשפּרונג, נור זיי זיינען אביסעל אראָב פון׳ם דרך הישר; די קירכען אלס אזעלכע, אלס חברות וועלכע בעהויפּטען אז זיי זיינען אונפעהלבאר, זיינען אנטי־קריסטליכע אינסטיטוציעס. די קריסטליכע קירכען און דאָס קריסטענטום האָבען צווישען זיך גאָר נישט געמיינשאפטליכעס א חוץ דעם נאָמען; אין אמת׳ן זיינען זיי גאָר לגמרי פערקעהרטע און פיינדליכע עלעמענטען. די קירכען זיינען גאוה, נצחון, גע־וואלט, שטייפקייט, טוידט; דאָס קריסטענטום איז עניוות, חרטה, אונטערטעניגקייט, פאָרטשריט, לעבען".1) „די קירכע, כדי צו געפעלען דער וועלט, האָט אזוי איבערגעענדערט קריסטוס׳ לעהרע, אז עס קומען שוין ניט מעהר ארויס פון איהר קיינע פאָדערונגען, און די מענשען קענען זיך ווייטער אזוי לעבען ווי זיי האָבען ביז־אהער געלעבט. די קירכע האָט נאָכגעגעבען דער וועלט, און איינ־מאָל האָט זי איהר נאָכגעגעבען, איז זי שוין נאָכגעגאנגען נאָך איהר. די וועלט האָט געטון אלץ וואָס זי האָט געוואָלט און האָט איבערגעלאָזען פאר דער קירכע נאָכצוטאנצען פון הינטען מיט איהרע לעהרען מכח דעם זין פון לעבען. די וועלט האָט אין אלץ און אלעמען געפיהרט א לעבען להיפּך צו קריסטוס׳ לעהרע, און די קירכע האָט אויסגעשפּיצט אלערליי פּלפּולים צו בעווייזען, אז לעבענדיג להיפּך צו קריסטוס׳ געזעץ, לעבען די מענשען גאָר אין הארמאָניע מיט איהם. דער סוף איז געוואָרען, אז די וועלט האָט אָנגעהויבען פיהרען א לעבען אַן ערגערן ווי פון געצענדיענער, און די קירכע האָט ניט נור גערעכטפערטיגט אזא לעבען, נור זי האָט נאָך אפילו געוואגט צו בעהויפּטען, אז עס איז אקוראט איינשטי־מיג מיט קריסטוס׳ לעהרע".2)

---

1) דאָס רייך גאָטעס ז. 97-96. 2) אין וואָס בעשטעהט מיין גלויבען, ז. 8-247.

ספעציעל פערשיעדען פון קריסטוס לעהרע איז די קירכליכע „אמונה", ד. ה. דער גאַנצער פאַק פון לגמרי אונפערשטענדליכע און דעריבער נוצלאָזע דאָגמען.1) „מכח א גאָט, אָן אויסערליכען שעפער, א סבה כל הסבות, הויבען מיר ניט אָן צו וויסען".2) „גאָט איז דער גייסט אין מענשען",3) „זיין געוויסען",4) „די דער־קענטנים פון לעבען".5) „יעדער מענש דערקענט אין זיך א פרייען, פערנינפטיגען, פון גוף אונאָבהענגיקען גייסט: אָט דער גייסט איז עס וואָס מיר רופען אָן גאָט".6) קריסטוס איז געווען א מענש,7) „דער זון פון אן אונבעקאַנטען פאָטער; און אזוי ווי ער האָט זיין פאָטער ניט געקענט, האָט ער אין זיין קינדהייט גאָט אָנגערופען זיין פאָטער";8) און ער איז געווען גאָט'ס א זון לויט זיין גייסט נאָך, ווי יעדער מענש איז א זון פון גאָט:9) ער האָט פערקער־פערט אין זיך „דעם מענשען, וועלכער דערקענט זיך אלס גאָט'ס זון".10) די וועלכע „בעהויפטען, אז קריסטוס האָט ערקלערט ער וועט מיט זיין בלוט אויסקויפען די מענשהייט וואָס איז געפאַ־לען מיט אדם הראשון; אז גאָט איז א דריי אייניגקייט; אז דער הייליגער גייסט האָט זיך ארונטערגעלאָזען אויף די אַפּאָסטאָלען, און אז ארויפלעגענדיג די האַנד געהט דער גייסט איבער אויף די פּריסטער; אז זיעבען סודות זיינען נויטיג צו ווערען אויסגעלייזט פון זינד, און אזוי ווייטער, — פערדיגען לעהרען, וועלכע זיינען קריסטוס'ן לגמרי פרעמד".11) קריסטוס האָט קיינמאָל ניט בעשטע־טיגט מיט קיין איינציגען וואָרט ניט די פערזענליכע תחית המתים, ניט די אונשטערבליכקייט פון מענשען אויף יענער זייט פון קבר,12) וואָס איז ווירקליך „א זעהר נידעריגע און גראָבע פאָר־

---

1) אין וואָס בעשטעהט מיין גלויבען, ז. 196.
2) דאָס עוואַנג. בקיצור, ז. 30, 29, 51.
3) דאָרט, ז. 47.
4) קריסטענטום און פּאַטריאָטיזם, ז. 118.
5) דאָס עוואַנגעל. בקיצור, ז. 29.
6) ז. 50.
7) מכח דעם לעבען, ז. 214.
8) דאָס עוואַנג. בקיצור, ז. 31.
9) ז. 32, 40, 112.
10) אין וואָס א. ז. וו. ז. 164.
11) דאָס עוואַנג. בקיצור, ז. 21.
12) אין וואָס א. ז. וו. ז. 160, 174

שטעלונג".1) די מעשיות פון געהן אין הימעל און פון תחית המתים געהערען צו „די אַבשטויסיגסטע מופתים".2)

פאר טאָלסטאָי גילט קריסטוס' לעהרע ניט אויפ'ן גרונד פון גלויבען אין א גאָט־ענטפלעקונג, נור דורכאויס וויל זי איז פערנינפטיג. דער גלויבען אין א גאָט־ענטפלעקונג „איז געווען די הויפטאורזאך פאר וואָס די לעהרע איז צוערסט פאלש אויפגעפאסט געוואָרען און שפעטער שוין גאָר אין גאנצען צוקאליעטשעט געוואָרען".3) דער גלויבען אין קריסטוס איז ניט „א צוטרויען צו עפעס וואָס האָט א שיכות מיט קריסטוס, נור די דערקענטניס פון וואָרהייט".4)

„עס איז פאראן א געזעץ פון ענטוויקלונג, דעריבער מוז מען לעבען נור אן אייגען פערזענליך לעבען, און דאָס איבעריגע דארף מען איבערלאָזען דעם געזעץ פון ענטוויקלונג" — דאָס איז דאָס לעצטע וואָרט פון דער פערפיינערטער קולטור פון אונזער צייט, און אויך פון יענער פערטונקלונג פון בעוואוסטזיין, פון וועלכער עס ליידען אונזערע געבילדעטע קלאַסען".5) אָבער „דאָס מענשליכע לעבען פון אין דער פריה ווען ער שטעהט אויף, ביז ביי נאכט ווען ער געהט שלאָפען, איז איין ניט אונטערבראָכענע רייה פון טהאטען; דער מענש מוז יעדען טאָג זיך אויסקלייבען פון הונדערטע מעגליכע טהאטען יענע מעשים וועלכע ער וויל טון; דער מענש קען דעריבער ניט לעבען אָהן א ריכטשנור ,וואָס זאָל איהם העלפען אויסוועהלען זיינע מעשים".6) נור דער שכל אליין קען זיין דער דאָזיגער מורה דרך. „דער שכל איז דאָס אָנערקענטע געזעץ, לויט וועלכען דאָס מענשליכע לעבען דארף דורכגעפיהרט ווערען".7) „ווען קיין העכערער שכל איז ניטאָ — אזעלכער איז ניטאָ, און קיין זאך קען ניט בעווייזען אז ער איז פאראן — דאַן

---

1) אין וואָס בעשטעהט מיין גלויבען, ז. 166. 2) ווידוי, ז. 92. 3) דאָס רייך גאָטעס, ז. 79, 77, 75. 4) דאָרט, ז. 3־72, עוואַנג. בקיצור, ז. 5. 5) דאָס רייך גאָטעס, ז. 234. 6) פון דעם לעבען, ז. 48. 7) דאָרט, ז. 72, 66.

**איז מיין שכל** דער העכסטער ריכטער פון מיין לעבען".1)
„די אימער גרעסערע אונטערוואַרפונג"2) פון „דער טיערישער פּערזענליכקייט אונטער דעם פערנינפטיגען בעוואוסטזיין"3) איז „דאָס אמת'ע לעבען", דאָס איז „לעבען", אין געגענזאַץ צו דעם פּשוט'ען עקזיסטירען".4)

„פריהער פלעגט מען זאָגען: „חכמה זיך ניט, גלויב נור אין די פליכטען וואָס מיר האָבען דיר פאָרגעשריבען; דער שכל וועט דיך אָבנארען, נור דער גלויבען וועט דיר ברייגגען דאָס אמת'ע גליק אין לעבען". און דער מענש האָט אָנגעווענדט זיינע כחות אויף צו גלויבען, און האָט געגלויבט. דער פערקעהר אָבער מיט אנדערע מענשען האָט איהם בעוויזען, אז אין פיעל פּרטים האָבען אנדערע מענשען געגלויבט אין עפּעס גאַנץ אַנדערעס און האָבען בעהויפּטעט, אז יענער אַנדערער גלויבען פערשאַפט דאָס העכסטע גליק. עס איז אונבעדינגט נויטיג געוואָרען צו ענטפערן אויף דער פראגע, וועלכער פון די פיעלע גלויבענס איז דער ריכטיגער; די פראגע קען אָבער נור דער שכל בעשליסען".5) „ווען דער בודהיסט, נאָכדעם ווי ער איז בעקאַנט געוואָרען מיט'ן איסלאַם, בלייבט אלץ א בודהיסט, איז ער שוין ניט מעהר קיין בודהיסט לויט'ן גלויבען, נור לויט'ן שכל. וויבאַלד נור עס שטעלט זיך אויף פאר איהם אנאַנדער גלויבען און בעת מעשה אויך די פראַגע צי ער זאָל אוועקוואַרפען זיין גלויבען, צי יענעם גלויבען, קען איהם נור דער שכל געבען אַן ענטפער אויף דעם. אויב ער האָט קענען געלערנט דעם איסלאַם און איז פון דעסטוועגען געבליבען א בודהיסט, דאַן איז איהם צוגעקומען א פערנינפטיגע איבערצייגונג אנשטאָט דעם פריהערדיגען בלינדען גלויבען אין בודהא".6) „דער מענש דערקענט די וואַרהייט דורכ'ן שכל, ניט דורכ'ן גלויבען".7)

„דאָס געזעץ פון שכל בעווייזט זיך פאר'ן מענשען ביסלעב־

1) וידוי, ז. 54 2) מכח דעם לעבען, ז. 101. 3) דאָרט, ז. 100. 4) דאָרט. 5) דאָרט, ז. 262-3. 6) דאָרט.
7) דאָרט.

ווייז".1) „אכטצעהן הונדערט יאהר צוריק האט זיך בעוויזען אין מיטען פון דער געצעצנדינעריש־רוימישער וועלט א מערקווירדיגע נייע לעהרע, וועלכע האט ניט געקענט פערגליכען ווערען מיט קיינע פון די פריהערדיגע לעהרען, און וועלכע מען האט צוגעשריבען צו א מאן, וואס האט זיך גערופען קריסטוס".2) די דאזיגע לעהרע ענטהאלט „די העכסטע שטרענגסטע, ריינסטע און פאלקאמענסטע אויספאסונג פון'ם געזעץ פון שכל, צו וועלכער דער מענשליכער גייסט האט ביז היינט זיך ערהויבען".3) „קריסטוס' לעהרע איז דער שכל אליין";4) זי מוז אנגענומען ווערען פון די מענשען, ווייל זי אליין גיט יענע רעגעלן פון לעבען, „אהן וועלכע קיין מענש האט קיינמאל ניט געלעבט און קיינמאל ניט געקענט לעבען, אויב ער האט געוואלט לעבען ווי א מענש, ד. ה. מיט שכל".5) דער מענש האט „אויפ'ן גרונד פון'ם שכל קיין רעכט ניט זיך אבצוזאגען פון איהם".6)

2. קריסטוס לעהרע שטעלט אויף פאר אונז די ליעבע אלס דאס העכסטע געזעץ.

וואס איז די ליעבע? „דאס, וואס די מענשען וועלכע פערשטעהען ניט דאס לעבען רופען אן ליעבע, איז נור דער פארצוג, דער יתרון, וואס זיי גיבען צו געוויסע בעדינגונגען פון זייער פערזענליכען פערגעניגען, איידער צו וועלכע עס איז אנדערע. ווען דער מענש, וועלכער פערשטעהט ניט דאס לעבען, זאגט אז ער האט ליעב זיין ווייב, זיין קינד, אדער זיין פריינד, זאגט ער דערמיט נור, אז זיין ווייב'ס, זיין קנד'ס, אדער זיין פריינד'ס אנוועזענהייט אין זיין לעבען רערהעבט זיין פערזענליכען פערגעניגען".7)

„די אמת'ע ליעבע איז אלעמאל די פערלייקענונג פון דעם אייגענעם פערזענליכען פערגעניגען"8) פון דעם נאכבאר'ס וועגען. די אמת'ע ליעבע „איז א צושטאנד פון ווינשען אלעמען גי־

1) רגל. און מאראל, ז. 21-22. 2) דאס רייך גאטעס, ז. 71. 3) דאס עוואנג. בקיצור, ז. 25. 4) מיין גלייבען, ז. 133-9. 5) ז. 268. 6) ז. 148. 7) מכח דעם לעבען, ז. 159-60. 8) ז. 165.

טעם, וועלכער כאראקטעריזירט געוועהנליך קינדער; ביי דערוואק־סענע מענשען אָבער קען ער נור פאָרקומען דורך זעלבסט־פער־לייקענונג".1) „וועלכער לעבעדיגער מענש קען ניט יענעם גליק־ליכען געפיהל, אויב ער האָט עס אפילו נור איין מאָל געפיהלט, (און אין די מייסטע פאלען אויך נור אין זיין פריהערסטער קינד־הייט), פון אזא געמיטה־בעוועגונג, ווען עס ווילט זיך אלעמען ליעב האָבען: די נאכבארען, דעם פאָטער און מוטער, די ברי־דער און די שלעכטע מענשען, און די שונאים, און דעם הונט, דעם פערד און די גראָז; ווען עס ווילט זיך נור איין זאך — עס זאָל אלעמען גוט געהן, אלע זאָלען גליקליך זיין; און עס וואָלט זיך נאָך מעהר וועלען, אז מען זאָל אליין בכח זיין אלעמען גליק־ליך מאכען; עס ווילט־זיך אליין מקריב זיין, דאָס גאנצע לעבען אוועקגעבען, כדי אלעמען זאָל זיין גוט און זיי זאָלען אלע הנאה האָבען. פונקט אָט דאָס, און נור אָט דאָס אליין, איז יענע ליע־בע, אין וועלכער דאָס לעבען פון מענשען בעשטעהט".2)

די אמת'ע ליעבע איז „ א אידעאל פון א גאנצער, אונענד־ליכער, געטליכער, פאָלקאָמענהייט".3) „די געטליכע פאָלקאָמענ־הייט איז דער אידעאל פון מענשליכען לעבען, צו וועלכען זי שטרעבט נאָכאנאנד און דערנעהנטערט זיך, אָבער וועלכען מען קען דערגרייכען נור אין דער אונענדליכקייט".4) „דאָס אמת'ע לעבען בעשטעהט לויט די פריהערדיגע לעהרען אין דער ערפיע־לונג פון געבאָט, פון'ם געזעץ; נאָך קריסטוס לעהרע בעשטעהט עס אין דער גרעסטער דערנעהנטערונג צו דער אָנגעצייגטער און פון יעדען מענשען אין־זיך געפיהלטער געטליכער פאָלקאָמענ־הייט".5)

די ליעבע איז לויט קריסטוס' לעהרע אונזער העכסטעס גע־זעץ. דאָס געבאָט פון ליעבע איז דער אויסדרוק פון רעכטען עצם פון דער לעהרע".6) עס זיינען פאראַן דריי, און ניט מעהר ווי

1) דאָרט, ז. 164. 2) ז. 1־170. 3) דאָרט. 4) דאָרט, 5) דאָרט. 6) דאָס רייך גאָטעס, ז. 37., מיין גלויבען ז. 15.

דריי, לעבענס אויפפאסונגען: ערסטענס די פערזענליכע אָדער טיערישע, צווייטענס די געזעלשאפטליכע אָדער געצענדינערישע",1) „דריטענס די קריסטליכע אָדער געטליכע".2) דער מענש פון דער טיערישער לעבענס־אויפפאסונג, „דער ווילדער, דערקענט דאָס לעבען נור אין זיך; די טרייבקראפט פון זיין לעבען איז דער פערזענליכער גענוס. דער געצענדינערישער, געזעלשאפטליכער מענש דערקענט דאָס לעבען שוין ניט מעהר אין זיך אליין, נור אין א געמיינשאפט פון פערזאָנען, אין זיין שטאם, אין דער פאַמיליע, אין דעם געשלעכט, אין'ם שטאאט: די טרייבקראפט פון זיין לעבען איז כבוד. דער מענש פון דער געטליכער לעבענס־אויפפאסונג דערקענט דאָס לעבען שוין ניט מעהר אין זיין פערזענליכקייט, און אויך ניט מעהר אין דער געמיינשאפט פון פערזאָנען, נור אין דעם אורקוואל פון דעם אייביגען, קיינמאָל ניט שטארבענדען לעבען — אין גאָט: די טרייבקראפט פון זיין לעבען איז די ליעבע".3)

וואָס לויט קריסטוס לעהרע איז די ליעבע אונזער העכסטעס געזעץ, בעטייט ניט אנדערס ווי אז דאָס איז דאָס געזעץ פון שכל. שוין אין 1852 האָט טאָלסטאָי ארויסגעזאָגט דעם געדאנק אז „ליעבע און גוטס טון איז אמת און גליק — דער איינציגער אמת און דאָס איינציג מעגליכע גליק אויף דער וועלט";4) און פיעל שפּעטער, אין 1887, רופט ער אָן די ליעבע „די איינציגע פערנינפטיגע טהעטיגקייט פון'ם מענשען".5) די וואָס „פערענטפערט אלע ווידערשפּרוכען פון לעבען".6) די ליעבע מאַכט א סוף צו דער אונזיניגער, געמאַטערטער טהעטיגקייט, וואָס בעשעפטיגט זיך נור מיט אָנפיעלען די פאַס אָהן א דעק פון אונזער טיערישער פערעזנליכקייט;7) זי שאפט אָב דעם נאַרישען קאמפף פון

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 32. 2) רעליגיאָן און מאָראל, ז. 9.
3) דאָס רייך גאָטעס, ז. 32-33. 4) דער פריהמאָרגען פון א גוטס־בעזיצער, ז. 66. 5) מכח דעם לעבען, ז. 105. 6) דאָרט.
7) דאָרט, ז. 89, 96-97, 124-125.

ברואים וואָס שטרעבען נאָך פערזענליכען גליק;1) זי גיט דעם לעבען, וועלכעס אָהן איהר וואָלט זינלאָז פערגאַנגען וואַרטענדיג אויפ'ן טויט, א זין וואָס איז ניט אָבהענגיק פון צייט און רוים".2)

3. פון'ם געזעץ פון ליעבע פיהרט קריסטוס' לעהרע ארויס דאָס געבאָט ניט צו שטעלען זיך אנטקעגען דאָס בייזע מיט גע־וואַלט. „ניט שטעל זיך אנטקעגען דאָס בייזע, מיינט דו זאָלסט ק י י נ מ אָ ל זיך ניט שטעלען אנטקעגען דאָס בייזע: ד. ה. טהו קיינעם ניט אָן קיין געוואַלט; ד. ה. בעגעה קיינמאָל ניט אזא טהאַט, וואָס איז להיפך צו דער ליעבע".3)

קריסטוס האָט ארויסגעפיהרט דאָס געבאָט אויסדריקליך פון דעם געזעץ פון ליעבע. ער האָט געגעבען מעהרערע געבאָט, און בעזונדערס פינף געבאָט אין זיין דרשה אויפ'ן בארג; „די אָ־זיגע געבאָט שטעלען ניט צונויף די לעהרע, זיי שטעלען נור צונויף איינע פון די צאָהללאָזע שטופען פון דער דערנעהענטע־רונג צו פאָלקאָמענהייט".4) „זיי זיינען אלע נעגאַטיווע, און בע־וויזען נור וואָס מענשען אויף א געוויסער שטופע פון ענטוויק־לונג האָבען שוין די מעגליכקייט ניט צו טון".5) דאָס ערסטע פון די פינף געבאָט פון דער בארג־דרשה זאָגט: „לעב אין פריע־דען מיט אַלעמען",6) און „אויב דער פריעדען איז צושטערט גע־וואָרען, גיב אָב אלע דיינע כחות אויף אויפצושטעלען איהם פון דאָס ניי".7) דאָס צווייטע געבאָט זאָגט: „דער מאַן זאָל נעהמען נור איין פרוי און די פרוי נור איין מאַן, און פערלאָזט ניט איי־נער דעם אנדערן אונטער קיין אויסרייד ניט".8) דאָס דריטע גע־באָט איז: „טהו זיך קיין נדר ניט":9) דאָס פיערטע: „פערטראָג א בעליידיגונג און צאָהל ניט אָב מיט שלעכטס פאר שלעכטס"10)

---

1) מכח דעם לעבען, ז. 88, 109. 2) ז. 26, 89, 2-141. 3) אין וואָס בעשטעהט מיין גלויבען, ז. 15. 4) דאָס רייך גאָטעס, ז. 38. 5) דאָרט, ז. 37. 6) מיין גלויבען, ז. 97. 7) דאָרט. 8) דאָרט. 9) דאָרט. 10) דאָרט, ז. 98.

דאָס פינפטע געבאָט: „ברעך ניט דעם פריעדען מיט קיינעם צו־ליב די טובה פון דיין פאָלק“.1) פון אָט די געבאָט איז דאָס פיערטע דאָס וויכטיגסטע. עס איז געשריבען אין פינפטען קאפּי־טעל מאַטיוס, פון פסוק 38 ביז 39: איהר האָט געהערט ווי מען האָט אייך געזאָגט, אַן אויג פאר אַן אויג, אַ צאָהן פאר אַ צאָהן. אָבער איך זאָג אייך: ניט שטעלט זיך אנטקעגען דאָס בייזע“.2) — טאָלסטאָי דערצעהלט ווי אָט דאָס פּלאַץ איז געוואָרען פאר איהם „דער שליסעל פון אלץ“.3) „איך האָב נור געדאַרפט פער־שטעהן די דאָזיגע ווערטער פשוט און גלייך, ווי זיי זיינען גע־זאָגט געוואָרען, און באַלד איז מיר אין דער גאַנצער לעהרע קריס־טוס, אין אלע עוואַנגעליען, ניט נור אין דער דרשה אויפ'ן בארג, אלץ פערשטענדליך געוואָרען וואָס עס איז פריהער געווען פער־דרעהט, אלץ האָט געשטימט וואָס עס האָט זיך פריהער ווידער־שפּראָכען, און די הויפּטזאַך, אלץ וואָס האָט זיך אויסגעוויזען איבעריג, איז געוואָרען נויטיג. אלעס האָט זיך צונויפגעגאָסען אין איין גאַנצעס, און איין זאַך האָט אונצווייפעלהאַפטיג בעשטעטיגט די אַנדערע, אַקוראַט ווי די שטיקלעך פון אַ צערבראָכענער סטאַ־טוע ווען מען שטעלט זיי ריכטיג צוזאַמען“.4) דער פּרינציפּ פון ניט שטעלען זיך אַנטקעגען דאָס בייזע „איז דער גרונדזאַץ וואָס בינדט צונויף די גאַנצע לעהרע אין איין גאַנצעס, אָבער נור דאַן, ווען ער איז ניט בלויז אַ שפּרוך־וואָרט, נור ער איז אַ געזעץ“.5) „ער איז ווירקליך אַ שליסעל וואָס שליסט אלץ אויף, אָבער נור דאַן ווען ער דרינגט אריין טיעף אין שלאָס“.6)

דאָס געבאָט פון ניט שטעלען זיך אנטקעגען דאָס בייזע קומט נויטיגערווייז ארויס פון'ם געזעץ פון ליעבע; וואָרים דאָס דאָ־זיגע געזעץ פאָדערט ענטוועדער מען זאָל אויסגעפינען אַ זיכערען, ניט בעשטרייטבאַרען דערקענצייכען פון דאָס בייזע, אָדער מיר זאָלען זיך אָבזאָגען פון יעדען ווידערשטאַנד מיט געוואַלט אנט־

1) מיין גלויבען, ז. 98. 2) דאָרט, ז. 11. 3) דאָרט.
4) דאָרט, ז. 14. 5) דאָרט, ז. 19. 6) דאָרט.

קענען דאָס בייזע".1) „ביז אהער האָט געהאט צו בעשטימען אי־
בער דאָס וואָס איז בייזעס און אנטקעגען וואָס מען דארף זיך
שטעלען מיט געוואלט אמאָל דער פאפסט, אמאָל דער קיסר אָדער
דער קעניג, אמאָל א פערזאמלונג פון געוועהלטע און אמאָל דאָס
גאנצע פאָלק. אָבער עס האָבען זיך תמיד געפונען מענשען אי
אין דעם שטאאט, אי אויסער דעם שטאאט, וועלכע האָבען ניט
אָנערקענט אלס א חיוב פאר זיך, ניט די בעשטימונגען וואָס האָ־
בען זיך ארויסגעגעבען אלס געטליכע געבאָט, ניט די בעשטימונ־
גען פון מענשען וואָס זיינען געווען פערוויקעלט אין הייליגטום,
און אויך ניט די אינסטיטוציעס וואָס האָבען געזאָלט פאָרשטע־
לען מיט זיך דעם ווילען פון פאָלק: אזוינע מענשען, וועלכע האָבען
געהאלטען פאר גוט דאָס, וואָס די בעשטעהענדע אויטאָריטעטען
האָבען געהאלטען פאר שלעכט, און וועלכע האָבען אנטקעגען דער
געוואלט פון די דאָזיגע אויטאָריטעטען אויך אָנגעווענדעט אזא
געוואלט. מענשען וועלכע זיינען געווען אָנגעטון אין א מאנטעל
פון הייליגקייט, האָבען געהאלטען פאר שלעכט דאָס, וואָס די
מענשען און אינסטיטוציעס וועלכע זיינען געווען אָנגעקליידט אין
דער וועלטליכער מאכט, האָבען געהאלטען פאר גוט, און אומ־
געקעהרט: און דער קאמפף איז געוואָרען אלץ שארפער און שאר־
פער. אָט אזוי איז עס געקומען צו דאָס, וואָס מיר זיינען איצטער
געקומען — צו דער פאָלשטענדיגער קלאָרקייט פון אָט דעם פונקט,
אז קיין אויסערליכע בעשטימונג פון שלעכטס וואָס זאָל זיין א
חיוב פאר אלעמען אָנצונעהמען, איז ניטאָ און עס קען ניט זיין".2)
דערפון נעהמט זיך די נויטווענדיגקייט אָנצונעהמען די בעשטי־
מונג פון דער דאָזיגער פראגע, וועלכע קריסטוס האָט געגעבען.3)

לויט טאָלסטאָי נאָך דארף די לעהרע פון ניט שטעלען זיך
אנטקעגען ניט פערשטאנען ווערען „אזוי ווי זי וואָלט פערבאָטען

---

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 18. 2) דאָרט, ז. 71. 3) דאָרט,
זייט 73.

יעדען קאמפף אנקעגען דאָס בייזע".1) זי פערבאָט נור צו בענו־צען זיך מיט געוואַלט אין דעם קאמפף אנטקעגען דאָס בייזע.2) אָבער דערפאר פערבאָט זי די געוואלט אָהן שום תנאים. און דער פערבאָט בעציהט זיך ניט נור אויף דאָס בייזע וואָס ווערט געטון געגען אונז, נור אויך אנטקעגען דאָס בייזע וואָס ווערט געטון צו אונזערע מיטמענשען.3) ווען פעטער האָט דעם כהן גדול'ס קנעכט אָבגעהאקט אַן אויער, האָט ער פערטיידיגט „ניט זיך, נור זיין גע־ליעבטען, געטליכען לעהרער. קריסטוס אָבער האָט דאָס איהם גלייך פערבאָטען און האָט געזאָגט: ווער עס העבט אויף דעם שווערד אויף אַנאַנדערן, דער וועט פון'ם שווערד אליין אומקומען".4) דער דאָזיגער פערבאָט זאָגט אויך ניט, אז נור איין טייל פון די מענשען איז מחויב „צו פאָלגען אָהן ווידערשטאַנד אלץ וואָס געוויסע אוי־טאָריטעטען שרייבען איהם פאָר";5) נור עס פערבאָט „יעדען איי־נעם, הייסט עס, אויך די (און טאקי ספעציעל די) וועלכע בעזי־צען די מאַכט, ניט צו געברויכען קיין געוואַלט אַנטקעגען קיינעם ניט און אויף קיין פאַל ניט".6)

## 3. — געזעץ.

אין דעם נאָמען פון ליעבע, ד. ה. אויפ'ן גרונד פון'ם גע־באָט ניט צו שטעלען זיך אַנטקעגען דאָס בייזע מיט גע־וואַלט, פערוואַרפט טאָלסטאָי דאָס געזעץ, אמת טאַקי ניט אונבעדינגט, אָבער יעדענפאַלס פאַר די העכערע ענטוויקעל־טע פעלקער פון אונזער צייט. ער רעדט אפילו נור וועגען גע־זעץ, ער מיינט אָבער אַלע רעכט, וואָרים ער פערוואַרפט פרינצי־פיעל יעדע נאָרמע, וועלכע איז בעגרינדעט אויפ'ן ווילען פון מענ־שען",7) וואָס ווערט אויפגעהאַלטען דורך געוואַלט,8) און דער־

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 17. 2) דאָרט, ז. 70-69, מיין גלויבען, ז. 17-15. 3) דאָס רייך גאָטעס, ז. 13. 4) דאָרט. 5) דאָרט, ז. 70. 6) דאָרט. 7) דאָרט, ז. 78-9, 69. 8) דאָרט, ז. 94.

הויפט דורך די געריכטען,1) וועלכע קענען זיך אָבנייגען פון דעם מאָראַלען געזעץ,2) קענען זיין פערשיידען אין פערשיידענע לענ־דער, 3) און קענען צו יעדער צייט מוטוויליג געענדערט ווערען.4)

אפשר איז ווען עס איז אמאָל געווען בעסער עס זאָלען זיין געזעצע איידער עס זאָלען ניט זיין קיינע געזעצע. דאָס געזעץ ווערט אויפגעהאַלטען דורך געוואַלט, דערפאַר אָבער פערהיט עס די גע־וואַלט פון איינצעלנע מענשען איינער אַנטקעגען דעם אַנדערן; עס קען זיין „אַז עס איז אמאָל געווען אַ צייט, ווען די געוואַלט פון שטאַאט איז געווען וועניגער איידער די געוואַלט פון די איינ־צעלנע איינער אַנטקעגען דעם אַנדערן“.5) איצט איז יעדענפאַלס די צייט פאַר אונז שוין אַוועקגעגאַנגען; די זיטען זיינען געוואָרען מילדער, די מענשען פון אונזער צייט „גלויבענדיג אין די געבאָט פון מענשענליעבע און פון מיטלייד מיט דעם נעכסטען, פערלאַנ־גען נור די מעגליכקייט פון אַ רוהיגען און פריעדליכען לעבען“.6)

דאָס געזעץ געהט להיפך צום געבאָט זיך ניט צו שטעלען אַנטקעגען דאָס בייזע מיט געוואַלט.7) דאָס האָט שוין קריסטוס ארויסגעזאָגט. די ווערטער: „משפט ניט, וועט איהר ניט ווערען גע'משפט“ (מאַטיוס 1, VII), „פער'משפט ניט, וועט איהר אויך ניט ווערען פער'משפט“ (לוקאַס, 37, VI) בעטייטען: ניט נור זאָלט איהר ניט משפט'ן אייער נעכסטען אין ווערטער, נור אויך: פער'־משפט איהם ניט אין טהאַט — משפט ניט אייערע נעכסטע דורך אייערע מענשליכע געזעצע — דורך אייערע געריכטען“.8) דאָ רעדט ניט קריסטוס בלויז „פון יעדען איינצעמס פערזענליכע בע־ציהונג צום געריכט, נור ער פערוואַרפט די געריכט־אינסטיטוציע גופא“.9) „ער זאָגט: איהר מיינט, אַז אייערע געזעצע וועלען אויס־בעסערען דאָס בייזע — זיי וועלען עס אָבער נור פערגרעסערן.

1) מיין גלויבען, ז. 24, 27. 2) דאָס רייך גאָטעס, ז. 45-5, 94-5. 3) דאָרט, ז. 45. 4) דאָרט, ז. 79. 5) דאָרט, ז. 62. 6) דאָרט, ז. 66. 7) מיין גלויבען, ז. 24. 8) דאָרט. 9) דאָרט, ז. 27.

עס איז פאראן נור איין וועג ווי אבצושטעלען דאס בייזע — טון גוטס פאר שלעכטס אלעמען אהן א שום חילוק".1) און דאס־זעלבע וואס קריסטוס זאגט, זאגט מיר „מיין הארץ און מיין שכל".2)

אבער דאס איז נאך ניט אלעס וואס מען קען פארברייגגען אנטקעגען דאס געזעץ. „די געוואלט פערווארפט און פערדאמט אין דער אונבעוועגליכער פארם פון'ם געזעץ דאס, וואס גרעסטענ־טיילס איז שוין פערווארפען און פערדאמט געווארען א סך פרי־הער פון דער געזעלשאפטליכער מיינונג, מיט דעם אונטערשייד נור, וואס די געזעלשאפטליכע מיינונג פערווארפט און פערדאמט אלע מעשים וועלכע געהען להיפך צום מאראלען געזעץ, אומפאסענדיג אין איהר פערדאמונג אלערליי מעגליכע פארמען; בעת דאס גע־זעץ וואס האלט זיך אויף דער געוואלט, פערדאמט און פערפאלגט נור א בעשטימטען, זעהר ענגען קרייז פון האנדלונגען, און דער־מיט רעכטפערטיגט עס געוויסערמאסען אלע האנדלונגען וואס גע־הערען אויך צו דעמזעלבען מין, נור געהען ניט אריין אין דעם דאזיגען קרייז. די געזעלשאפטליכע מיינונג זינט משה רבינו'ס צייטען האלט די גייציגקייט, אויסגעלאסענקייט און הארטהער־ציגקייט פאר שלעכטס און פערדאמט עס. און זי פערווארפט און פעראורטיילט יעדע פארם פון גייציגקייט — ניט נור דאס אוועקנעהמען פרעמד אייגענטום דורך געוואלט, בעטרוג און שווינ־דעל, נור אויך אלע אונעהרליכע וועגען פון בענוצען־זיך מיט'ן איי־גענטום. זי פעראורטיילט יעדע פארם פון אויסגעלאסענקייט, סיי מיט א קעפסווייב, סיי מיט א שקלאפין, סיי מיט א גע'גט'ע, סיי אפילו מיט דער אייגענער פרוי. זי פעראורטיילט יעדע גרוי־זאמקייט וואס דריקט זיך אויס אין שלאגען, לאזען פערהונגערן אדער הרג'נען ניט נור מענשען, נור אפילו טיערען. דאס געזעץ אבער וואס איז בעגרינדעט אויף געוואלט פערפאלגט נור געוויסע פארמען פון גייציגקייט, ווי גניבה און בעטרוג, און געוויסע פאר־

1) מיין גלויבען, ז. 37. 2) דארט, ז. 25.

מען פון אויסגעלאַסענקייט און גרויזאַמקייט, ווי אונטרייקייט אין עהע, מאָרד און פערוואונדונג; און דעריבער קומט עס אויס אזוי ווי עס וואָלט דערלאָזען אַלע אַנדערע פאָרמען פון גייציגקייט, אויסגעלאַסענקייט און גרויזאַמקייט, וועלכע געהען ניט אריין אין דער ענגער, פאַלש־אויסגעטייטשטער בעשטימונג".1)

„עס איז לייכט געוועזען די יודען צו פאָלגען די געזעצע פון זייער תורה, ווען זיי האָבען קיין ספק ניט געהאַט, אז די געזעצן זיינען געשריבען געוואָרען מיט גאָט׳ס האַנד; אָדער די רוימער, ווען זיי האָבען געמיינט אז די געטין עגעריאַ האָט געשריבען זייערע געזעצע; און איבערהויפּט ווען מענשען האָבען געגלויבט, אז די פירסטען וועלכע האָבען געגעבען די געזעצע, זיינען געוועזען געזאַלבטע פון גאָט, אָדער ווען מען האָט לכל הפחות געמיינט, אז די געזעצגעבענדע פערזאַמלונגען האָבען אי דעם גוטען ווילען, אי די פעהיגקייט צו מאַכען די בעסטע געזעצע".2) אָבער, שוין אין דער צייט ווען דאָס קריסטענטום האָט זיך בעוויזען, האָבען מענשען אָנגעהויבען צו פערשטעהן, אז מענשליכע געזעצע, וועלכע ווערען ארויסגעגעבען פאַר געטליכע, זיינען געשריבען געוואָרען פון מענשען; אז מענשען קענען ניט זיין אונפעהלבאַר, ווי זיי זאָלען ניט זיין בעדעקט מיט אַן אויסערליכען גלאַנץ, און אז מענשען וואָס קענען זיך טועה זיין ווערען ניט אונפעהלבאַר דורכדעם וואָס זיי קלייבען זיך צונויף און רופען זיך אַן סענאַט, אָדער מיט א וועלכען עס איז אַנדער נאָמען".3) „מיר ווייסען דאָך אָבער ווי געזעצע ווערען געמאַכט, מיר זיינען אַלע געוועזען הינטער די קוליסען, מיר אַלע ווייסען, אז די געזעצע זיינען די שאַפונגען פון אייגענ־נוצען, פון בעטרוג, פון פאַרטיי־מחליקות; אז עס איז ניטאָ אין זיי און עס קען אין זיי ניט זיין קיין אמת׳ע גערעכטיגקייט".4) דעריבער, איז „די אָנערקענונג פון וועלכע עס איז בעזונדערע געזעצע א צייכען פון דער גרעבסטער אונוויסענהייט".5)

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 94-5. 2) ז. 45. 3) ז. 69-70.
4) ז. 45. 5) מיין גלויבען, ז. 120 (נאָך עלטצבאַכער׳ס ציפער).

II. די ליעבע פאָדערט, אַז אַנשטאָט דאָס רעכט זאָל זי אליין זיין דאָס געזעץ פאר'ן מענשען. דערפון פאָלגט אז מיר דארפען זיך נוהג זיין ניט לויט'ן געזעץ, נור לויט די געבאָט פון קריסטוס.1) „דאָס אָבער איז דאָס רייך גאָטעס אויף דער ערד".

„ווען דער טאָג און די שטונדע פון גאָטעסרייך וועט ערשיינען, הענגט אין גאנצען אָב פון דעם מענשען אליין",2) „מען דארף נור יעדער איינער זאָל אָנהויבען צו טון וואָס מען דארף טון, און זאָל אויפהערען צו טון וואָס מען דארף ניט טון, כדי עס זאָל גלייך אָנקומען דאָס פערשפּראָכענע רייך גאָטעס".3) „זאָל נור יעדער מענש שוין איצט מודה זיין לויט זיינע כחות די ווארהייט וועלכע ער וייס, אָדער לכל הפּחות זאָל ער ניט פערטיידיגען אלס ווארהייט די אונווארהייט, אין וועלכער ער לעבט, וועלען גלייך, נאָך אין היינטיגען יאָהר, מקוים ווערען אזוינע אומענדערונגען פאר דער בעפרייאונג פון מענשען און דער אויפשטעלונג פון ווארהייט אויף דער ערד, וועלכע מיר וואגען ניט צו טרוימען אפילו פאר איבער הונדערט יאָהר".4) „נור נאָך איין קליינע אָנשטרענגונג און דער גאלילעער האָט געזיעגט".5)

דאָס רייך גאָטעס איז „ניט אין דער אויסערליכער וועלט, נור אין דעם מענשען'ס זעעלע".6) „און דאָס רייך גאָטעס וועט ניט קומען מיט א קול פון א שופר, און מען וועט ניט זאָגען: אָט איז עס דאָ, אָדער אָט איז עס דאָרט. דען זעהט: דאָס רייך גאָטעס איז אינעווייניג אין אייך". (לוקאס, 20, XVII) גאָטעס רייך איז קיין אַנדער זאַך ניט ווי די ערפיעלונג פון קריסטוס געבאָט, און דערהויפּט פון די געבאָט פון דער באַרג־דרשה, וועלכע זאָגען אונז ווי מיר דארפען זיך נוהג זיין אויף דער איצטיגער שטופע פון אונזער ענטוויקלונג, כדי אונזער אויפפיהרונג זאָל

1) מיין גלויבען, ז. 96. 2) דאָרט, ז. 142. 3) דאָרט, ז. 96, דאָס רייך גאָטעס, ז. 103. 4) דאָרט. 5) רוסישע קריסטענפערפאָלגונגען, ז. 47. 6) עוואַנגעל. בקיצור, ז. 44.

איינשטימען וואָס מעהר מיט דעם אידעאַל פון ליעבע; און וועל־כע הייסען אונז לעבען אין פריעדען מיט אַלעמען, און אויב דער פריעדען איז צערשטערט, אָנוועגדען אַלע כחות איהם ווידער־אויפצושטעלען, זיין געטריי איינער דעם אַנדערן אין עהע־לעבען, ניט טון זיך קיינע נדרים און שבועות, מוחל זיין אויף בעליידי־גונגען און ניט אָבצאָהלען מיט שלעכטס פאַר שלעכטס, און ענד־ליך ניט צערשטערן דעם פריעדען מיט קיינעם ניט אין נאָמען פון די אינטערעסען פון פאָלק.1)

ווי אבער וועט צונויפגעשטעלט ווערען דאָס אויסערע לעבען ווען גאָטעס רייך וועט מקוים ווערען? „קריסטוס תלמיד וועט זיין אָרים; דאָס הייסט, ער וועט ניט וואָהנען אין שטאָדט, נור אויפ'ן דאָרף, ער וועט ניט זיצען צו הויז, נור ער וועט ארבייטען אין וואַלד און אויפ'ן פעלד, און וועט זעהען דאָס ליכט פון דער זון, וועט זעהען די ערד, דעם הימעל, די טיערען; ער וועט זיך ניט פערטראַכטען וואָס ער זאָל עסען כדי ארויסצורופען אַן אַפּעטיט, און וואָס ער זאָל טון כדי בעסער צו פערדייען, נור ער וועט זיין הונגעריג דריי מאָל א טאָג; ער וועט זיך ניט קייקלען אויף ווייכע קיסענס און אַלץ קלערען ווי ווערט מען פטור פון דער שלאָפלאָזיגקייט, נור ער וועט שלאָפען. קראַנק זיין, ליידען און שטאַרבען וועט ער פונקט אזוי ווי אַלע — די אָרימע וועלכע זיינען קראַנק און שטאַרבען, מאַכען עס דורך, ווי עס שיינט, לייכטער איידער די רייכע —; ער וועט לעבען אין א פרייער חברותא מיט אַלע מענשען".2) „גאָטעס רייך אויף דער ערד איז דער פריעדען פון אַלע מענשען צווישען זיך. אזוי האָט זיך גאָטעס רייך פאָר־געשטעלט אַלע יודישע נביאים, און אזוי האָט עס זיך פאָרגעשטעלט און עס שטעלט זיך פאָר יעדען מענשליכען הארצען".3)

## 4. — שטאַאַט.

מיט'ן געזעץ מוז טאָלסטאָי נויטווענדיג פערוואַרפען

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 38, 37. 2) מיין גלויבען, ז. 177.
3) דאָרט.

פאַר די העכער־ענטוויקעלטע פעלקער פון אונזער צייט אויך די אינסטיטוציע פון'ם געזעץ — דעם שטאַאט.

„אויב עס איז אמאָל געוועזן א צייט, ווען צוליב דעם נידע־ריגען מצב פון זיטליכקייט און דער אַלגעמיינער געגוויגטקייט פון מענשען צו בעגעהן זיך מיט געוואַלט איינער אַנטקעגען דעם אַנ־דערן, איז די עקזיסטענץ פון א מאַכט, וואָס האָט איינגעצוימט יענע געוואַלטהאַטען, געוועזן ניצליך; ד. ה. ווען די שטאַאטליכע געוואַלט איז געוועזן א ווענינערע איידער די געוואַלט פון די איינ־צעלנע איינער אַנטקעגען דעם אַנדערן, איז עס אונמעגליך ניט איינצוזעהען, אז דער יתרון פון שטאַאט איבער שטאַאטלאָזיגקייט האָט ניט געקענט זיין קיין שטענדיגער. וואָס מעהר עס האָט זיך פערקלענערט די נייגונגען פון די איינצעלנע צו בעגעהן געוואַלט, וואָס מילדער עס זיינען געוואָרען די זיטען, און וואָס מעהר פער־דאָרבען די שטאַאט־מאַכט איז געוואָרען מחמת איהר אונבע־שרענקטקייט, אלץ ווענינער איז געוואָרען דער דאָזיגער יתרון. אין אָט דער פערענדערונג פון די פערהעלטניסע צווישען די זיטליכע ענטוויקלונג פון די מאַסען און די פערדאָרבענקייט פון די רעגי־רונגען, בעשטעהט אייגענטליך די גאַנצע היסטאָריע פון די לעצ־טע צוויי טויזענד יאָהר".1) „איך קען ניט בעווייזען, ניט די אַלגעמיינע נויטווענדיגקייט, ניט די אַלגעמיינע שעדליכקייט פון'ם שטאַאט; איך וויים נור, אז פון איין זייט איז פאַר מיר דער שטאַאט שוין מעהר ניט נויטיג, און אז פון דער אַנדער זייט קען איך מעהר ניט טון יענע זאַכען, וועלכע זיינען נויטיג פאַר דעם שטאַאט'ם עקזיסטענץ".2)

„דאָס קריסטענטום לויט זיין אמת'ער בעטייטונג צערשטערט דעם שטאַאט".3) עס צערשטערט יעדע הערשאַפט.4) דער שטאַאט איז סותר די ליעבע, דערהויפט דעם געבאָט ניט צו שטעלען זיך מיט געוואַלט אַנטקעגען דאָס בייזע.5) מעהר ווי דאָס, דער

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 62. 2) דאָרט, ז. 88. 3) דאָרט, ז. 87. 4) דאָרט, ז. 55. 5) מיין גלויבען, ז. 18.

שטאאט, אויפבויענדיג א הערשאפט, זינדיגט דערמיט אויך אנט־
קעגען דעם בעגריף אז „אלע מענשען זיינען גאָט'ס זיהן און אנט־
קעגען די מענשליכע גלייכהייט, וואָס איז געדרונגען פון דעם
געזעץ פון ליעבע".1) דעריבער, א חוץ דעם וואָס אלס אינסטי־
טוציע פון געזעץ רוהט דער שטאאט אויף געוואלט, זיינען נאָך
פאראן אנדערע טעמים פאר וואָס מען דארף איהם פערוואָרפען.
„אומזיסט זאָגט מען אונז, אז די קריסטליכע לעהרע האָט נור
א שיכות צו דער פערזענליכער ערלייזונג און איז גאָר ניט שייך
צו אלגעמיינע שטאאטליכע פראגען. דאָס איז נור א געוואגטע און
ניט־בעגרינדעטע בעהויפטונג".2) „פאר יעדען אויפריכטיגען,
ערנסטען מענשען פון אונזער צייט מוז זיין גאנץ קלאָר, אז דאָס
אמת'ע קריסטענטום — די לעהרע פון עניוות, פערצייהונג און
ליעבע — קען ניט געהן צוזאמען מיט דעם שטאאט און זיין
גדלות, זיינע געוואלדטהאטען, טויטשטראָפען און מלחמות".3)
דער שטאאט איז אַן אָבגאָט";4) ער דארף פערוואָרפען ווערען אָהן
אונטערשיעד פון וואָס פאר א פאָרם ער בעשטעהט: אַן אבסאָ־
לוטע מאָנארכיע, א קאָנווענט, א קאָנסולאט, אַן אימפעריע פון
איינעם אָדער פון'ם אנאנדערן נאפּאָלעאָן, אָדער גאָר פון א בו־
לאנזשע, א קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנארכיע, א קאָמונע אָדער א
רעפּובליק".5) — טאָלסטאָי ענטוויקעלט אָט דעם געדאנק אין
אלע זיינע פּרטים.

1. דער שטאאט איז די הערשאפט פון די שלעכטע געפיהרט
ביז צום העכסטען פונקט.

דער שטאאט איז הערשאפט. די רעגירונג אין'ם שטאאט איז
„א פעראייניגונג פון מענשען, וועלכע טהוען אָן געוואלט אנדערע
מענשען".6) „אלע רעגירונגען, די דעספּאָטישע ווי די ליבעראלע,
זיינען היינטיגע צייטען געוואָרען, ווי הערצען האָט זיי אזוי טרע־

---

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 43. 2) מיין גלויבען, ז. 22.
3) דאָס רייך גאָטעס, ז. 87. 4) מיין גלויבען, ז. 41. 5) דאָס
רייך גאָטעס, ז. 63 112. 6) דאָרט, ז. 54.

פענד אָנגערופען, טשינגיס־כאַנען מיט טעלעגראַפען".1) מענשען וועלכע בעזיצען די מאַכט „טהוען אַב געוואַלדטהאַטען שוין ניט מעהר אין נאָמען פון קאַמפף אַנטקעגען דאָס בייזע, נור פּשוט צוליב זייערע אייגענע נוצען אָדער קאַפּריזען; און די אַנדערע אונטערוואַרפען זיך אונטער זייער געוואַלט, ניט דערפאַר ווייל זיי רעכענען, אַז מען בעגעהט אַנטקעגען זיי געוואַלדטהאַטען כדי צו בעפרייען זיי פון שלעכטס, און פון זייער טובה וועגען, נור פּשוט דערפאַר, ווייל זיי קענען פון דער געוואַלט ניט פּטור ווע־רען. ניט דערפאַר איז ניצצע אָנגעהעריג צו פראַנקרייך, לאָטע־רינגען צו דייטשלאַנד, בעהמען צו עסטרייך; ניט דערפאַר איז פּוילען צוטיילט; ניט דערפאַר זיינען אירלאַנד און אינדיען אונ־טערוואָרפען אונטער ענגלאַנד'ס יאָך; ניט דערפאַר פיהרט מען מלחמה מיט כינא און מען הרג'ט אויס די אַפריקאַנער, ניט דער־פאַר טרייבען די אַמעריקאַנער ארויס די כינעזען און די רוסישע רודפ'ן די יודען — ווייל דאָס איז גוט, נויטיג און ניצליך פאַר די מענשען, נור פּשוט דערפאַר, ווייל די וואָס האָבען אין זייערע הענד די מאַכט ווילען עס זאָל אזוי זיין".2)

דער שטאַאט איז די הערשאַפט פון די שלעכטע. „די פּער־ניכטונג פון דער שטאַאטליכער מאַכט וועט נור פּועל'ן אַז די שלעכטע זאָלען געוועלטיגען איבער די גוטע", זאָגען די פערטיי־דיגער פון דעם היינטיגען שטייגער פון לעבען. אָבער ווען די מאַכט אין א שטאַאט געהט איבער פון די הענד פון איינינע פּער־זאָנען אין אַנדערע הענד, געהט זי דען אלעמאָל איבער אין בע־סערע הענד? ווען לודוויג דער 16טער איז ארונטערגעוואָרפען גע־וואָרען און די מאַכט איז איבערגעגאַנגען פריהער צו ראָ־בערספּיער און נאכהער צו נאַפּאָלעאָן, איז זי איבערגעגאַנגען אין בעסערע אָדער אין ערגערע הענד? און ווען האָבען די בעסערע געוועלטיגט, בעת די ווערסאַלער אָדער בעת די קאָמונאַרען האָ־בען געהאַט די מאַכט? ווען בראש פון דער רעגירונג איז געווען

---

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 71. 2) דאָרט, ז. 70.

קארל דער ערסטער, אָדער קראָמוועל? בעת פּיאָטר דער דריטער איז געוועזן צאַר, אָדער ווען מען האָט איהם גע'הרג'ט און אין איין טייל פון רוסלאנד איז עקאטערינא געוועזן א צאַרינע און אין אנאנדער טייל האָט געהערשט פּוגאטשעוו? ווער איז דעמאָלסט געוועזן דער שלעכטער און ווער דער גוטער? אלע מענשען, וועלכע האלטען די לייצעס, בעהויפּטען, אז זייער געוועלטיגונג איז נויטיג כדי די שלעכטע זאָלען ניט איבערמעכטיגען די גוטע, און האלטען עס פאר זעלבסטפערשטענדליך, אז זיי זיינען דאָס די אמת'ע גוטע, וועלכע בעשיצען אנדערע גוטע אנטקעגען די שלעכטע".[1] אין אמת'ן אָבער, די וועלכע פערכאפּען און האלטען די מאכט, קענען בשום אופן ניט זיין די בעסערע. „כדי ארייננצוכאַפּען און איינהאלטען די מאכט, מוז מען זי ליעבען. די מאכט־ליעבע אָבער קומט ניט צוזאמען מיט גוטסקייט, נור מיט די אייגענשאפטען וועלכע געהען להיפך צו דער גוטסקייט: מיט שטאָלץ, רמאות און הארטהערציגקייט. אָהן זיך צו דערהויבען און די אנדערע צו דערנידעריגען, אָהן פאלשקייט און בעטרוג, אָהן תפיסות, פעסטונגען, שטראָפען, טויטען, קען ניט אויפקומען און ניט אויפהאלטען זיך קיין הערשאפט ניט".[2] „עס איז גאָר לעכערליך צו רעדען וועגען קריסטען־געוועלטיגער".[3] א חוץ דעם, „דער בעזיץ פון מאכט פערדארבט די מענשען וואָס בעזיצען זי".[4] „מענשען, וועלכע בעזיצען מאכט, קענען ניט זי ניט־מיסברויכען, זיי קענען ניט בלייבען ניט־בערוישט פון אזא אונזיניגער, שרעקליכער מאכט".[5] „וויפיעל מיטלען מענשען האָבען ניט אויסגעטראַכט אויף אוועקצונעהמען די מעגליכקייט פון די וואָס שטעהען ביי דער מאכט ארונטערצוזעצען די כלל אינטערעסען אונטער זייערע אייגענע — האָבען זיך אלע מיטלען ארויסגעוויזען און ווייזען זיך איצטער ארויס אלס ניט קיין ריכטיגע. אלע ווייסען, אז מענשען וואָס האָבען די מאכט — סיי זיי זיינען קיסרים, מיניסטאָרען, סיי פּאָליציימייסטער אָדער פּאָליציסטען — זיינען, נור דערפאר

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 89. 2) דאָרט. 3) דאָרט.
4) דאָרט, ז. 63. 5) קריסטענטום און פּאטריאָטיזם, ז. 58.

ווייל זיי האָבען די מאַכט, מעהר געניגט צו אונזיטליכקייט, ד. ה. נידעריגער צו שטעלען די כלל־אינטערעסען פאר זייערע אייגענע, איידער מענשען וועלכע האָבען ניט די מאַכט; און עס קען גאָר טאָקי אַנדערס ניט זיין".1)

דער שטאַאט איז די הערשאַפט פון די שלעכטע געבראַכט ביז צו דער העכסטער שטופע. „די אויסגערעכענטע און אפילו די אונבעוואוסטזיניגע שטרעבונג פון די פערגוואַלטיגער וועט שטענדיג בעשטעהן אין דעם, צו זעהען אז די פערגוואַלטיגטע זאָלען זיין וואָס שוואַכער; וואָרים וואָס שוואַכער זיי זיינען, אלץ ווייניגער אָנשטרענגונג פאָדערט זיך זיי צו האַלטען אונטערדריקט".2) „איין געביעט פון מענשליכער טהעטיגקייט איז היינט נאָך געבליבען, וועלכע די רעגירונגס מאַכט האָט ניט פערכאַפּט — דאָס געביעט פון דער פאַמיליע, פון פּריוואַט לעבען, פון דער עקאָנאָמיע און ארבייט. און אפילו דאָס געביעט, צו פערדאַנקען דעם קאַמפּף פון די קאָמוניסטען און די סאָציאַליסטען, ווערט שוין ביסלעכווייז אויך אריינגעכאַפּט פון די רעגירונגען, און ארבייט און רוה, וואָהנונג, קליידונג און שפּייז, אויב עס זאָלען מקוים ווערען די פערלאַנגען פון די רעפאָרמאַטאָרען, וועלען ווערען בעשטימט און רעגולירט פון די רעגירונגען".3) „די שרעקליכסטע, גרויזאַמסטע רויבערבאַנדע איז ניט אזוי שרעקליך ווי אזא שטאַאטליכע אָרגאַניזאַציע. יעדער רויבער־אַטאַמאַן איז אויך בעשרענקט לפי ערך וואָס די מענשען וועלכע שטעלען צוזאַמען זיין באַנדע, האַלטען פאר זיך לכל הפּחות א טייל פון זייער מענשליכער פרייהייט, און קענען זיך אָבזאָגען צו בעגעהן אזעלכע טהאַטען וואָס זיינען צו־ווידער זייער געוויסען".4) אין שטאַאט אָבער זיינען אזעלכע בע־שרענקונגען ניטאָ; „עס זיינען ניטאָ קיינע שרעקליכע פערברע־כען, וועלכע די מענשען וואָס זיינען א טייל פון דער רעגירונג

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 62. 2) דאָרט, ז. 63. 3) דאָרט, ז. 73. 4) דאָרט, ז. 115.

און דער אַרמעע, וואָלטען ניט אָבגעטון לויט דעם ווילען פון דעם, וואָס שטעהט צופעליג (אַ בולאַנזשע, אַ פוגאַטשעוו, אַ נאַפּאָלעאָן) איבער זיי".1)

2. די הערשאַפט אין'ם שטאַאט איז בעגרינדעט אויף פיזישער געוואַלט.

יעדע רעגירונג שטיצט זיך אויף דער אַרמעע, ד. ה. אויף בעוואָפענטע מענשען, וועלכע זיינען גרייט אויסצופיהרען דעם ווילען פון דער רעגירונג דורך פיזישע געוואַלט: אויף אַ קלאַס מענשען „וועלכע ווערען דערויף ערצויגען צו דער'הרג'נען אַלע יענע, וועמען זייערע אויבערהערשער הייסען דער'הרג'נען".2) אַזעלכע מענשען זיינען „די פּאָליציי, און דערהויפּט אָבער די אַרמעע".3) „די אַרמעע איז מעהר גאָרנישט ווי אַ באַנדע דיסציפּלינירטע מערדער, איהר בילדונג בעשטעהט אין אויסלערנען זיך מאָרדען, איהרע נצחונות זיינען מאָרדטהאַטען".4) „די אַרמעע איז אַלעמאָל געווען און איז איצט דער פונדאַמענט פון דער הערשאַפט. די מאַכט געפינט זיך אַלעמאָל אין די הענד פון די, וועלכע בעהערשען די אַרמעע, און אַלע הערשער — פון די רוימישע צעזאַרען ביז די רוסישע און דייטשע אימפּעראַטאָרען — האָבען אַלעמאָל מעהר פאַר אַלץ זיך געזאָרגט וועגען דער אַרמעע".5)

די אַרמעע דיענט ערסטענס צו בעשיצען די הערשאַפט פון דער רעגירונג אַנטקעגען אַן אָנפאַל פון אויסערליכע פיינד. זי דערלאָזט ניט די דערבייאיגע רעגירונגען אַריינכאַפּען די מאַכט אין זייערע הענד.6) אַ מלחמה איז מעהר גאָרנישט ווי אַ געשלעג צווישען די רעגירונגען פאַר דער הערשאַפט איבער זייערע אונטערטאַנען. „דעריבער וועט צווישען די פעלקער ניט קענען געגרייכט

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 116. 2) רוסישע קריסטענפערפאָלגונגען, ז. 41. 3) דאָס רייך גאָטעס, ז. 62,68. 4) קריסטענטום און פּאַטריאָטיזם, ז. 75. 5) דאָס רייך גאָטעס, ז. 62. 5) דאָרט, ז. 64-5.

ווערען קיין פריערען דורך פערשטענדיגע אָבמאַכען און אויסגלייכונגען, כל זמן עס וועלען עקזיסטירען די אונזיניגע און פערדאַרבליכע אונטערוואַרפונג פון די פעלקער אונטער די רעגירונגען".1) מחמת דער דאָזיגער בעטייטונג פון דער אַרמעע, „פיהלט זיך יעדער גענויטיגט אריבערצושטייגען יעדען אַנדער שטאַאט מיט דער גרויס פון זיין אַרמעע. די דאָזיגע פערגרעסערונג איז אָנשטעקיג, ווי מאָנטעסקיו האָט דאָס שוין בעמערקט מיט הונדערט און פופציג יאָהר צוריק".2)

די אָבער, וועלכע מיינען, אז די אַרמעען ווערען אויפגעהאַלטען פון די רעגירונגען נור כדי צו פערהיטען פון אַן אָנפאַל פון דרויסען, פערגעסען אז „פריהער פאַר אַלץ זיינען די אַרמעען נויטיג פאַר די רעגירונגען כדי זיך צו בעשיצען פון זייערע אונטערדריקטע און פערשקלאַפטע אונטערטאַנען".3) דאָ ניט לאַנג האָט דער רייכס־קאַנצלער אין׳ם דייטשען רייכסטאָג גאַנץ אָפען געענטפערט אויף דער אָנפראַגע, פאַר וואָס מען דאַרף אויסגעבען געלד צו פערגרעסערן די שכירות פון די אונטעראָפיציערען, אז מען מוז האָבען צופערלאָזיגע מענשען כדי צו קענען קעמפפען אַנטקעגען דעם סאָציאַליזם. קאַפּריווי האָט נור ארויסגעזאָגט בקול רם דאָס, וואָס אַלע ווייסען, הגם מען נעהמט זיך די מיה צו פערבאָרגען דאָס פון די פעלקער: ער האָט דערמיט געזאָגט, פאַר וואָס שווייצערישע און שאָטלענדישע גוואַרדיע האָבען זיך פערדונגען צו די פראַנצויזישע קעניגע און צו די פּאַפּסטען; פאַר וואָס מען גיט זיך אַזויפיעל מיה אין רוסלאַנד דורכצומישען די רעקרוטען אזוי, אז די פּאָלקען וואָס שטעהען אין די צענטראַלע גובערניעס זאָלען צונויפגעשטעלט ווערען פון רעקרוטען פון די גרעניץ־געגענדען, און די פּאָלקען אין די גרעניץ־געגענדען, פון מענשען פון צענטער פון רוסלאַנד. קאַפּריווי האָט אגב אורחא געזאָגט דאָס, וואָס יעדער איינער וויים גאַנץ גוט, און אויב איינער

1) קריסטענטום און פּאַטריאָטיזם, ז. 57-8. 2) דאָס רייך גאָטעס, ז. 64-5. 3) דאָרט.

וויים ניט, פיהלט ער עס, אז די היינטיגע אָרדנונג איז אזוינע ווי זי איז, ניט ווייל זי דארף נאַטירליך זיין אזוי, ווייל דאָס פאָלק וויל זי זאָל זיין אזוינע, נור דערפאר ווייל די געוואלט פון די רעגירונגען האלט איהר אזוי אויף, דורך די ארמעע מיט איהרע אונטערגעקויפטע אונטעראָפיציערען, אָפיציערען און גענעראלען".1)

3. די הערשאפט אין שטאאט האלט זיך אויף דער פיזישער געוואלט, וואָס ווערט אויסגעפיהרט פון די בעהערשטע גופא. „עס איז איינע פון די אייגענשאפטען פון רעגירונגען, וואָס זיי פאָדערן אז די בירגער אליין זאָלען זיי שאפען די געוואלט, אויף וועלכער זיי שטיצען זיך; און אזוי איז עס געוואָרען, אז אין שטאאט „זיינען אלע בירגער די טיראנען איבער זיך אליין".2) די רעגירונג פאָדערט פון די בירגער אי אַן אקטיווען טיילנעהמען אין דער געוואלט, אי זייער הסכמה אויף געוואלט. צו דעם ענין געהערען: די שבועה וואָס אין רוסלאנד זיינען אלע מחויב אָבצוגעבען בעת אויפ'ן כסא המלוכה קומט ארויף א נייער צאַר, וואָרים דורך די שבועה פערשפּרעכט מען צו פאָלגען די געוועלטיגער, ד. ה. די מענשען, וועלכע גיבען זיך אָב מיט דער געוואלט; די התחיבות אָבצוצאָהלען די שטייערן, וואָרים די שטייערן ווערן פערווענדט אויף געוואלט־זאכען; דער פּאספּאָרטען־סיסטעם, וואָרים דער מענש וואָס נעהמט ארויס א פּאספּאָרט אָנערקענט דערמיט זיין אָבהענגיקייט פון שטאאט, וועלכער לעבט דורך געוואלט; די התחיבות צו זיין אַן עדות אין געריכט און נעהמען א טייל אין געריכט גופא אלס געשוואָרענער, וואָרים יעדעס געריכט איז נור מקיים די געבאָט פון נקמה; די התחיבות פון אלע פויערים אין רוסלאנד צו טון פּאָליציי־ארבייט, וואָרים בעת מען טהוט אזא ארבייט קומט אויס אָנצו־ווענדען געוואלט און פייניגונג אנטקעגען אייגענע ברידער; דערהויפּט אָבער געהערט דערצו דער אלגעמיינער מוז צו דיענען אין סאָלדאטען, ד. ה. די התחיבות צו

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 64. 2) דאָרט, ז. 65, 111.

ווערען א תליון און צוגרייטען זיך צו דער ארבייט פון א תליון".1)
אין דעם אלגעמיינעם מוז צו דיענען אין סאָלדאטען ווארפט זיך
אין די אויגען מעהר בולט ווי אומעדום דער ווידערשפרוך צווי־
שען קריסטענטום און שטאאט. „יעדער מענש איז מחויב צו נעה־
מען אין די הענד די געוועהר פון מאָרד, א ביקס, א מעסער, און
אויב ניט הרג'נען, מוז ער אָנלאָדען דעם ביקס און אָנשארפען דאָס
מעסער, ד. ה. זיין גרייט צו הרג'נען".2)

ווי אזוי אָבער קומט עס וואָס די בירגער ערפיעלען די פאָ־
דערונגען פון דער רעגירונג, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס זי האלט
זיך דאָך נור אויף דער דאָזיגער ערפיעלונג, אזוי אז סוף כל סוף
אונטערדריקען דאָך די בירגער אליין איינער דעם אנדערן? דאָס
איז נור מעגליך „צוליב דער ניט־נאטירליכער אָרגאניזאציע, וואָס
איז געשאפען געוואָרען מיט דער הילף פון די וויסענשאפטליכע
פאָרטשריטען, וואו אלע מענשען זיינען אריינגעכאפט געוואָרען אין
א קרייז פון געוואלט, פון וועלכען עס איז קיין מעגליכקייט ניטאָ
זיך ארויסצורייסען. דער דאָזיגער קרייז ווערט איצט צונויפגע־
שטעלט פון פיער מיטלען ווי צו ווירקען אויף מענשען. די אלע
מיטלען זיינען צווישען זיך פערבונדען און האלטען אויף איינע
די אנדערע ווי די רינגען פון א קייט".3) דאָס ערסטע מיטעל
קען אם בעסטען כאראקטעריזירט ווערען ווי „א היפנאָטיזירונג
פון'ם פאָלק".4) די היפנאָטיזירונג איז גורם די מענשען „ארויס־
צופיהרען דעם פאלשען געדאנק, אז די היינטיגע אָרדנונג קען ניט
איבערגעביטען ווערען, און דעריבער דארף מען זי אויפהאלטען,
בעת עס איז קלאָר אז די מעשה איז אקוראט פערקעהרט: די
אָרדנונג קען דערפאר ניט איבערגעביטען ווערען, ווייל זיי האל־
טען זי אויף".5) די דאָזיגע היפנאָטיזירונג קומט ארויס דורך די
פערשפרייטונג פון צווייערליי אָבערגלויבענס, דעם רעליגיעזען און
דעם פאטריאָטישען, וועלכע הויבען אָן זייער ווירקונג פון קינדוויייז

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 86־82. 2) מיין גלויבען, ז. 23.
3) דאָס רייך גאָטעס, ז. 71. 4) דאָרט, ז. 72. 5) דאָרט, ז. 110.

אָן און ווירקען אויף די מענשען ביז'ן טויט".1) „קוקענדיג אויף דעם פון אזא שטאנדפונקט קען מען זאָגען, אז די שטאאטליכע מאכט איז געבויט אויף א א שווינדעל, וועלכער ברייננט אין פערווירונג די עפענטליכע מיינונג".2) „דאָס צווייטע מיטעל בעשטעהט אין אונטערקויפען; ד. ה. מען נעהמט אוועק ביין ארבייטער־פאָלק זיין רייכטום דורך שטייערן און מען פערטיילט עס צווישען די בעאמטע, וועלכע מוזען פאר דעם לויין אויפהאלטען און פער־שטארקען די פערשקלאפונג פון'ם פאָלק".3) די בעאמטע „גלוי־בען אין די אונפערמיידליכקייט פון דער היינטיגער אָרדנונג דער־הויפט צוליב דעם, ווייל זי איז גוט פאר זיי".4) קוקענדיג פון אָט דעם שטאנדפונקט, קען מען זאָגען, אז די שטאאטליכע מאכט איז געבויט אויף דעם עגאָיזם פון די ,וועמען זי פערשאפט א גו־טע שטעלע.5) דאָס דריטע מיטעל איז „די אָנשרעקונג. עס בע־שטעהט אין דעם, וואָס מען שטעלט פאָר די עקזיסטירענדע שטאאטליכע אָרדנונג (וועלכע זי זאָל ניט זיין — א פרייע רע־פובליקאנישע, אָדער א העכסט־ווילדע דעספאָטישע) אלס עטוואָס הייליגעס און אומפערמיידליכעס, און מען בעשטראָפט דעריבער מיט די גרוייזאמסטע שטראָף יעדען פערזוך זי צו ענדערן".6) און צולעצט דאָס פיערטע מיטעל בעשטעהט דעריין, וואָס „מען קלייבט אויס פון אלע מענשען, וועמען מען האָט פערדולט און געבונדען דורך די פריהערדיגע מיטלען, איין געוויסען טייל מענשען און מען אונטערוואָרפט זיי ספּעציעל אונטער גאָר א שטארקער פער־דולונג, כדי זיי זאָלען דיענען ווי ווערקצייג וואָס האָבען ניט קיין אייגענעם ווילען די ברוטאלע און גרוייזאמע צוועקען, וועלכע קע־נען צוניז קומען דער רעגירונג".7) דאָס ווערט געטון אין דער ארמעע, אין וועלכער עס געהען אריין היינטיגע צייטען, צוליב דעם אלגעמיינעם חוב פון סאָלדאטען־דיענסט, אלע יונגע לייט פון

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 72. 2) קריסטענטום און פאטריאָטיזם, ז. 8-27, 64-67. 3) דאָס רייך גאָטעס, ז. 72. 4) דאָרט, ז. 110. 5) דאָרט, ז. 71-72. 6) דאָרט. 7) דאָרט, ז. 72.

פאָלק.1) „מיט אַט דעם מיטעל, איז דער קרייז פון געוואַלט גע־שלאָסען. די אָנשרעקונג, דער אונטערקויף, די היפּנאָטיזירונג בריינגען־מיט די מענשען צו געהן אין סאָלדאַטען. די סאָלדאַטען ווידער גיבען די מעגליכקייט אי צו בעשטראָפען מענשען, אי זיי צו בערויבען (און אונטערקויפען די בעאַמטע פאר דעם אָנגערויב־טען געלד), אי צו היפּנאָטיזירען זיי און מאכען זיי זאָלען אליין ווערען די סאָלדאַטען, וועלכע גיבען דער רעגירונג די מעגליכקייט דאָס אַלעס צו טון“.2)

II. די ליעבע פאָדערט, אַז דער שטאַאט זאָל פערבי־טען ווערען אויף אַ געזעלשאַפטליכע אָרדנונג, וואָס איז אין גאַנצען געבויט אויפ׳ן יסוד פון איהרע געבאָט. „יעדער ווי־פיעל־ניט־איז דענקענדער מענש זעהט שוין איצט איין די אונ־מעגליכקייט ווייטער אזוי צו לעבען, און די נויטיגקייט פעסטצו־שטעלען וועלכע עס איז נייע לעבענס פאָרמען“.3) „די קריסטליכע מענשהייט פון אונזער צייט מוז אונבעדינגט זיך אָבזאָגען פון די געצענדיענערישע פאָרמען פון לעבען וועלכע זי פערדאַמט, און מוז אויפבויען א ניי לעבען אויף די קריסטליכע גרונדלאַגען פון וועלכע זי האַלט“.4)

1. מענשען וועלען לעבען געזעלשאַפטליך נאָך דעם אָבשאַ־פען פון שטאַאט אויך. וואָס וועט זיי אָבער צוזאַמענהאַלטען אין דער נייער געזעלשאַפט?

יעדענפאַלס ניט קיין צוואַנג אָדער אָבמאַך. קריסטוס האָט אונז געבאָטען „מיר זאָלען זיך קיין נדר ניט טון“, „מיר זאָלען קיין מענשען גאָרנישט צוזאָגען“.5) „א קריסט קען ניט פערשפּרע־כען צו טון אָדער ניט צו טון א געוויסע זאַך אין א בעשטימטער שטונדע, ווייל ער קען ניט וויסען וואָס אין יענער שטונדע וועט פון איהם פאָדערן דאָס געבאָט פון ליעבע, וועלכען ער מוז גע־האָרכען, ווייל דעריין בעשטעהט דער זין פון זיין לעבען“.6) אָבער

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 72. 2) דאָרט. 3) דאָרט, ז. 4-133. 4) דאָרט, ז. 49. 5) דאָרט, ז. 37. 6) דאָרט, ז. 79.

נאָך פיעל וועניגער קען ער „פערשפּרעכען צו ערפיעלען אנאנדערענ'ס ווילען, ניט וויסענדיג וואָס יענער ווילען וועט פון איהם פאָדערן"; וואָרים דערמיט וואָלט ער „געגעבען צו דערקענען, אז דאָס אי־נערליכע גאָט'ס געזעץ איז שוין ניט מעהר דאָס איינציגע געזעץ פון זיין לעבען: קיין צוויי בעלי־בתים קען מען ניט דיענען".1)

אין דער צוקונפט דאַרף די מענשען צוזאַמענהאַלטען אין איין געזעלשאַפטליך גאַנצעס דער גייסטיגער איינפלוס, וואָס מענשען, וועלכע האָבען אריבערגעיאָגט די אנדערע אין דער דערקענטניס פון ווארהייט, האָבען אויף די וועניגער ענטוויקעלטע מיטגליעדער פון דער געזעלשאַפט. „דער גייסטיגער איינפלוס האָט אזא ווירקונג אויפ'ן מענשען, אז עס ענדערן זיך אין איהם זיינע אייגענע פערלאַנגען און זיי ווערען עהנליך מיט דאָס וואָס מען פאָדערט פון איהם. א מענש וואָס לאָזט זיך לענקען פון א גייסטיגען איינפלוס האַנדעלט לויט זיינע אייגענע פערלאַנגען".2) די קראַפט, דורך וועלכע מענשען קענען לעבען אין געזעלשאַפטען ליעגט אין דעם גייסטיגען איינפלוס וואָס די מענשען, וועלכע האָבען אריבערגעיאָגט די איבעריגע אין די דערקענטניס פון דער ווארהייט, האָבען אויף די הינטערשטעליגע, און „אין דעם כאַראַקטער פון די וועניגער־דענקענדע מענשען צו האָרכען די רייד פון די, וועלכע שטעהען אויף א העכערער שטופע פון דערקענטניס".3) צו־ליב דער דאָזיגער אייגענשאַפט „פאָלגען מענשען איינע און דיזעלבע גרונדפּרינציפּען: די מינאָריטעט — בעוואוסטזיניג, ווייל די דאָזיגע פּרינציפּען שטימען איין מיט די פאָדערונגען פון איהר אייגענעם שכל; די מאַיאָריטעט — אונבעוואוסטזיניג און נור דערפאַר, ווייל זיי זיינען געוואָרען די עפענטליכע מיינונג".4) „אין אָט דער געהאָרכזאַמקייט ליעגט נישט קיין אוננאַטירליכקייט, אָדער עפּעס וואָס איז זיך סותר".5)

2. אויף וועלכען אופן אָבער וועלען אין דער צוקינפטיגער

---

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 79. 2) דאָרט, ז. 61. 3) דאָרט, ז. 121. 4) דאָרט. 5) דאָרט, ז. 120.

געזעלשאַפט ערפיעלט ווערען יענע אויפגאַבען, וועלכע ווערען היינטיגען טאָג ערפיעלט פון'ם שטאַאט? דערביי האָט מען גע־וועהנליך אין זין דרייערליי אויפגאַבען.1)

ערסטענס מכח דער בעשיצונג אַנטקעגען די שלעכטע מענ־שען וואָס געפינען זיך צווישען אונז.2) „ווער אָבער זיינען די שלעכטע מענשען צווישען אונז, וואָס דער שטאַאט איז דאָס אונז שומר ומציל פון זייערע אַנפאַלען און פון זייער געוואַלט? אויב עס זיינען געוועזן אזעלכע דריי, פיער הונדערט יאָהר צוריק, ווען מענשען האָבען זיך נאָך בעריהמט מיט זייער קריעג־פיהרונגס קונסט און מיט זייערע כלי זיין; ווען הרג'נען מענשען האָט זיך גערעכענט פאַר א גלענצענדע ארבייט — זיינען דאָך אזעלכע מענשען היינט שוין ניטאָ: היינט טראָגט קיינער ניט קיין וואָ־פען, אלע גלויבען אין די געבאָט פון מענשענליעבע. אויב אָבער אונטער די מענשען, פון וועמען דער שטאַאט דאַרף אונז בע־שיצען, פערשטעהען מיר די פערברעכער, ווייסען מיר, אז זיי זיינען ניט קיין ברואים פון א בעזונדער מין, ווי דער וואָלף צווי־שען די שעפסען, נור זיי זיינען פונקט אזעלכע מענשען ווי מיר אַלע, און האָבען פונקט אזוי וועניג ליעב צו בעגעהן פערברעכען, ווי די מענשען אַנטקעגען וועלכע זיי בעגעהען די פערברעכען. מיר ווייסען איצטער, אז די טהעטיגקייט פון די רעגירונגען מיט זייע־רע גרויזאַמע אופנים פון בעשטראָפען, וועלכע פאַסען שוין ניט מעהר פאַר דעם היינטיגען מצב פון דער מאָראַל — מיט זייערע תפיסות, קאַטאָרגעס, תליות, גילאָטינען — העלפען גיכער צו פערגרעבען די פעלקער איידער זיי מילדער צו מאַכען, און דע־ריבער גיכער צו פערמעהרען איידער צו פערמינדערן די צאָהל פון די שלעכטסטטוער".3) אויב מיר זיינען קריסטען און „האַנדלען לויט אונזער גלויבען אז אונזער לעבען איז אויף צו דיענען אַנדערע מענשען, וועט דאָך קיינער ניט זיין אזוי דום אַוועקצונעהמען די חיונה אָדער הרג'נען די מענשען וועלכע דיענען איהם. מיקלוכאָ־

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 66. 2) דאָרט. 3) דאָרט, ז. 67-66.

מאַקליי האָט זיך בעזעצט צווישען די ברוטאַלסטע ווילדע, ווי מען האָט געזאָגט, און זיי האָבען איהם ניט נור ניט גע'הרג'ט, נור זיי האָבען איהם ליעב געקריגען און האָבען איהם געפאָלגט נור דער־פאר, ווייל ער האָט זיך פאר זיי ניט געשראָקען, האָט פון זיי גאָר נישט פערלאַנגט און האָט זיי געטון גוטעס".1)

צווייטענס, פרעגט מען, ווער וועט אונז בעשיצען אין דער צוקינפטיגער געזעלשאַפט פון אויסערליכע פיינד.2) „מיר ווייסען דאָך אָבער, אז אלע אייראָפּעאישע פעלקער גלויבען אין דיזעלבי־גע פּרינציפּען פון פרייהייט און ברידערליכקייט, און דארפען דע־ריבער קיין בעשיצונג ניט איינער אנטקעגען דעם אנדערן. אויב מען רעדט וויעדער וועגען א בעשיצונג געגען בארבארען, איז גע־נוג א טויזענדער טייל פון די ארמעען וועלכע שטעהען איצט אונ־טער וואפען. ניט נור קען אונז די שטאַאט געוואלט ניט מציל זיין פון דער געפאַהר פון אן אָנפאל פון פיינד, נור אדרבא זי אליין רופט ארויס די געפאַהר פון אן אָנפאַל".3) „ווען עס זאָל אָבער זיין א געזעלשאַפט פון קריסטען, וועלכע טהוען קיינעם קיין שלעכטס ניט, און אלץ וואָס עס בלייבט זיי פון זייער ארבייט גיבען זיי אוועק אנדערע, דאן וואָלטען קיינע פיינד — ניט קיין דייטשען, ניט קיין טערקען, ניט קיין ווילדע — זיך ניט גענומען הרג'נען אָדער פייניגען אזעלכע מענשען. מעהר וואָלט מען דאָך ביי זיי ניט געקענט אוועקנעהמען וויפיעל זיי אליין וואָלטען אוועקגעגעבען אָהן אונטערשיעד צווישען רוסען, דייטשען, טער־קען אָדער ווילדע".4)

דריטענס פרעגט מען, אויף וועלכען אופן וועלען אין דער צוקינפטיגער געזעלשאַפט מעגליך זיין די אינסטיטוציעס פון פער־קעהר, פון ערציהונג און בילדונג, פון רעליגיאָן און אנדערע פאָ־דערונגען. „אויב עס איז אמאָל געווען א צייט ווען מענשען האָ־

1) מיין גלויבען, ז. 228. 2) דאָס רייך גאָטעס, ז. 7-66.
3) דאָרט, ז. 67. 4) דאָרט, ז. 227.

בען געלעבט אזוי אָבגעזונדערט צווישען זיך, ווען די מיטלען נע־הענטער צונויפצוקומען זיך און בייטען זיך מיט די געדאנקען זיי־נען געווען אזוי ניט ענטוויקעלט, אז אָהן דעם צענטער פון שטאאט האָבען זיי ניט געקענט איינשטימען אין קיין כלל־זאַך, ניט אין האנדעל, ניט אין ווירטשאַפט און ניט אין בילדונג, — איז שוין איצט אזא אָבזונדערונג ניטאָ. די שטארק־ענטוויקעלטע פערקעהרס־מיטלען און געדאנקען־אויסטויש האָבען אזויפיעל אויפגעטון, אז די מענשען פון אונזער צייט קענען ניט נור גאַנץ גוט אויסקומען אָהן דער רעגירונג, צו בילדען געזעלשאַפטען, פעראיינען, קאָרפּאָ־ראציעס, קאָנגרעסען, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס, נור פארקעהרט, די רעגירונגען שטערען מעהרסטענטיילס מעהר איידער זיי העלפען דערגרייכען די דאָזיגע צוועקען".1)

3. וואָס פאר א געשטאלט וועט אָבער דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען אין דער צוקונפט אָננעהמען בפרט? „די צוקונפט וועט זיין אזוי, ווי די אומשטענדען און די מענשען וועלען זי מאַכען".2) ביי דער צייט זיינען מיר ניט אימשטאַנד זיך אָבצוגעבען א פּאָל־שטענדיג־קלאָרען חשבון וועגען דעם.3)

„מענשען זאָגען: ווי אזוי און אין וואָס וועלען בעשטעהן די נייע אָרדנונגען, וועלכע וועלען פערנעהמען דאָס פּלאַץ פון די איצטיגע? כל זמן מיר וועלען ניט וויסען וואָס פאר א פנים אונ־זער לעבען וועט האָבען אין דער צוקונפט, וועלען מיר ניט געהן פּאָרווערטס, מיר וועלען זיך ניט ריהרען פון אָרט".4) „ווען קאָ־לומבוס וואָלט זיך אזוי געטראכט, וואָלט ער קיינמאָל זיך ניט געריהרט פון אנקער. א משוגעת איז עס געווען זיך אָוועקלאָזען אויפ'ן ים ניט וויסענדיג דעם וועג, אויף א ים, אויף וועלכען קיי־נער איז ניט געפאָהרען, שווימען צו א לאַנד, וועגען וועלכען עס איז געווען א פראגע צי עס עקזיסטירט גאָר. דורך אזא משוגעת

---

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 67. 2) דאָרט, ז. 133. 3) רוסי־שע קריסטענפערפאָלגונגען, ז. 46-47. 4) דאָס רייך גאָטעס, זייט 97.

האָט ער ענטדעקט א נייע וועלט. געוויס וואָלט עס געווען פיעל בעקוועמער, ווען די פעלקער וואָלטען נור געדאַרפט אריבערציהען פון איין האָטעל אין אנאַנדערן, א בעסערן; די צרה איז אָבער וואָס עס איז ניטאָ וועך עס זאָל צוקלייבען די נייע קוואַרטירען״.1)

אָבער, ווען מענשען זוכען זיך פאָרצושטעלען די לעבענס-בעדינגען אין דער צוקינפטיגער געזעלשאַפט, איז עס ניט אזויפיעל די פראַגע, „וואָס וועט זיין?״ וועלכע עס בעאונרוהיגט זיי. „זיי דרעהט דעם קאָפּ די פראַגע, ווי וועט מען לעבען אָהן די אלע צו־געוועהנטע בעדינגונגען פון אונזער עקזיסטענץ, וועלכע מיר רופען אָן וויסענשאַפט, קונסט, ציוויליזאַציע, קולטור? גוט, אָבער אָט די אלע זאַכען זיינען דאָך נישט מעהר ווי פערשיידענע ערשיי־נונגען פון דער וואַרהייט. די ענדערונג וועלכע דאַרף קומען קען דאָך נור זיין א דערנעהענטערונג צו דער וואַרהייט, א פערווירק־ליכונג פון דער וואַרהייט. היינט ווי אזוי קענען דורך א דער־נעהענטערונג צו דער וואַרהייט בטל ווערען די ערשיינונגען פון וואַרהייט? זיי וועלען זיין אַנדערע, בעסערע, העכערע, אָבער זיי וועלען אויף קיין פאַל ניט בטול ווערען. חרב וועט נור ווערען דאָס פאַלשע וואָס איז אין זיי געוועזען, דאָס אָבער וואָס עס איז געווען אמת, וועט נאָך מעהר זיך פונאַנדערבליהען און נאָך שטאַר־קער ווערען״.2)

„ווען אַן איינצעלנעם מענשען וואָלט פאַלשטענדיג זיין בע־קאַנט זיין לעבען ביי׳ן איבערגאַנג פון איין אַלטער־שטופע צו אַנאַנדערער, וואָלט ער קיין גרונד ניט געהאַט פאַר וואָס צו לע־בען: אזוי איז עס אויך מיט׳ן לעבען פון דער מענשהייט. ווען די מענשהייט אריינטרעטענדיג אין א נייעם לעבענסאַלטער וואָלט געהאַט פאַר זיך א פערטיג פּראָגראַם, וואָלט דאָס גופא געווען דער בעסטער סמן, אז זי לעבט ניט מעהר, אז זי בעוועגט זיך ניט פאָרווערטס, נור אז זי שאָקעלט זיך ארום אויף איין אָרט. די פּרטים פון א נייער לעבענסאָרדנונג קענען אונז ניט זיין בע־

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 133. 2) דאָרט, ז. 134.

קאַנט, זיי מוזען פון אונז גופא אויסגעארבייט ווערען. נור אין דעריין בעשטעהט טאַקי דאָס לעבען, צו דערקענען דאָס אונבע־וואוסטע און ברייננגען אונזערע מעשים אין איינקלאַנג מיט דער נייער דערקענטניס. דעריין בעשטעהט דאָס לעבען פון יעדען איינ־צעלנעם, און דעריין בעשטעהט אויך דאָס לעבען פון מענשליכע געזעלשאַפטען און פון דער מענשהייט".1)

## 5. — אייגענטום.

I. צוזאַמען מיט'ן געזעץ מוז טאָלסטאָי אונפערמייד־ליך פערוואַרפען אויך די אינסטיטוציע פון אייגענטום פאר די פעלקער פון אונזער צייט, וועלכע שטעהען אויף אַ הוי־כער שטופע פון ענטוויקלונג.

אפשר איז ווען עס איז געווען אזא צייט, ווען די געוואלט וואָס מען האָט געדאַרפט אויף צו בעשיצען דעם איינצעלנעם אין זיין בעזיץ פון געוויסע גיטער, איז געווען א קלענערע איידער די געוואלט וואָס וואָלט פאָרגעקומען אין אַן אַלגעמיינע רייסערי־וועגען דעם בעזיץ פון די דאָזיגע גיטער, און דעריבער איז דאָס זיין פון רעכט אויף אייגענטום יעמאָלט בעסער געווען איידער דאָס ניט זיין. יענע צייט איז אָבער יעדענפאַלס שוין איצט פאָר־איבער; „די היינטיגע אָרדנונג האָט שוין אָבגעלעבט איהר צייט".2) ווען עס וואָלט מעהר ניט געווען קיין רעכט אויף אייגענטום, וואָלט צווישען די היינטיגע מענשען שוין ניט מעהר זיך פונאַנ־דערגעבערענט קיין ווילדער קאַמפף פאר דעם בעזיץ פון גיטער. וואָרים „אלע גלויבען דאָך אין די געבאָט פון מענשענליעבע",3) אלע ווייסען, אז „אלע מענשען האָבען גלייכע רעכט אויף די גיטער פון דער וועלט",4) און עס נעפינעז זיך אפילו „איינינע רייכע לייט, וועלכע האָבען אזא פיינעם געפיהל פאר דער נייער

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 97. 2) דאָרט, ז. 135. 3) דאָרט, ז. 66. 4) דאָרט, ז. 43.

עפּענטליכער מיינונג, אז זיי זאָגען זיך אָב פון זייער גע'ירשנ'טען פערמעגען.1)

אייגענטום קען ניט געהן צוזאמען מיט דער ליעבע, דערהויפּט מיט'ן געבאָט ניט צו שטעלען זיך מיט געוואלט אנט־קעגען דאָס בייזע2) מעהר ווי דאָס: דאָס אייגענטום וואָס שאַפט א הערשאפט פון די רייכע איבער די אָרימע זינדיגט אנטקעגען די גלייכהייט פון אלע מענשען און אנטקעגען דעם געדאנק אז אלע מענשען זיינען גאָט'ס קינדער, וועלכער פליסט ארויס פון'ם געבאָט פון ליעבע".3) דעריבער מוז דאָס אייגענטום, א חוץ וואָס אלס רעכטס־אינסטיטוציע רוהט עס אויף געוואלט, פערוואָרפען ווערען אויך צוליעב די אנדערע טעמים. „די רייכע זיינען שוין דערמיט אליין שולדיגע פאר וואָס זיי זיינען רייך".4) דאָס „וואָס עס געפינען זיך אין מאָסקווע צעהנדליגע טויזענדער הונגעריגע, פערפראָרענע און טיעף ערנידעריגטע מענשען, בעת איך און אנ־דערע טויזענדע עסען טייערע שפּייזען צו מיטאָג און בעדעקען די פערד און די פּאָדלאָגעס מיט טייערן געוואנט און טעפּיכער, — איז א פערברעכען".5) „איך וועל ניט אויפהערען זיך פיהלען ווי א מיטשולדיגער אין די שטענדיג־בעגאנגענע פערברעכען כל זמן איך האָב אַן איבעריג שטיקעל ברויט, בעת עס איז פאראַן איינער וואָס האָט גאָר קיין ברויט ניט, כל זמן איך האָב צוויי קליידער און אנאנדערער האָט אפילו איינס אויך ניט",6) — טאָלסטאָי ענטוויקעלט דעם דאָזיגען געדאנק אין זיינע פּרטים.

1. דאָס אייגענטום בעטייט די הערשאפט פון די רייכע אי־בער די אָרימע.

דאָס אייגענטום איז דאָס אויסשליסליכע רעכט צו הערשען איבער געוויסע זאכען, גאנץ גלייך צי מען בענוצט זיי אין דער ווירקליכקייט, צי ניט.7) טאָלסטאָי לאָזט רעדען דאָס פערד ליינ־

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 98. 2) מיין גלויבען, ז. 18.
3) דאָס רייך גאָטעס, ז. 43. 4) דאָרט, ז. 71. 5) מיין לע־בען, ז. 14. 6) דאָרט. 7) געלד, ז. 12—11.

וואנדמעסער די פאָלגענדע רייד: „א סך פון די מענשען וועלכע האָבען מיך אָנגערופען זייער פערד האָבען אויף מיר קיינמאָל ני־ געריטען, געריטען אויף מיר האָבען גאָר אנדערע. זיי האָבען מיך ניט געפיטערט, מיך האָבען גאָר אנדערע געפיטערט. בעוויזען גוטס האָבען מיר אויך ניט די, וועלכע האָבען מיך אָנגערופען זייער פערד, נור קוטשער, וועטערינארען און איבערהויפּט פרעמדע מענשען. שפּעטער, ווען דער קרייז פון מיינע בעאָבאַכטונגען איז גרעסער געוואָרען, האָב איך מיך איבערצייגט, אז דער בעגריף „מיין“, וועלכער האָט ניט קיין אנדער יסוד א חוץ דעם נידערי־ גען און טיערישען טריעב פון מענשען וואָס זיי רופען אָן איי־ גענטום־געפיהל אָדער אייגענטומס־רעכט, ווערט אָנגעווענדעט ניט נור בנוגע צו אונז פערד אליין. דער מענש זאָגט: „דאָס הויז איז מיין“, און וואָהנט דאָרט קיינמאָל ניט, ער קימערט זיך נור וועגען דעם בוי און דעם אויסהאַלטען פון הויז. דער סוחר זאָגט: „מיין קראָם, מיין שניט־קראָם“, און טראָגט אפילו ניט אליין די בעסטע שטאָפען וואָס ער האָט אין זיין קראָם. עס זיינען פאַראַן מענשען, וועלכע רופען אָן א שטיק לאנד „מיין“, און האָבען דאָס דאָזיגע שטיק לאנד קיינמאָל ניט אָנגעזעהען און ניט געטראָטען אויף דעם. די מענשען טראַכטען ניט אין זייער לעבען צו טון דאָס וואָס זיי האַלטען פאַר גוט, נור זיי טראַכטען רק וואָס מעהר זאַכען צו קענען אָנרופען „מיין“.(1)

די בעדייטונג פון אייגענטום בעשטעהט אָבער דעריין, וואָס דער אָרימער וועלכער האָט ניט קיין אייגענטום, איז אָבהענגיק פון דעם רייכען, וועלכער האָט. כדי צו בעקומען די זאַכען וועלכע ער בעדאַרף האָבען צום לעבען, וועלכע געהערען אָבער אנאנדערען, מוז ער טון וואָס יענער וויל, דאָס הייסט, ער מוז פאַר איהם ארביי־ טען. דאָס אייגענטום טיילט אויף דעם אופן איין די מענשען אין צוויי קלאַסען: אין ארבייטענדער, אונטערדריקטער קלאַס, וועל־

(1) ליינוואנדמעסער, ווערק 3. ז. 602-3. (עלטצבאַכער'ס ציטאַר. דער רוסישער איבערזעצער האָט דעם אויסצוג גאָר אויסגעלאָזען)

כער דארבט און ליידט, און א קלאַס פון אונטערדריקער און פוי־לענצער, וועלכער געניעססט און לעבט אין איבערפלוס".1) „מיר זיינען אלע ברידער, און פון דעסטוועגען טראָגט מיין ברודער אָדער מיין שוועסטער יעדען פריהמאָרגען ארוים מיין טעפּיל. מיר זיינען אלע ברידער, אָבער איך מוז יעדען פרימאָרגען האָבען מיין ציגאַר, מיין צוקער, מיין שפּיעגעל און נאָך אזוינע זאכען, אויף וועלכער ארבייט געזונדע ברידער און שוועסטער פון מיין גלייכען האָבען פערלאָרען און פערלירען נאָך איצטער זייער געזונד".2) „איך פערברייננ מיין גאנץ לעבען אויף אָט דעם אופן: איך עס, רייד און הער; עס, שרייב און לעז, דאָס מיינט ווידעראמאָל איך רייד און הער; איך עס און שפּיעל; איך עס, רייד און הער ווידער; איך עס און לעג זיך שלאָפען; און אזוי געהט עס איין טאָג ווי דער אנדערער. איך קען ניט און פערשטעה ניט קיין אנ־דער זאך. און כדי איך זאָל דאָס קענען טון, מוזען ארבייטען פון פריהמאָרגען ביז שפּעט אין דער נאכט דער הויזקנעכט, דער פויער, די קעכין, דער קוכער, דער לאַקיי, דער קוטשער, די וואש־פרוי: שוין ניט צו רעדען וועגען דער ארבייט פון אנדערע מענ־שען, וועלכע איז נויטיג כדי יענע קוטשער, קוכער, לאַקייען א. ז. וו. זאָלען האָבען וואָס זיי בעדארפען בעת זיי ארבייטען פאַר מיר — די העק, פעסלאַך, בערשטלעך, געשיר, מעבעל, וואקס, שוה־וואקס, קעראָסין, היי, האָלץ, רינדפלייש. און די אלע מענ־שען ארבייטען שווער א גאנצען טאָג און יעדען טאָג, כדי איך זאָל קענען רעדען, עסען און שלאָפען".3)

„די דאָזיגע בעדייטונג פון אייגענטום טרעט איבערהויפּט ארוים קלאָר ביי יענע זאכען, וועלכע זיינען נויטיג פאַר דער פּראָדוקציאָן, דאָס הייסט, ביי'ן גרונד און באָדען און ביי די פּראָדוקציאָנסמיטלען".4) „עס קען ניט זיין קיין ערדארבייטער אָהן ערד וועלכע ער בעארבייט און אָהן שנייד־אייזענס, וועגען

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 43. 2) דאָרט, ז. 44. 3) וואָס איז צו טון? ז. 92. 4) געלד, ז. 11-12.

און פערד; עס קען ניט זיין קיין שוסטער אהן א הויז אויף דער ערד, אהן וואסער און לופט און אהן די געווערקצייג מיט וועלכע ער ארבייט. דאס אייגענטום אבער בעטייט, אז ביין פויער איז ניטא קיין ערד, ניט קיין פערד און שניידאייזענס, ביין שוסטער איז ניטא קיין הויז, קיין וואסער און קיין אהל; און דאס בע־טייט, אז ווער עס איז האט איהם אוועקגעטריבען פון דער ערד און האט אוועקגענומען אדער אויסגענארט ביי איהם דעם שנייד־אייזען, דעם וואגען, דאס פערד און די אהל".1) דער פועל יוצא פון דעם איז, אז „פאר א געוויסען טייל פון די דאזיגע ארביי־טער זיינען צערשטערט געווארען די נאטירליכע בעדינגנגען פון פראדוקציאן; זיי מוזען זיך בענוצען מיט פרעמדע פראדוק־ציאנסמיטלען, און דער אייגענטימער פון די דאזיגע מיט־לען קען זיי צווינגען צו ארבייטען, ניט פאר זיך, נור פאר א בעל־הבית".2) „דער ארבייטער הארעוועט דעריבער ניט אויף זיך, לויט זיין אייגענעם ווונש, נור געצוואונגען, און פאר אנדערע, פאר לעדיג־געהער און לעבע־מענשען בכלל, און בפרט פאר א קאפי־טאליסט, דעם אייגענטימער פון א פאבריק".3) אויף דעם אופן בעטייט דאס אייגענטום — די עקספלואטאציע פון'ם ארבייטער דורך די, צו וועמען עס געהערט די ערד און די פראדוקציאנס־מיטלען; עס בעטייט, אז „די „פראדוקציאן פון דער מענשליכער ארבייט געהט אלץ מעהר און מעהר אריבער פון די מאסען פון'ם ארבייטענדען פאלק צו דעם ניט־ארבייטענדען".4)

די בעדייטונג פון אייגענטום אלס א מיטעל צו מאכען די ארימע אבהענגיק פון די רייכע טרעט קלערער ווי אלץ ארוים ביי דעם געלד. „געלד איז א ווערטה־זאך, וועלכע בלייבט זיך אימער גלייך, וועלכע גילט אימער אלס ריכטיג און געזעצמעסיג".5) „אויף רוסיש זאגט מען: די וועלכע האבען געלד, קענען פלעכטען שטריק פון די וועלכע האבען ניט".6) „געלד איז א נייע פארם פון שקלא־

1) געלד, ז. 8. 2) דארט, ז. 10. 3) דאס רייך גאטעס, ז. 43. 4) וואס איז צו טון? ז. 90. 5) ז. 98. 6) געלד, ז. 4.

ווערייי, וועלכע אונטערשיידט זיך פון דער אלטער פאָרם פון שקלאַווערייי נור דורך איהר אונפּערזענליכקייט, ד. ה. דורך דעם וואָס זי איז פרייי פון אלע מענשליכע בעציהונגען צום שקלאַף"[1]; „וואָרים דער עצם פון יעדער שקלאַווערייי איז דאָס בענוצען זיך מיט פרעמדער ארבייט, און עס איז אלץ איינס צי די דאָזיגע אויס־נוצונג איז בעגרינדעט אויף מיין אייגענטומס־רעכט איבער'ן שקלאַף, צי איבער'ן געלד, אָהן וועלכען דער אנדערער קען ניט לעבען"[2].

„אויף אן אמת גערעדט, וואָס איז דאָס פאר א געלד מיינס, און ווי אזוי איז עס געקומען צו מיר? א טייל פון דעם האָב איך געקריגען פאר די ערד, וואָס איך האָב גע'ירשנ'ט פון מיין פאָטער. דער פויער האָט פערקויפט זיין לעצט שעפּסיל, זיין לעצטע קוה, כדי מיר אוועקצוגעבען דאָס געלד. אנאנדער טייל איז דאָס געלד וואָס איך האָב געקריגען פאר מיינע שריפטען, פאר די ביכער. אויב אָט די ביכער מיינע זיינען שעדליכע, האָב איך נור פער־פיהרט די וואָס האָבען זיי געקויפט, און דאָס געלד וואָס איך קריג דערפאַר, איז געלד וואָס איז בעקומען געוואָרען אויף א שלעכ־טען אופן; אויב פערקעהרט, מיינע ביכער זיינען ניצליך פאר די מענשען, דאן איז די זאך נאָך שלימער. איך גיב זיי ניט די מענ־שען וועמען זיי קענען זיין נוצליך, נור איך זאָג צו זיי: גיט מיר 17 רובל, דאן וועל איך זיי אייך געבען. און אזוי ווי דאָרטן פער־קויפט דער פויער זיין לעצט שעפּסיל, אזוי דאָ רייסט אָב פון זיך דער שטודענט, דער לעהרער אָדער אנאנדער אָרימאַן דאָס לעצטע, כדי מיר אוועקצוגעבען דאָס געלד. און אָט האָב איך אָנ־געקליבען א גרויסע סומע פון אזוינע געלדער, און וואָס טהו איך דערמיט? איך ברייינג די געלדער אין שטאָדט און גיב זיי אָב די אָרימע נור דאן, ווען זיי וועלען דערפיעלען מיינע געלוסטען און וועלען קומען דאָ אין שטאָדט רייניגען פאר מיר די טראָטואַרען, די לאָמפּען, די שיך, און וועלען ארבייטען פאר מיר אין די פאבריי־

1) וואָס איז צו טון? ז. 98. 2) דאָרט, ז. 103.

קען. און פאר די געלדער האנדעל איך אויס ביי זיי אלץ וואס איך קען, ד. ה. איך זעה זיי צו געבען וואס ווענינער און צו קריי־גען פון זיי וואס מעהר. און דאן מיט אמאל, גאר אונערווארטעט, הויב איך אן גלאט אזוי, פשוט אומזיסט אוועקצוגעבען דאס געלד אט די אייגענע ארימע לייט — ניט אלעמען פון זיי, נור די ווע־מען מיר פאלט איין".1) דאס מיינט, מיט איין האנד אוועקנעה־מען ביי די ארימע לייט טויזענדער רובעל, און מיט דער אנדער האנד אבגעבען איינינע פון זיי עטליכע קאפיקעס.2)

2. די הערשאפט פון די רייכע איבער די ארימע, וואס איז פערבונדען מיט דעם אייגענטום, רוהט אויף דער פיזישער גע־וואלט.

„ווען די אונגעהויערע רייכטימער, וועלכע די ארבייטער האָ־בען צונויפגעזאמעלט, געהערען ניט אלעמען, נור איינינע אויס־דערוועהלטע פערזאנען; ווען די מאכט צונויפצונעהמען שטייערן פון דער ארבייט און פערברויכען דאס געלד אויף וואס זיי גע־פינען פאר נויטיג, געפינט זיך אין די הענד פון איינינע מענשען — קומט עס אלעס פאר, ניט דערפאר ווייל דאס פאלק וויל עס, און ווייל בטבע דארף עס אזוי זיין, נור דערפאר ווייל די רעגי־רונגען און די הערשענדע קלאסען ווילען עס צוליב זייערע אייגענע נוצען, און קענען עס פועל'ן דורך די געוואלט וואס זיי בעזי־צען".3) דאס אלעס רוהט „אויף געוואלט, אויף מארד און אויף די פערקריפלונג פון מענשען".4) „ווען מענשען, וועלכע האלטען עס פאר אן אונרעכט, (ווי עס האלטען איצט אזוי אלע ארביי־טער) גיבען אב דעם גרעסטען חלק פון זייער ארבייט דעם קאפי־טאליסט און דעם ערד־אייגענטימער, טהוען זיי דאס נור דערפאר, ווייל זיי ווייסען, אז מען וועט זיי שלאגען און ממית'ן אויב זיי וועלען עס ניט טון".5) „מען קען גאנץ זיכער זאגען, אז אין אונ־זער געזעלשאפט, וואו אויף יעדען וואהלהאבענדען, גביר'יש־לע־

1) וואס צו טון, ז. 7-86. 2) דארט, ז. 87. 3) דאס רייך גאטעס, ז. 64. 4) דארט, ז. 106. 5) דארט.

בענדען מענשען געפינען זיך צעהן אויסגעמאטערטע, פערדריסלי־כע, זשעדנע, אָדער גאָר פּשוט הונגערליידענדע ארבייטער־פאַ־מיליען, זיינען אלע העכערע שטעלונגען פון די רייכע, זייער גאַנ־צער לוקסוס און איבערפלוס, אלץ מיט וואָס זיי בענוצען זיך אנטקעגען דעם מיטעלען ארבייטער, ערוואָרבען און געזיכערט נור דורך פייניגונג, געפעננגנים און תליות".1)

דאָס אייגענטום ווערט אויפגעהאלטען דורך די פּאָליציי און דורך די ארמעע.2) „מיר קענען ניט זיך מאכען ניט זעהענדיג ־עם פּאָליציייסקען, וועלכער געהט ארויף און אראָב פארביי אונזערע פענסטער מיט א געלאָדענעם רעוואָלווער אונז צו בעשיצען בעת מיר עסען א טייערען מיטאָג אָדער זעהען א נייע פּיעסע; מיר קענען ניט זיך מאכען ניט ווּיסענדיג פון די סאָלדאטען, וועלכע זיינען יעדע רגע גרייט אריינצופאָהרען מיט פולווער און בליי אַ־מעדום וואו מען וויל נור אָנריהרען אונזער אייגענטום. מיר וויי־סען דאָך גאַנץ גוט, אז אויב מיר ענדיגען בשלום אונזער מאָהל־צייט און קוקען זיך אָן די נייע פּיעסע, אויב מיר פאָהרען רוהיג שפּאצירען, געהען אויף א יאגד אָדער קענען פערברייינגען אויף א באָל, אן אבענד, א פאָרשטעלונג, האָבען מיר עס צו פערדאנ־קען דעם קויל אין פּאָליציייסקען רעוואָלווער און דעם ביקס פון סאָלדאט, וועלכע זיינען גרייט דורכצולעכערן דעם בויך פון דעם אָרימען הונגערליידער, וועלכער שטעהט אין ווינקעל און בעלעקט זיך צוקוקענדיג אונזערע פערגעניגענס, און וואָלט זיי די מינוט צערשטערן, ווי נור פּאָליציע מיט׳ן רעוואָלווער וואָלט אוועקגעהן, אָדער עס וואָלטען קיינע סאָלדאטען מעהר ניט געשטאנען אין די קאזארמעס פערטיג אָנצוקומען גלייך ווי מען טוט זיי א רוף".3)

3. די הערשאפט פון די רייכע איבער די אָרימע וואָס ליעגט אין דעם אייגענטום, רוהט אויף דער פיזישער געוואלט פון די בעהערשטע.

---

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 107. 2) דאָרט, ז. 129,117.
3) דאָרט, ז. 492-3. (עלצבאכער׳ס ציטער.)

די אייגענע מענשען גופא פון די אָרימע קלאסען, וועלכע זיינען דורך דאָס אייגענטום אָבהענגיק פון די רייכע, מוזען טון די פּאָליציי־ארבייט, דיענען אין דער ארמעע און צאָהלען די שטייערן, פון וואָס מען האַלט אויס די פּאָליציי און די ארמעע; אויף דעם אופן נעהמען זיי אליין ענטוועדער א דירעקטען אָנ־טייל אין דער פיזישער געוואלט, דורך וועלכע דאָס אייגענטום ווערט אויפגעהאלטען, אָדער זיי שטיצען זי אינדירעקט דורך די שטייערן וואָס זיי צאָהלען.1) „וואָרים ווען עס וואָלטען ניט געווען אָט די מענשען, וועלכע זיינען גרייט אויפ'ן בעפעהל פון די וועמען זיי געהאָרכען, צו פערוואונדען און דער'הרג'נען יע־דען איינעם וואָס מען הייסט זיי, דאן וואָלט קיינער קיינמאָל ניט געוואגט צו בעהויפּטען, וואָס די ניט־ארבייטענדע ערד־בעזיצער בעהויפּטען מיט אזא זיכערקייט, אז די ערד וואָס רינגעלט ארום די פויערים, וועלכע שטארבען פון ערד־הונגער, איז דאָס איי־גענטום פון א מענשען וואָס ארבייט ניט אויף איהר".2) „עס וואָלט דאן דעם גוטסבעזיצער קיינמאָל אין קאָפּ ניט געקומען אוועקצונעהמען ביי די פויערים דעם וואלד, וועלכער איז אויס־געוואקסען אויף זייערע אויגען; און קיינעם וואָלט ניט איינגע־פאלען צו זאָגען, אז די אוצרות פון תבואה וואָס זיינען אָנגע־קליבען געוואָרען דורך בעטרוג מוזען ליעגען ניט־אָנגעריהרט אין מיטען פון א בעפעלקערונג וואָס שטארבט פון הונגער, דערפאר ווייל דער סוחר מוז מאכען זיינע ריוחים".3)

II. די ליעבע פאָדערט, אַז אויפ'ן אָרט פון אייגענ־טום זאָל אויפטרעטען אַזאַ פערטיילונג פון גיטער, וועל־כע איז געבויט נור אויפ'ן גרונד פון איהרע געבאָט. „די אונמעגליכקייט אזוי וויטער צו לעבען און די נויטווענדיגקייט איינצופיהרען נייע לעבענספאָרמען"4) פיהלט זיך אויך אויפ'ן געביעט פון דער גיטער פערטיילונג. „די אָבשאפונג פון אייגענטום

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 128־9. 2) דאָרט, ז. 111.
3) דאָר[illegible] 4) דאָרט, ז. 133.

און זיין איבערבייט אויף א נייער פאָרם פון פערטיילונג איז איינע פון די פראגען, וועלכע שטעהען איצט אויף דער רייה".1)

לויט דעם געזעץ פון ליעבע דארף יעדער מענש, וועלכער ארבייט וויפיעל ער קען, האָבען אזויפיעל ,און נישט מעהר, ווי־פיעל ער בעדארף.

1. אז יעדער מענש, וועלכער ארבייט לויט זיינע קרעפטען, זאָל האָבען וויפיעל ער בעדארף און נישט מעהר, נעהמט זיך פון צוויי געבאָט, וועלכע קומען ארויס פון דעם געזעץ פון ליעבע.

דאָס ערסטע פון די געבאָט זאָגט: „דער מענש זאָל קיין אר־בייט ניט פערלאנגען פון דעם אנדערן, נור ער זאָל אדרבה אליין אָבגעבען זיין גאנץ לעבען אויף ארבייטען פאר אנדערע. א מענש לעבט ניט כדי אנדערע זאָלען ארבייטען אויף איהם, נור כדי ער אליין זאָל ארבייטען אויף אנדערע".2) „ער טאָר זיך ניט רעכע־נען מיט אנדערע פאר זיין ארבייט און מיינען, אז וואָס גרעסער זיין ארבייט איז, אלץ מעהר לעבענסמיטעל קומט איהם".3) די ערפיעלונג פון דעם געבאָט פערשאפט יעדען מענשען אלץ וואָס ער בעדארף. דאָס געהט ערסטענס אויף א געזונדען דערוואקסע־נעם מענשען. „ווען א מענש ארבייט, דערנעהרט ער זיך פון דער ארבייט. און ווען אנאנדערער נעהמט צו פאר זיך די ארבייט פון אָט דעם מענשען, וועט ער איהם אויך דערנעהרען, טאקי דער־פאר ווייל ער בענוצט זיך מיט זיין ארבייט".4) „א מענש פער־זיכערט זיין חיונה ניט דערמיט וואָס ער נעהמט עס אוועק פון אנאנדערן, נור דורכדעם וואָס ער מאכט זיך ניצליך און נויטווענ־דיג פאר דעם אנדערן. וואָס ניצליכער ער איז פאר אנדערע, אלץ זיכערער איז ער מיט זיין עקזיסטענץ".5) די ערפיעלונג אָבער פון דעם דאָזיגען געבאָט צו דיענען אנדערע מענשען פערשאפט אויך דערנעהרונג די קראנקע, די אלטע און די קינדער. „מענשען

1) מיין גלויבען, ז. 196. 2) דאָרט, ז. 180־179.
3) דאָרט. 4) דאָרט, ז. 178. 5) דאָרט, ז. 180.

הערען ניט אויף קאָרמען א פיה אָדער א הונד ווען עס ווערט קראַנק; זיי דער׳הרג׳נען ניט אפילו אן אַלטען פערד, נור זיי גי־בען איהם א לייכטע ארבייט לויט זיינע כחות. זיי קאָרמען גאַנ־צע פאַמיליען פון יונגע שעפּסעלעך, חזירים און הינטלעך, ווייל זיי דערוואַרטען פון זיי א נוצען — היינט ווי זאָלען זיי ניט דער־נעהרען א קראַנקען מענשען, וועלכער איז זיי נויטווענדיג? ווי זאָלען זיי ניט געפינען א פּאַסיגע ארבייט פאַר אַלטע און יונגע? ווי אזוי וועלען זיי ארויסוואַרפען מענשען, וועלכע וועלען קענען פאר זיי וויערער ארבייטען?"1)

דאָס צווייטע געבאָט, וואָס קומט ארויס פון׳ם געזעץ פון ליעבע און פאָדערט, אז יעדער מענש וועלכער ארבייט נאָך זיי־נע קרעפטען, זאָל האָבען וויפיעל, און ניט מעהר וויפיעל, ער בעדאַרף, זאָגט: „טייל זיך וואָס דו האָסט מיט אנדערע, זאַמעל ניט אָן קיין רייכטימער".2) „ווען זיינע צוהערער האָבען איהם געפרעגט, וואָס זיי זאָלען טון, האָט זיי יאָהאַן דער טויפער (יוחנן המטביל) געענטפערט פשוט, קורץ און קלאָר: ווער עס האָט צוויי קליידער, זאָל געבען דעם וואָס האָט קיינס, און דער וואָס האָט עסענוואַרג, זאָל אויך אזוי טון". (לוקאס, III, 10.) און דאָס איי־גענע, נור נאָך קלערער און דייטליכער, האָט קריסטוס אליין עט־ליכע מאָל ארויסגעשפּראָכען. ער האָט געזאָגט: „געבענשט זיינען די אָרימע און וועה איז צו די רייכע". ער האָט געזאָגט, אז מען קען ניט אין איין צייט דיענען אי גאָט אי מאַמאָן. ער האָט פער־באָטען זיינע תלמידים, ניט נור צו נהעמען געלד, נור אויך צו האָבען צוויי קליידער. ער האָט געזאָגט דעם רייכען בחור, אז ער קען דערפאַר ניט אריינגעהן אין גאָט׳ס רייך, ווייל ער איז רייך, און ניכער וואָלט א קאַמעל קענען דורכגעהן דאָס אויערל פון א נאָדעל, איידער א רייכער וואָלט קענען אריינקומען אין הימעל. ער האָט געזאָגט, ווער עס קען ניט אַלץ פערלאָזען — זיין הויז, זיינע קינדער, זיין אַקער־ערד — כדי צו געהן מיט איהם, דער־

1) מיין גלויבען, ז. 181. 2) דאָס רייך גאָטעס, ז. 136.

קען ניט זיין תלמיד זיין. ער האָט דערצעהלט זיינע צוהערער דעם משל פון א רייכען מאַן, וועלכער האָט קיין בייז ניט געטון, נור נישט מעהר ער האָט — ווי אונזערע רייכע — זיך געקליידט אין טייערען געוואַנט און זיך געשפּייזט פון די געשמאַקסטע מאכלים און געטרונקען, און דערמיט אליין האָט ער פערדאָרבען זיין נשמה; און פון דעם אָרימען לאַזאַרוס, וועלכער האָט קיין גוטס ניט געטון און איז נור דערפאַר אליין אריינגעגאַנגען אין הימעל, ווייל ער איז געווען א בעטלער".1)

2. וואָס פאַר א געשטאַלט קען אָבער אזא גיטערפערטיילונג אָננעהמען בפרט?

דאָס ציינען אונז אַם בעסטען „די רוסישע קאָלאָניסטען. די קאָלאָניסטען קומען אָן אויף א שטיק ערד, בעזעצען זיך אויף איהר און הויבען אָן ארבייטען, און קיינעם פון זיי קומט גאָר אין קאָפּ ניט אריין, אז א מענש וועלכער בענוצט זיך ניט מיט דער ערד זאָל קענען האָבען אויף איהר וועלכע עס איז רעכט; אים געגענטייל די קאָלאָניסטען האַלטען די ערד לכתחילה פאַר דאָס אייגענטום פון כלל און בעטראַכטען עס פאַר גאַנץ גערעכט אז יעדער איינער זאָל אַקערן און שניידען וואו און וויפיעל ער וויל. די קאָלאָניסטען פיהרען איין ווערקצייג אויף צו בעאַרבייטען די ערד, אויף אויסלעגען גערטנער, אויף בויען הייזער, און אויך דערביי פאַלט קיינעם ניט איין, אז די דאָזיגע ווערקצייג קענען פאַר זיך אליין ווען עס איז ברייננען א ריוח, נור אים געגענטייל, זיי בעטראַכטען יעדען פּראָפיט פון די ארבייטס-מיטעל, יעדען צינז פאַר געליהענע תבואה א. ד. ג. אלס אַן אונגערעכטיגקייט. זיי ארבייטען אויף פרייע ערד מיט אייגענע אָדער אָהן צינזען-ענטליהענע געווערקצייג יעדערער פאַר זיך, אָדער אלע צוזאַמען אויפ'ן חשבון פון כלל".2)

„ווען איך רייד פון אזעלכע געמיינשאַפטען, דערצעהל איך ניט קיין פאַנטאַזיעס, נור איך בעשרייב וואָס עס איז אַלעמאָל

1) מיין לעבען, ז. 102. 2) געלד, ז. 7.

פארגעקומען און וואס עס קומט איצט פאר, ניט נור ביי די רו־סישע קאלאניסטען, נור אומעדום וואו דער נאטירליכער צושטאנד פון מענשען איז צוליב וועלכע עס איז סבות נאך ניט געשטערט געווארען. איך בעשרייב דאס, וואס יעדען איינעם זעהט אוים נאטירליך און פערנינפטיג. מענשען בעזעצען זיך אויף דער ערד און נעהמען זיך יעדערער פאר זיין פאך; פערפערטיגען זייערע ארבייטסגעצייג און טהוען זייערע ארבייט. אויב עס איז זיי בעק־וועמער צו ארבייטען צוזאמען, גרינדען זיי אן ארטעל, אן אר־בייטס־פעראיין" (1.) „סיי אבער זיי ארבייטען בעזונדער, סיי אין פעראיין — קען ניט דאס וואסער, ניט די ערד, ניט די קליידער, ניט דער אקער־אייזען געהערען וועמען עס איז, אויסער טאקי דעם וועד עס טרינקט דאס וואסער, טראגט די קליידער און אר־בייט מיט'ן אקעראייזען; ווארים אט די אלע זאכען זיינען נוי־טיגערווייז נור פאר דעם, וועד עס געברויכט זיי" (2.) א מענש קען אנרופען „זיין אייגענס נור זיין ארבייט", דורך וועלכע ער האט אזויפיעל, וויפיעל ער בעדארף" (3.)

## 6. — פערווירקליכונג.

די ענדערונג וואס פאדערט זיך לויט די געבאט פון ליעבע וועט נאך טאלסטאי נאך קומען דורכדעם, וואס אלע די וועלכע האבען איינגעזעהן די ווארהייט, וועלען איבער־צייגען וואס מעהר אנדערע מענשען ווי נויטווענדיג פון דער ליעבע וועגען עס איז די ענדערונג, און אויפהערענדיג צו זיין געהארכזאם וועלען זיי אבשאפען געזעץ, שטאאט און אייגענטום, און העלפען איינפיהרען די נייע ארדנונג.

1. פריהער פאר אלץ איז נויטווענדיג, אז די מענשען, וועל־כע האבען דערקענט די ווארהייט, זאלען איבערציינגען אזויפיעל אנדערע מענשען וויפיעל מעגליך, אז די ליעבע פאדערט עס זאל קומען די ענדערונג.

---

1) געלד, ז. 7. 2) דארט. 3) ווערק, טייל XII, ז. 190.

1. „כדי אז אויף דעם אָרט פון דער לעבענסאָרדנונג, וועל־כע איז דערווידער דעם מענשענ'ס בעוואוסטזיין, זאָל אויפטרע־טען אנאנדערע, וועלכע שטימט מיט איהם, מוז אפריהער די איצ־טיגע, שוין אָבגעלעבטע עפענטליכע מיינונג, פערביטען ווערען אויף א נייע, א לעבעדיגע“.1)

די גרעסטע און בעדייטענדסטע ענדערונגען אין מענשליכען לעבען זיינען גאָר ניט די רעזולטאטען פון געוויסע טהאטען: „מען דארף אויף דעם ניט אויסשטאטען מיליאָנען סאָלדאטען, ניט בויען נייע וועגען און מאשינען, ניט מאכען אויסשטעלונגען, ניט גרינדען קיין ארבייטער־פעראייניגונגען, ניט קיין רעוואָלוציע, ניט קיינע באריקאדען, ניט קיינע עקספלאָזיאָנען, ניט קיין ער־פינדונגען פון לופטשיפען א. ד. ג. נור וואָס מען דארף יאָ, איז אן איבערענדערונג פון דער עפענטליכער מיינונג“.2) די בע־פרייאונג קען נור קומען דורך „אן ענדערונג אין אונזער אויפפא־סונג פון לעבען“;3) „אלעס הענגט אָב פון דער קראפט מיט וועל־כער יעדער איינצעלנער מענש ווערט בעוואוסטזיניג פון דער קריסטליכער לעהרע“;4) „אָנערקענט די ווארהייט וועט די ווער־הייט אייך פריי מאכען“.5) „די בעפרייאונג מוז נוייטנגערווייז קו־מען דורכדעם, וואָס דער קריסט אָנערקענט אז דאָס געזעץ פון ליעבע, וואָס זיין לעהרער האָט פאר איהם ענטדעקט, איז פאָל־שטענדיג גענוג פאר אלע מענשליכע פערהעלטניסען, און האלט דעריבער יעדע געוואלט פאר איבעריג און אונגעזעצליך“.6)

אריינפיהרען אָט די אומענדערונג פון דער עפענטליכער מיי־נונג ליעגט אין די הענד פון מענשען, וועלכע האָבען דערקענט די ווארהייט.7) „כדי עס זאָל ווערען און אויסוואקסען אן עפענטלי־כע מיינונג דארף ניט נעהמען קיין הונדערטער און טויזענדער יאָהרען; זי האָט די איינענשאפט צו ווירקען אָנשטעקענד און

1) קריסטענטום און פאַטריאָטיזם, ז. 74. 2) דאָרט, ז. 69.
3) דאָס רייך גאָטעס, ז. 70. 4) דאָרט, ז. 124. 5) דאָרט, ז. 79.
6) דאָרט. 7) קריסט. און פאַטריאָטיזם, ז. 4־73.

שנעל ארומצוכאַפּען א גרויסע צאָהל מענשען".1) „אזוי ווי עס איז אמאָל געגוג איין קליינער שטוים צו מאכען אז א פליסיגקייט וואָס איז אָנגעזעטיגט מיט זאַלץ זאָל אין א רגע ווערען קריסטאַליזירט, אזוי איז שוין איצטער אפשר געגוג צו מאַכען די קלענסטע אָנשטרענגונג, בכדי אז די ענטרעקטע ווארהייט זאָל ארומכאַפּען הונדערטער, טויזענדער, מיליאָנען מענשען — עס זאָל זיך איינשטעלען אַן עפענטליכע מיינונג, וואָס שטימט מיט זייער בעוואוסטזיין, און דורכדעם זאָל זיך איבערבייטען די גאַנצע אָרדנונג פון היינטיגען לעבען. און עס העננט אָב פון אונז צו מאַכען אָט די אָנשטרענגונג".2)

2. דאָס בעסטע מיטעל ווי אזוי ארייננצוברייננען די נויטיגע ענדערונג פון דער עפענטליכער מיינונג בעשטעהט דעריין, אז די מענשען וועלכע האָבען די ווארהייט דערקענט, זאָלען בעווייזען די ווארהייט דורך זייערע טהאַטען.

„דער קריסט ווייס די ווארהייט נור פאַר דעם צוועק, כדי עדות צו זאָגען וועגען איהר פאַר אנדערע, וועלכע ווייסען זי נאָך נים; און ניט אנדערש ווי נור דורך טהאַטען".3) „די ווארהייט גיט זיך איבער די מענשען נור דורך טהאַטען פון ווארהייט. טהאַטען פון ווארהייט לויכטען אויף יעדען מענשען׳ס בעוואוסטזיין, און אזוי צערשטערען זיי די קראַפט פון בעטרוג".4) דעריבער פאָדערט זיך אייגענטליך, „ווען דו ביזט א גוט־בעזיצער, זאָלסטו גלייך אָבגעבען דיין ערד צו די אָרימע; ווען דו ביסט א קאַפּיטאַליסט, זאָלסטו דיין געלד אָדער דיין פאַבריק גלייך אָבגעבען די ארבייטער; ווען דו ביסט א הערשער, א מיניסטער, א בעאַמטער, א ריכטער אָדער א גענעראַל, זאָלסטו זיך גלייך אָבזאָגען פון דיין שטעלע, און ווען דו ביזט א סאָלדאַט, זאָלסטו ניט קוקען אויף קיין געפאַהר און גלייך זיך ענטזאָגען צו פאָלגען"5) „עס פערשטעהט זיך, עס איז זעהר מעגליך אז דו ביסט ניט

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 94. 2) דאָרט, ז. 133. 3) מיין גלויבען, ז. 228. 4) דאָרט, ז. 230. 5) רייך גאָטעס, ז. 137;

שטארק געגוג דאָס צו טון: דו האָסט פערבינדונגען, פאמיליע, מענשען וואָס געפינען זיך אונטער דיר, מענשען וואָס דו געפינסט זיך אונטער זיי; דער נסיון איז גרויס און דיינע כחות זיינען קליין".1)

3. עס איז אָבער פאראן נאָך א מיטעל, אויב אפילו ניט אזאווירקזאמער, ווי אזוי אריינצופיהרען דעם נויטיגען איבער־בייט פון דער עפענטליכער מיינונג, און אָט דאָס מיטעל „קענסטו אָנווענדען צו יעדער צייט".2) עס בעשטעהט אין דעם, אז די מענ־שען וועלכע האָבען דערקענט די ווארהייט, זאָלען זי „קלאָר ארויסזאָגען".3)

„ווען די מענשען, אָדער ווען נישט מעהר אפילו ווי איינ־גע מענשען, זאָלען דאָס וועלען טון, וואָלט גאָר פון זיך אליין באלד אוועקפאלען די אָבגעלעבטע עפענטליכע מיינונג, און עס וואָלט אויפטרעטען א יונגע, לעבעדיגע, היינטיגע".4) „קיינע מיליאר־דען רובעל, קיינע מיליאָנען סאָלדאטען, קיינע אינסטיטוציעס, מלחמות און רעוואָלוציעס קענען ניט פועל זיין דאָס, וואָס עס קען אויפטון די איינפאכע דערקלערונג פון א פרייען מענשען וואָס ער האלט פאר רעכט און וואָס ער האלט פאר אומרעכט. ווען א פרייער מענש זאָגט עהרליך ארויס וואָס ער דענקט און פיהלט אין מיטען פון א מסיבה פון טויזענדער מענשען, וועלכע פערטרעטען גאָר דעם היפך פון דעם אין וואָרט און אין טהאט, וואָלט מען דאָך גקענט מיינען, אז ער וועט בלייבען אליין מיט זיין מיינונג. געוועהנליך איז אָבער די זאַך גאָר אנדערש: אלע אָדער דער רוב האָבען בשתיקה שוין לאַנג אויך אזוי געטראַכט און געפיהלט, נור זיי האָבען עס ניט ארויסגעזאָגט. און דאָס, וואָס נעכטען איז געווען די נייע מיינונג פון איין מענשען, ווערט היינט די אלגעמיינע מיינונג פון דער מעהרצאָהל".5) „ווען מיר וואָלטען נור אויפגעהערט צו לייגען און מאכען זיך ווי מיר זעהען

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 137. 2) דאָרט. 3) קריסט. און פאטריאָטיזם, ז. 74. 4) דאָרט, ז. 69. 5) דאָרט, ז. 72-71.

ניט די ווארהייט; וואלטען מיר נור אנערקענט די ווארהייט, וועלכע רופט אונז, און וואלטען מיר זי דרייסט ארויסגעזאגט, וואלטען מיר דאן גלייך דערזעהן, אז הונדערטער, טויזענדער, מיליאנען מענשען געפינען זיך אין דערזעלבער לאגע ווי מיר, אז זיי זעהען אויך די ווארהייט ווי מיר, האבען אויך מורא צו בלייבען אליין און ווארטען אויך, אז די אנדערע זאלען זי ארויסזאגען".1)

II. ווייטער, כדי איינצופיהרען די ענדערונג און אויפ'ן ארט פון געזעץ, שטאאט און אייגענטום אויפריכטען דעם נייעז צושטאנד, פאדערט זיך, אז די מענשען וועלכע האבען דערקענט די ווארהייט, זאלען איינארדנען זייער לעבען לויט דער דאזיגער דערקענטניס, און דערהויפט זיי זאלען זיך אבזאגען צו געהארכען דעם שטאאט.

1. די מענשען מוזען אליין ארויסרופען די געזעלשאפטליכע אומענדערונג. זיי מוזען ניט לענגער „ווארטען, אז ווער עס איז זאל זיי קומען העלפען, סיי קריסטוס אין די וואלקענס מיט א קול פון א שופר, סיי דאס „היסטארישע געזעץ", סיי דאס געזעץ פון „דיפערענציאציע און אינטעגראציע" פון קרעפטען. קיינער וועט אונז ניט העלפען, אויב מיר ווען זיך אליין ניט העלפען".2)

„מען האט מיר דערצעהלט א געשיכטע, וואס איז פארגעקומען מיט א העלדישען פריסטאוו. ער איז געקומען אין א דארף וואו די פויערים האבען זיך געבונטעוועט און מען האט דארט אנגעשיקט סאלדאטען. איהם האט זיך געוואלט מאכען א סוף פון'ם בונט אויף ניקאליי דעם ערכטען'ס שטייגער, דורך זיין פערזענליכען איינפלוס. ער האט געהייסען ברייננען צו פיהרען עטליכע פוהרען ריטער, האט צונויפגעקליבען אלע פויערים אין א שייער, האט זיך מיט זיי דארטן איינגעשלאסען און האט די פויערים אזוי אנגעשראקען מיט זיינע קולות, אז זיי האבען איהם געפאלגט און

1) דאס רייך גאטעס, ז. 133. 2) מיין גלויבען, ז. 117.

געגומען לויט זיין בעפעהל שמייסען איינער דעם אנדערן. זיי האָבען אזוי לאנג געשמיסען איינער דעם אנדערן ביז עס האָט זיך געפונען א נארישער פויערל, וועלכער האָט זיך אליין ניט געלאָזט שמייסען און האָט אָנגעהויבען שרייען צו זיינע חבירים זיי זאָלען אויך אויפהערען. ערסט דאן האָט דאָס שמייסען אויפ־געהערט און דער פריסטאוו איז קוים אנטלאָפען געוואָרען. אָט די עצה פון דעם נארישען פויערל האָבען געדארפט פאָלגען אלע מענשען פון אונזער צייט".1)

2. די דאָזיגע אומענדערונג אָבער דארפען מענשען ניט איינפיהרען דורך געוואלט. „די רעוואָלוציאָנערען קעמפען פון דרויסען מיט דער רעגירונג; דאָס קריסטענטום קעמפט איבער־הויפט ניט, עס טרייסעלט אויף פון אינעווייניג אלע יסודות פון דער רעגירונג".2)

„אויב איניגע מענשען בעהויפטען, אז מען קען זיך בע־פרייען פון דער געוואלט, אָדער אז מען קען לכל הפחות זי אָב־שוואכען, דורך דעם וואָס די אונטערדריקטע וועלען מיט געוואלט אראָבווארפען די אונטערדריקענדע רעגירונג און פערבייטען זי אויף א נייע, — און עס זיינען פאראן מענשען וועלכע פרואווען זיך דאָס צו טון — דאן נארען זיי זיך און אנדערע. זייערע אר־בייט פערשטארקט נור דעם דעספאָטיזם פון דער רעגירונג. זייע־רע בעפרייאונגס־פראָבעס גיבען נור די רעגירונגען א גוטען אויס־רייד צו פערשטארקען זייער מאכט".3)

ווען מען זאָל אפילו צוגעבען, אז אמאָל ביי גינסטיגע אומ־שטאנדען, ווי צ. ב. ש. אין פראנקרייך אין 1870, וואָלט זיך איינ־געגעבען ארונטערצו־ווארפען א רעגירונג, וואָלט דאן די פארטיי, וועלכע האָט געזיעגט דורך געוואלט, מוזען, „כדי צו בלייבען ביין רודער און איינפיהרען אין לעבען איהר אָרדנונג, אָנווענדען ניט נור אלע איצטיגע געוואלטמיטלען, נור אויך ערפינדען נייע. אנ־

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 80. 2) דאָרט, ז. 85. 3) דאָרט, זייט 3-72.

דערע מענשען וועלען ווערען פערשקלאפט און מען וועט זיי צווינגען צו טון אנדערע זאכען, עס וועט אָבער זיין ניט נור דיזעלבע גע־וואלט, נור נאָך א גרעסערע און א גרויזאמערע פערשקלאפונג, וואָרים דער קאמפף וועט פערשטארקען דעם האס פון איין מענ־שען צום אנדערן און וועט פערשטארקען און ענטוויקלען נייע מיטלען פון פערשקלאפונג. אזוי האָט אלעמאָל פאסירט נאָך אלע רעוואָלוציעס, אויפשטאנדען און פערשוועררונגען, נאָך אלע גע־וואלטיגע פערענדערונגען פון דער רעגירונג. יעדער קאמפף לעגט נור אריין אין די הענד פון די, וועלכע בעקומען די מאכט, שטאר־קערע מיטלען פון פערשקלאפונג".1)

3. די מענשען מוזען אריינפיהרען די ענדערונג דורכדעם וואָס זיי וועלען איינאָרדנען זייער לעבען אין איינקלאנג מיט דער װאַרהייט וואָס זיי האָבען דערקענט. „דער קריסט בעפרייט זיך פון יעדער מענשליכער געוואלט דורכדעם וואָס ער האלט דאָס געטליכע געזעץ פון ליעבע, וואָס ליעגט אין יעדען מענשען'ס נשמה און איז דורך קריסטוס געבראכט געוואָרען צום בעוואוסט־זיין, פאר דעם איינציגען וועגווייזער פון זיין לעבען און פון'ם לע־בען פון אלע מענשען".2)

דאָס בעטייט, אז מען זאָל פאר שלעכטס אָבצאָהלען מיט גוטס;3) מען זאָל דעם נעכסטען אוועקגעבען אלץ פון וואָס מען האָט צופיעל, און ביי איהם קיין זאך ניט אוועקנעהמען וואָס מען האָט ניט נויטיג;4) דערהויפט זאָל מען נור ניט קלייבען קיין געלד, און מען זאָל פטור ווערען פון דעם געלד וואָס מען האָט;5) מען זאָל ניט קויפען און ניט פערדיענגען,6) און מען זאָל אליין בעפריעדיגען די אייגענע בעדערפעניסען, ניט אָבשרעקענדיג זיך פאר קיין ארבייט.7) ספעציעל אָבער בעטייט עס, אז מען זאָל

---

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 73. 2) דאָרט, ז. 78. 3) מיין גלויבען, ז. 229. 4) וואָס טון? ז. 106. 5) דאָרט, ז. 105. 6) דאָרט, ז. 104. 7) דאָרט, ז. 105.

ניט פאָלגען די פאָדערונגען פון דער שטאאט־הערשאפט, וועלכע געהען להיפך צום קריסטענטום".1)

ביישפיעלען פון ניט פאָלגען דעם שטאאט זיינען היינטיגע צייטען ניט קיין זעלטענע ערשיינונג אין רוסלאנד. מען זאָגט זיך אָב צו צאָהלען שטייערן, צו שווערען אין אלגעמיין און צו שווערען אין געריכט, צו דערפיעלען פאָליציי־פליכטען, צו נעהמען אנטייל אין געריכט אלס געשוואָרענע און צו געהן דיענען אין סאָלדאטען.2) „די רעגירונגען געפינען זיך אין א פערצווייפעלטער לאגע געגענאיבער די דאָזיגע אָבזאָגונגען פון קריסטען. זיי קענען שלאָגען, הרג'נען, ארייננזעצען אין טורמע, פערשיקען אויף אייביגע קאטאָרגע אלעמען וואָס ווילען זיי ארונטערוואַרפען דורך געוואלט; זיי קענען פערשיטען מיט גאָלד און אונטערקויפען א העלפט מענשען פון פאָלק, וועלכע קענען זיי צוניץ קומען; זיי קענען פערשקלאפען מיליאָנען בעוואָפענטע מענשען, וועלכע שטעהען גרייט אויסצוראָטען אלע שונאים פון דער רעגירונג. וואָס קענען זיי אָבער טון אנטקעגען מענשען, וועלכע צערשטערן גאָרנישט און בויען גאָרנישט, נור ווילען פאר זיך, פאר דעם אייגענעם לעבען, קיין זאך ניט טון וואָס געהט להיפך צום קריסטליכען געזעץ, און דעריבער זאָגען זיי זיך אָב צו דערפיעלען אלץ וואָס די רעגירונגען מוזען האָבען אם נויטיגסטען?3) „וואָס די רעגירונג זאָל ניט טון בנוגע צו די דאָזיגע מנעשען, וועט זי דערמיט אליין נעהענטער ברייננגען איהר אונטערגאנג און דערמיט אויף דעם אונטערגאנג פון געזעץ און אייגענטום, און וועט נור העלפען איינפיהרען די נייע געזעלשאפטליכע אָרדנונג. אויב די רעגירונג וועט ניט פערפאָלגען אזעלכע מענשען ווי די דוכאָבאָרען, שטונדיסטען, נאזארענער און איינצעלנע פערזאָנען וואָס זאָגען זיך אָב צו נעהמען אנטייל אין די רעגירונגס־עסקים, דאן וועלען די טובות פון אזא קריסטליך־פריעדליכען ארט לעבען צוציהען צו זיך ניט נור די אינערליך־איבערצייגטע קריסטען, נור אויך אנדערע מענשען,

---

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 86. 2) דאָרט. 3) דאָרט, ז. 86.

וועלכע וועלען צוליב די דאָזיגע טובות זיך צודעקען אין א קריסט־ליכען מאַנטעל, און דעריבער וועלען די צאָהל מענשען, וואָס דער־פיעלען ניט די פאָדערונגען פון דער רעגירונג, וואַקסען און וואַק־סען. אויב אָבער די רעגירונג וועט זיך פערהאַלטען שטרענג צו די דאָזיגע מענשען, ווי זי טהוט עס איצטער, דאַן וועט אָט די שטרענגקייט גופא אַנטקעגען מענשען, וועמעס איינציגע שולד איז וואָס זיי פיהרען א מעהר מאָראַליש בעסערן לעבען איידער אַנ־דערע און ווילען דורכפיהרען אין דער פּראַקטיק דאָס געזעץ פון גוטעס אין וועלכען אלע זיינען מודה — אָט די שטרענגקייט גופא וועט אָבשטויסען אַלץ מעהר און מעהר מענשען פון דער רעגי־רונג. און גאָר אין גיכען וועלען די רעגירונגען ניט געפינען קיין מענשען וואָס זאָלען זיין גרייט זיי צו שטיצען מיט געוואַלט״.1)

4. אין דער איינפיהרונג פון א לעבען לויט די דערקענטניס פון דער וואַרהייט מוז דער איינצעלנער מאַכען דעם אָנפאַנג. ער טאָר ניט וואַרטען ביז וואַנען אלע אָדער פיעלע וועלען איבער־בייטען זייער לעבען צוגלייך מיט איהם.

דער איינצעלנער דאַרף ניט מיינען, אז עס וועט קיין פעולה ניט זיין אויב ער וועט איינער אליין אָנהויבען לעבען לויט קריס־טוס לעהרע.2) „די מענשען אין זייער איצטיגער לאַגע זיינען גע־גליכען צו ביענען, וועלכע האָבען פערלאָזען זייער ביענען־שטאָק און הענגען אין א הויפען אויף א צווייג. די לאַגע פון די ביע־נען אויפ׳ן צווייג איז א דערווייליגע און מוז אונבעדינגט געענ־דערט ווערען. זיי מוזען זיך אויפהעבען און זוכען פאַר זיך א נייע וואָהנונג. יעדע ביען ווייס עס און וויל מאַכען א סוף פון דעם צרה׳דיגען הענגען אויפ׳ן צווייג, אי צוליב זיך, אי צוליב די איבעריגע, אָבער קיין איינציגע קען עס ניט טון כל זמן די אַנדערע טהוען עס ניט מיט. זיי קענען זיך ניט אויפהעבען אלע מיט אמאָל, ווייל איינע הענגט איבער די אַנדערע און שטערט זי זיך

---

1) רוסישע קריסטענפערפאָלגונגען, ז. 44. 2) דאָס רייך גאָט־טעס, ז. 77.

לויז צו מאַכען, דעריבער בלייבען אלע הענגען. עס זעהט אויס ווי עס וואָלט פאר די ביענען קיין אויסוועג ניט געווען פון דער דאָזיגער לאַגע. און עס וואָלט טאקי ווירקליך ניט געווען קיין אויסוועג, ווען יעדע ביען וואָלט ניט געווען א זעלבסטשטענדיג לעבעדיג וועזען. אָבער אַ״י ווי עס פאָדערט זיך נור, אז איין ביען זאָל אויסשפרייטען איהרע פליגלען, זיך אויפהעבען און נעהמען פליהען, און נאָך איהר וועט געהן די צווייטע, די דריטע, די צעהנטע, די הונדערטסטע, ביז וואנען פון דעם אונבעוועגליכען הויפען וואָס איז געהאנגען אויפ'ן צווייג זאָל ווערען א פריי־פליהענדע מחנה ביענען; אזוי אויך דאַרף נור איין מענש אָנ־הויבען בעגרייפען און אויפפאַסען דאָס לעבען ווי דאָס קריסטענ־טום לערנט, וועט דאַן א צווייטער, א דריטער, א הונדערטסטער איהם נאָכטון, און דער צויבערקרייז, פון וועלכען עס איז ניט געווען קיין ענטרינען, וועט ווערען צערשטערט״.1)

דער איינצעלנער דאַרף זיך אויך ניט אָבשרעקען פאר די ליידען וואָס ער קען האָבען אויסצושטעהן. „ווען איך אליין״, אזוי רעדט מען געוועהנליך, „צווישען א גאנצע וועלט, וואָס פאָלגט ניט קריסטוס' לעהרע, וועל אָנהויבען זי פאָלגען, וועל אוועקגע־בען מיין האָב און גוטס, וועל אונטערשטעלען די באַק ניט וועה־רענדיג זיך אנטקעגען, וועל זיך ענטזאָגען צו געבען א שבועה און צו געהן אין סאָלדאַטען, וועט מען ביי מיר אַוועקנעהמען אלץ וואָס איך האָב, און אויב איך וועל ניט שטאַרבען פון הונגער, וועט מען מיך דערשלאָגען אויף טויט, און אויב מען וועט מיך ניט טויט שלאָגען, וועט מען מיך אריינזעצען אין טורמע, און איך וועל אומזאָנסט האָבען אָבגעגעבען דאָס גאַנצע גליק פון מיין לעבען און דאָס לעבען גופא״.2)

זאָל זיין אזוי. „מיר שרעקט עס ניט אָב, צי איך וועל האָ־בען מעהר צרות, צי איך וועל פריהער שטאַרבען, ווען איך דער־פיעל קריסטוס לעהרע. דאָס קען נור זיין שרעקליך פאר דעם, ווער

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 79. 2) מיין גלויבען, ז. 117.

עס זעהט ניט ווי אונזיניג און עלענד זיין איינצעל לעבען איז, און פאר דעם וואס בילדעט זיך איין, אז ער וועט ניט שטארבען. איך וויים אבער, אז א לעבען צוליב אייגענעם פערזענליכען גליק איז די גרעסטע נארישקייט, און אז נאך אזא נאריש לעבען קען אנדערס ניט זיין ווי נור פונקט אזא נארישער טוידט. דעריבער שרעקט מיר קיין זאך ניט אב. איך וועל שטארבען אזוי גוט ווי אלע, אזוי גוט אויך ווי די, וועלכע דערפיעלען ניט קריסטוס לעה־רע; מיין לעבען און טוידט וועלען אבער האבען א זין אי פאר מיר, אי פאר אנדערע. מיין לעבען און טוידט וועלען דיענען דער רעטונג און דעם לעבען פון אלעמען — און דאס איז טאקי וואס קריסטוס האט געלערנט".1)

האבען איינמאל געגוג איינצעלנע מענשען איינגעארדענט זייער לעבען לויט ווי זיי האבען דערקענט די ווארהייט, וועט באלד אויך די מאסע נאכגעהן נאך זיי. די מענשענ'ס אריבערגעהן פון איין לעבענסארדנונג אין אנאנדערע קומט ניט שטענדיג פאר אזוי ווי עס שיט זיך זאמד אין א זאמד־זייגער, נור ריכטיגער ווי עס פיעלט זיך אן א כלי ווען מען לאזט עס ארונטער אין וואסער. פון אנהויב געהט דאס וואסער אריין נור פון איין זייט לאנגזאם און גלייכמעסיג, אבער דערנאך, פון די שווערקייט פון'ם וואסער וואס איז שוין אריין, לאזט זיך די כלי שנעל ארונטער און נעהמט אריין כמעט מיט איין מאל דאס גאנצע וואסער וואס זי קען ענטהאל־טען".2) אויפ'ן זעלבען אופן וועט דער שטויס, וואס די איינצעל־נע וועלען געבען, ארויסרופען א בעוועגונג, וועלכע וועט געהן פארווערטס אלץ שנעלער און שנעלער, אלץ ברייטער און ברייטער, ווי א שטיק שניי וואס קייקעלט זיך פון בארג, ביז זי וועט מיטרייסען מיט זיך אויף איינמאל די מאסען, און די נייע לע־בענסארדנונג וועט ווערען איינגעפיהרט.3) דאן וועט אנקומען די צייט, „ווען אלע מענשען וועלען זיין ערפיעלט פון גאט, וועלען

1) מיין גלויבען, ז. 142־3. 2) דאס רייך גאטעס, ז. 92.
3) דארט, ז. 93.

ניט פיהרען קיין קריעג און וועלען זייערע שווערדען צוברעכען אויף אקעראייזען און זייערע שפיזען אויף שניידמעסערס" — דאָס הייסט אויף אונזער שפּראַך, ווען די תפיסות און פעסטונגען וועלען שטעהן לעדיג און די תליות, קאַנאָנען און געוועהר וועלען ארויסגעהן פון געברויך. און דאָס, וואָס האָט זיך צוערסט ארויסגעוויזען ווי א חלום, וועט געפינען זיין פערווירקליכונג אין די נייע פאָרמען פון לעבען".1)

---

1) דאָס רייך גאָטעס, ז. 102.



## צעהנטער קאפּיטעל.

# די אַנאַרכיסטישע לעהרען.

### 1. — אַלגעמיינעס.

מיר האָבען דאָ איצטער געגרייכט א שטאַנדפּונקט, אויף וועל־כען מיר קענען זיך שטעלען און געבען אַן איבערבליק איבער אלע אַנארכיסטישע לעהרען בכלל.

דער דאָזיגער איבערבליק איז מעגליך נור אויפ'ן פאָלגענדען אופן. ערסטענס מוז מען זעהען וואָס אָט די זיעבען אָנערקענטע אַנארכיסטישע לעהרען האָבען געמיינשאַפטליכעס צווישען זיך, און וואָס פאר בעזונדערקייטען עס געפינט זיך ביי יעדערער פון זיי. דאַן דארף מען בעטראַכטען ווי ווייט דאָס דאָזיגע געמיינ־שאַפטליכע פון די זיעבען לעהרען איז גליך צו דאָס וואָס אלע אַנארכיסטישע לעהרען בכלל האָבען געמיינשאַפטליך צווישען זיך, און אויך ווי ווייט די בעזונדערקייטען פון די זיעבען לעהרען זיי־נען גליך צו די בעזונדערקייטען פון אלע אנארכיסטישע לעהרען בכלל.

כדי צו בעצייכענען די אויפגעפאַסטע איינגענשאַפטען פון די אַנארכיסטישע לעהרען זיינען, אויף ווי ווייט עס געהט, געברויכט געוואָרען די ווערטער וואָס זיינען פאראַן אויף דעם; וואו אָבער אזעלכע ווערטער זיינען לגמרי ניטאָ, האָט די נויט פון א פּינקט־ליכער בעצייכענונג געמוזט גובר זיין דעם ווידערווילען צו בויען נייע וואָרט־בנינים.

### 2. — גרונדלאַגע.

I. בנוגע צו זייער גרונדלאַגע האָבען די זיעבען לעהרען, וועלכע זיינען דאָ געגעבען געוואָרען, גאָר נישט געמיינשאַפטליכעס.

1. טיילווייז אַנערקענען זיי אלס דאָס העכסטע געזעץ פון מענשליכע פיהרונגען בלויז א נאַטור־געזעץ, וועלכעס אלס נאַטור־געזעץ, זאָגט אונז ניט וואָס עס זאָל געשעהען, נור וואָס עס וועט ווירקליך געשעהען; די לעהרען קען מען אַנרופען ג ע נ ע־ט י ש ע. טיילווייז ווידער בעטראַכטען זיי אלס העכסטעס גע־זעץ פון מענשליכע פיהרונגען א בעשטימטע נאָרמע, וועלכע זאָגט אונז יאָ וואָס עס זאָל געשעהען ,ווען אפילו אין דער ווירקליכקייט וועט עס קיינמאָל ניט געשעהען; אָט די לעהרען קען מען אַנרו־פען ק ר י ט י ש ע. באַקונין'ס און קראָפּאָטקין'ס לעהרען זייי־נען גענעטישע: פאַר באַקונין איז דאָס העכסטע געזעץ פון מענש־ליכע פיהרונגען דאָס ענטוויקלונגסגעזעץ פון'ם פּאָרטשריט פון דער מענשהייט פון א וועניגער פאָלקאָמענער ביז צו א העכסט פאָלקאָמענער עקזיסטענץ; פאַר קראָפּאָטקין איז עס — דאָס ענט־וויקלונגסגעזעץ פון איהר פּאָרטשריט פון א וועניגער גליקליכער עקזיסטענץ ביז צו א העכסט גליקליכער. קריטיש זיינען די לעה־רען פון גאָדווין, פּרודאָן, שטירנער, טאָקער און טאָלסטאָי.

2. די קריטישע לעהרען זיינען ווידער טיילווייז אזעלכע, וואָס שטעלען אויף א געוויסע פ ל י כ ט אלס דאָס העכסטע גע־זעץ פון מענשליכע פיהרונגען, און די פליכט איז אליין דער לעצ־טער צוועק: אָט די לעהרען קען מען בעצייכענען אלס א י ד ע־א ל י ס ט י ש ע. טיילווייז זיינען זיי אזעלכע, וואָס שטעלען אויף דאָס ג ל י ק אלס דאָס העכסטע געזעץ פון מענשליכע פיהרונגען, און אלע פליכטען זיינען נור מיטלען צו דעם גליק: די לעהרען קענען הייסען א י י ד ע מ אָ נ י ס ט י ש ע. אידעאַליסטיש זיי־נען די לעהרען פון פּרודאָן און טאָלסטאָי: פּרודאָן שטעלט אויף די פליכט פון גערעכטיגקייט אלס דאָס העכסטע געזעץ פון מענש־ליכע פיהרונגען, טאָלסטאָי — די פליכט פון ליעבע. איידעמאָ־ניסטיש זיינען די לעהרען פון גאָדווין, שטירנער און טאָקער.

3. די איידעמאָניסטישע לעהרען ווידער בעטראַכטען אלס

דאָס העכסטע געזעץ פון מענשליכע פיהרונגען ענטוועדער דאָס גליק פון כלל, וואָס דער איינצעלנער דאַרף זוכען צו פערמעהרען, ניט נעהמענדיג אין בעטראַכט זיין אייגען גליק; די לעהרען קען מען בעצייכענען אלס אלטרואיסטישע. אָדער זיי האַלטען אלס העכסטעס געזעץ פון מענשליכע פיהרונגען דאָס גליק פון דעם איינצעלנעם, צו וואָס מען דאַרף שטרעבען, הייסט עס, גאָר ניט אכטענדיג אויף דאָס וואָהלזיין פון כלל; די לעהרען קען מען אָנרופען עגאָיסטישע. אלטרואיסטיש איז גאָדווין'ס לעהרע, עגאָיסטיש זיינען שטירנער'ס און טאָקער'ס לעהרען.

II. בנוגע צו דעם פונקט פון געמיינשאַפטליכקייט אין זייער גרונדלאַגע, קען מען די זיעבען אָנערקענטע אנאַרכיסטישע לעהרען, וועלכע מיר האָבען דאָ קלאָרגעשטעלט, בעטראַכטען אלס גלייכע מיט אלע אָנערקענטע אנאַרכיסטישע לעהרען בכלל. זיי האָבען ניט אין זייער גרונדלאַגע קיין געמיינשאַפטליכעס; און עס פערשטעהט זיך דעריבער, אז די אָנערקענטע אנאַרכיסטישע לעהרען בכלל קענען אין זייער גרונדלאַגע אודאי ניט האָבען קיין געמיינשאַפטליכעס צווישען זיך.

און וואָס עס איז שייך צו די בעזונדערקייטען, וואָס די לעהרען ווייזען ארויס בנוגע צו זייער גרונדלאַגע, קען מען זיי איבערהויפט שטעלען גלייך מיט אלע אנאַרכיסטישע לעהרען בכלל. די בעזונדערקייטען, וועלכע זיינען פערטרעטען ביי זיי, קענען צונויפגעשטעלט ווערען אין א סיסטעם, וואָס האָט מעהר קיין פּלאַץ ניט פאַר נאָך אנדערע אויך אַזעלכע בעזונדערקייטען, סיידען נור פאַר אַזעלכע וואָס קענען אריינגענומען ווערען אין כלל פון די. קיין אנאַרכיסטישע לעהרע קען דעריבער ניט האָבען קיין בעזונדערקייט וואָס קען ניט אריינגעהן אין כלל פון די דאָזיגע, וועלכע די זיעבען לעהרען ווייזען ארויס.

עס הייסט אַלזאָ, וואָס עס איז ריכטיג בנוגע צו אָט די זיעבען לעהרען, דאָס איז אויך ריכטיג פאַר די אנאַרכיסטישע לעהרען בכלל. זיי האָבען אין זייער גרונדלאַגע גאָר ניט געמיינשאַפט־

ליכעם און קענען לויט זייערע חלוקים נאָך איינגעטיילט ווערען אַט אזוי: *)

| קריטישע לעהרען | | | גענעטישע לעהרען |
|---|---|---|---|
| איידעמאָניסטישע | | | |
| עגאָיסטישע | אַלטרואיסטישע | אידעאַליסטישע | |
| שטירנער<br>טאָקער | גאָדווין | פּרודאָן<br>טאָלסטאָי | באַקונין<br>קראָפּאָטקין |

### 3. — געזעץ.

I. אין זייער שיכות צום געזעץ אָדער רעכט — דאָס הייסט צו יענע נאָרמען, וועלכע זיינען בעגרינדעט אויף דעם ווילען פון מענשען עס זאָל אָבגעהיט ווערען אין דעם קרייז צו וועלכען זיי

*) פאַר אַ וויסענשאַפטליכען איבערבליק איבער די אַנאַרכיסטישע לעהרען איז אַ קלאַסיפיקאַציע אודאי אַ נויטיגע זאַך, כדי דער פרעמדער מענש זאָל זיך קענען בעסער אָריענטירען אין אַ ענין וואָס איז איהם אונבעקאַנט. אָבער, ווי קראָפּאָטקין זאָגט (אין זיין פאָררעדע), יעדע קלאַסיפיקאַציע האָט איהרע פעהלערען, און אזוי אויך דעם פערפאַסער'ס. אויב אַ נאַטור־געזעץ, ווי דער אמת איז, זאָגט אונז ניט, וואָס עס זאָל געשעהן, נור וואָס עס ו ו ע ט געשעהן, דאַן איז עס ניט ריכטיג צו בעהויפּטען, אַז באַקונין און קראָפּאָטקין אָנערקענען „אַלס דאָס העכסטע געזעץ פון מענשליכע פיהרונגען ב ל ו י ז אַ נ אַ ט ו ר־ג ע ז ע ץ". כדי אָנצו־ווייזען די מענשען אויף דעם גאַנג פון אַ נאַטור־געזעץ, ווי גראַוויטאַציאָן למשל, וואָלט באַקונין קיינמאָל ניט

נעהערען א געוויסער רעגעל פון אויפפיהרונג — האָבען די זיעבען לעהרען, וואָס זיינען דאָ פאָרגעשטעלט געוואָרען, גאָרנישט גע־מיינשאַפטליכעס.

1. א טייל פון זיי נעגירען (זיינען מבטל) דאָס געזעץ פאר אונזער צוקונפט; די דאָזיגע לעהרען קען מען אָנרופען א נ אַ־מ י ס ט י ש ע. דער אנדער טייל בעשטעטיגט דאָס געזעץ פאר אונזער צוקונפט; די לעהרען קען מען אָנרופען נ אָ מ י ס ט י ש ע. אנאָמיסטיש זיינען די לעהרען פון גאָדווין, שטירנער, טאָלסטאָי; נאָמיסטיש זיינען די לעהרען פון פרודאָן, באקונין, קראָפּאָטקין און טאָקער.

קיין גענויערע דעפיניציאָן ווי די דאָזיגע לאָזט זיך אין דעם פּרט ניט געבען. וואָרים אי דאָס מבטל זיין, אי דאָס בעשטעטיגען פון געזעץ פאר אונזער צוקונפט האָבען גאַנץ פערשיידענע בעדיי־טונגען ביי די אַלע פערשיידענע לעהרען.

דאָס מבטל זיין דאָס געזעץ פאר אונזער צוקונפט האָט ביי גאָדווין און שטירנער דעם זין פון אָפּשאַפען דאָס געזעץ לחלוטין, אָהן שום תנאים, פאר איצט ווי פאר דער צוקונפט: ביי גאָדווין,

---

פאָרגעשלאָגען קיין קאָנספּיראַטיווע געזעלשאַפטען, און קראָפּאָטקין וואָלט קיינמאָל ניט בערעכטיגט קיין פּראָפּאַגאַנדאַ דער מחאָט.

גיכער וואָלט מען קענען געפינען אַ קרובה׳שאַפט צווישען פּרו־דאָן׳ס געזעץ פון גערעכטיגקייט און טאָקער־שטירנער׳ס געזעץ פון אייגעננוצען מיט באַקונין׳ס געזעץ פון פאָלקאָמענהייט און קראָפּאָטקין׳ס געזעץ פון גליקליכקייט — יעדער איינער בעטראַכטענדיג זיין „געזעץ" אַלס דעם ע צ ם ב ע ו ו ע ג ע ר פון דער מענשליכער טעטיגקייט. בעת גאָדווין און זיין פליכט פון טובת הכלל איז אַ ריכטיגער שדוך מיט טאָלסטאָי׳ס פליכט פון ליעבע.

מען דאַרף אויך זיין שוין צו־שטרענג־וויסענשאַפטליך צו בע־הויפּטען, אַז בנוגע זייער גרונדלאַגע האָבען אַט די זיעבען „ג אָ ר נ י ט ג ע מ י י נ ש אַ פ ט ל י כ ע ס" צווישען זיך.

דער איבערזעצער.

ווייל עס געהט אלעמאל און אומעדום להיפך צום גליק פון כלל; ביי שטירנער, ווייל עס געהט אלעמאל און אומעדום להיפך צום גליק פון יחיד.

ביי טאָלסטאָי האָט עס דעם זין אז ער פערוואַרפט דאָס געזעץ פאר דער צוקונפט, אָבער ניט לחלוטין; ווייל הגם דאָס געזעץ איז ניט אין אלע צייטען און אלע ערטער דערווידער דער ליעבע, איז עס אָבער אונטער אונזערע פערהעלטעניסען מעהר יאָ איידער ניט דערווידער צו איהר.

דאָס בעשטעטיגען דאָס געזעץ פאר אונזער צוקונפט ביי פרודאָן און טאָקער הייסט, אז זיי האַלטען אָהן תנאים, און בכן אויך פאר אונזער צוקונפט, פון געזעץ בעצם, אָבער אודאי ניט פון יעדער בעזונדער געשטאַלטונג פון געזעץ: פרודאָן, ווייל דאָס געזעץ בעצם געהט קיינמאָל ניט און אין ערגעץ ניט להיפך צו דער גערעכטיגקייט; טאָקער, ווייל בעצם שטערט עס קיינמאָל ניט און אין ערגעץ ניט דאָס גליק פון איינצעלנעם.

צולעצט, ביי באַקונין און קראָפּאָטקין האָט די בעשטעטיגונג פון געזעץ די בעדייטונג, אז זיי זעהען פאָראויס, דאָס דער פאָרטשריט פון ענטוויקלונג וועט דעם עצם געזעץ, הגם ניט זיין איצטיגע בעזונדערע געשטאַלטונג, אין דער צוקונפט לאָזען בעשטעהן: באַקונין מיינט דערביי דעם פאָרטשריט פון דער מענשהייט פון א װעניגער פאָלקאָמענעם ביז צום העכסט פאָלקאָמענעם צושטאַנד; קראָפּאָטקין — איהר פאָרטשריט פון א װעניגער גליקליכען ביז צום העכסט גליקליכען צושטאַנד.

2. די אנאַמיסטישע לעהרען שיידען זיך אויך פונאנדער בנוגע צו דאָס, וואָס זיי בעשטעטיגען פאר אונזער צוקונפט אין נעגענזאַץ צום געזעץ — און טאַקי אין דעמזעלבען פערשיידענעם זין, אין וועלכען זיי זיינען מבטל דאָס געזעץ פאר דער צוקונפט.

נאָך גאָדווין נאָך דארף אין דער צוקונפט אַנשטאָט דאָס רעכט (געזעץ) דאָס גליק פון כלל זיין א געזעץ פאר'ן מענישען.

נאָך שטירנער נאָך דארף אין דער צוקונפט אַנשטאָט דאָס רעכט דאָס אייגענע גליק זיין א געזעץ פאר'ן מענשען.

נאך טאלסטאי נאך דארף אין דער צוקונפט אנשטאט דאס רעכט די ליעבע זיין א געזעץ פאר׳ן מענשען.

3. די נאמיסטישע לעהרען פון דער אנדער זייט שיידען זיך פונאנדער בנוגע צו דער בעזונדערער געשטאלטונג פון געזעץ, וועלכע זיי בעשטעטיגען פאר אונזער צוקונפט.

נאך טאקער נאך דארף אפילו אין דער צוקונפט זיין גע־מאכטע געזעץ, ביי וועלכע דער ווילען וואס האט זיי געשאפען איז אויסדריקליך דערקלערט געווארען, אזוי גוט ווי ניט־געמאכטע גע־זעץ, ביי וועלכע אזא אויסדריקליכע דערקלערונג פון דעם דאזיגען ווילען איז ניט פאראנען.

נאך באקונין און קראפאטקין וועלען זיין אין דער צוקונפט נור ניט־געמאכטע געזעץ.

נאך פרודאן נאך דארף אין דער צוקונפט זיין נור די איינ־ציגע רעכטס־נארמע, אז אבמאכען מוזען אבגעהיט ווערען.

II. אין פרט פון דער געמיינשאפטליכקייט, וואס די זיע־בען אנערקענטע אנארכיסטישע לעהרען האבען צווישען זיך בנוגע צום געזעץ, זיינען זיי גלייך מיט אלע אנערקענטע אנארכיסטישע לעהרען בכלל: זיי האבען אין זייער פערהאלטען זיך צום געזעץ גאר ניט געמיינשאפטליכעס. עס פערשטעהט זיך, אז אלע אנער־קענטע אנארכיסטישע לעהרען בכלל קענען אין פרט פון געזעץ נאך וועניגער געמיינשאפטליכעס האבען צווישען זיך.

היינט ווייטער, בנוגע צו די בעזונדערקייטען, וועלכע די פאר־געשטעלטע לעהרען קענען אויפווייזען אין זייער פערהאלטען זיך צום געזעץ, זיינען זיי אודאי גלייך מיט אלע אנארכיסטישע לעה־רען בכלל. די בעזונדערקייטען, וועלכע זיינען פערטרעטען ביי זיי, קענען צונויפגעשטעלט ווערען אין א סיסטעם, וואס האט מעהר קיין פלאץ ניט פאר נאך אנדערע אויך אזעלכע בעזונדערקייטען, סיידען נור פאר אזעלכע וואס קענען אריינגענומען ווערען אין כלל פון די. קיין אנארכיסטישע לעהרע קען דעריבער ניט האבען קיין בעזונדערקייט, וואס קען ניט אריינגעהן אין כלל פון די דאזיגע, וועלכע די זיעבען לעהרען ווייזען ארויס.

עס הייסט אַלזאָ, וואָס עס איז ריכטיג בנוגע צו אַט די זיע־בען לעהרען, דאָס איז אויך ריכטיג פאר די אנארכיסטישע לעהרען בכלל. אין זייער פערהאלטען זיך צום געזעץ האָבען זיי גאָר ניט געמיינשאפטליכעס און, לויט זייערע חלוקים נאָך, קענען זיי איינ־געטיילט ווערען אָט אזוי :*)

| נאָמיסטישע לעהרען | אַנאָמיסטישע לעהרען |
| --- | --- |
| פרודאָן | גאָדווין |
| באקונין | שטירנער |
| קראפאָטקין | טאָלסטאָי |
| טאָקער | |

## 4. — שטאאט.

I. בנוגע צום שטאאט — דאָס הייסט, צו דער דאָזיגער גע־זעץ־פערהעלטנים, אין קראפט פון וועלכער עס בעשטעהט אויף א געוויסען געביעט א העכסטע אויטאָריטעט — האָבען די זיעבען בעשריעבענע לעהרען עטוואָס געמיינשאפטליכעס צווישען זיך.

---

*) דעם פערפאַסער'ס טרוקענע דעפיניציאָן פון געזעץ אָדער רעכט קען אפשר בערעכטיגען אָט די שטייפע קלאַסיפיקאַציע; די אָנגעגעבע־נע זיעבען לעהרען אָבער האָבען אַזאַ דעפיניציאָן ווי זיינע זיכער ניט געהאַט אין אויג. קוקט מען זיך איין אַ האָרעלע טיעפער אין גאָדווין'ס לעהרע, פערשווינדט יעדער חלוק צווישען איהם און קראפאָטקין; לעזט מען טאָקער, זעהט מען אין איהם נור אַ לאָגישע ענטוויקלונג פון שטיר־נער און פרודאָן: הצד השוה ביי אַלעמען פון זיי איז — פריוווי־ליגע אָבמאַכען אַנשטאָט מאַיאָריטעט אָדער רעגירונגס־געזעץ. אין דעם זין זיינען זיי זיכער אַלע איינ־שטימיג בכלל. דער איבערזעצער.

1. זיי האָבען אָט דאָס צווישען זיך געמיינשאַפטליך, וואָס זיי זיינען מבטל דעם שטאַאט פאַר אונזער צוקונפט.

קיין גענויערע דעפיניציאָן ווי די דאָזיגע לאָזט זיך אין דעם פּרט ניט געבען. וואָרים דאָס מבטל זיין דעם שטאַאט פאַר אונזער צוקונפט האָט ביי זיי א גאַנץ פערשיידענעם זין.

דאָס מבטל זיין דעם שטאַאט פאַר אונזער צוקונפט בעטייט ביי גאָדווין, שטירנער, טאָקער און פּרודאָן, אז זיי פערוואַרפען דעם שטאַאט אָהן תנאים, און ממילא אויך פאַר אונזער צוקונפט: גאָדווין, ווייל דער שטאַאט שאַדט אימער און אומעדום דאָס גליק פון כלל; שטירנער און טאָקער, ווייל ער שאַדט אימער און אומעדום דאָס גליק פון יחיד; פּרודאָן, ווייל דער שטאַאט איז אין אלע צייטען און אין אלע ערטער סותר די גערעכטיגקייט.

ביי טאָלסטאָי האָט עס דעם זין, אז ער פערוואַרפט דעם שטאַאט פאַר אונזער צוקונפט, אָבער ניט לחלוטין; ווייל הגם דער שטאַאט איז ניט אין אלע צייטען און אלע ערטער דערווידער דער ליעבע, איז ער אָבער אונטער אונזערע פערהעלטניסען מעהר יא איידער ניט דערווידער צו איהר.

און צולעצט ביי באַקונין און קראָפּאָטקין בעטייט דאָס מבטל זיין דעם שטאַאט פאַר אונזער צוקונפט, אז זיי זעהען פאָראויס, דאָס דער פאָרטשריט פון ענטוויקלונג וועט אין אונזער צוקונפט אָבשאַפען דעם שטאַאט: באַקונין מיינט דערביי דעם פאָרטשריט פון דער מענשהייט פון א ווענינער פאָלקאָמענעם צושטאַנד ביז צו א העכסט פאָלקאָמענעם; קראָפּאָטקין — איהר פאָרטשריט פון א ווענינער גליקליכען ביז צו א העכסט גליקליכען צושטאַנד.

2. אין פּרט פון דאָס וואָס זיי בעשטעטיגען פאַר אונזער צוקונפט אין נעגענזאַץ צום שטאַאט — אויך אין דעמזעלבען פערשיידענעם זין, אין וועלכען זיי זיינען מבטל דעם שטאַאט פאַר אונזער צוקונפט — האָבען די דאָזיגע זיעבען קלאָרגעשטעלטע לעהרע׳ גאָר נישט געמיינשאַפטליכעס צווישען זיך.

א טייל פון זיי בעשטעטיגט פאַר אונזער צוקונפט אין געגענזאַץ צום שטאַאט א געזעלשאַפטליך צוזאַמענלעבען פון מענשען

אין א פּריוויליגער רעכטס־שיכות, לויט דער רעכטס־נאָרמע, אז אָבמאכען מוזען אָבגעהיט ווערען: אָט די לעהרען קענען הייסען פ ע ד ע ר א ל י ס ט י ש ע. און אנדער טייל בעשטעטיגט פאר אונזער צוקונפט אין געגענזאץ צום שטאאט א געזעלשאפטליך צו־זאמענלעבען פון מענשען גאָר אָהן וועלכער עס איז רעכטס־פער־העלטנים — ד. ה. לויט דעמזעלבען פּרינציפּ וואָס זיי בעשטעטיגען פאר אונזער צוקונפט אין געגענזאץ צום געזעץ: אָט די לעהרען קען מען אָנרופען ס פּ אָ נ ט א נ י ס ט י ש ע. פעדעראליסטיש זיינען די לעהרען פון פּרודאָן, באקונין, קראָפּאָטקין און טאָקער; ספּאָנטאניסטיש זיינען די לעהרען פון גאָדווין, שטירנער און טאָלסטאָי.

3. די ספּאָנטאניסטישע לעהרען שיידען זיך ווידער פונאנ־דער לויט דעם ניט־געזעצליכען פּרינציפּ, וועלכען זיי בעשטעטיגען אין נעגענזאץ צום שטאאט אלס די גרונדלאגע פון דעם געזעלשאפט־ליך צוזאמענלעבען פון די מענשען פאר אונזער צוקונפט.

נאָך גאָדווין נאָך דארף אנשטאָט דעם שטאאט זיין א געזעל־שאפטליך צוזאמענלעבען פון מענשען, וואָס איז געבויט אויפ'ן פּרינ־ציפּ, אז דאָס גליק פון כלל איז פאר יעדען איינעם א הויפּטגעזעץ.

נאָך שטירנער נאָך דארף אנשטאָט דעם שטאאט זיין א גע־זעלשאפטליך צוזאמענלעבען פון מענשען, וואָס איז געבויט אויפ'ן פּרינציפּ, אז דאָס אייגענע גליק איז פאר יעדען איינעם א הויפּט־געזעץ.

נאָך טאָלסטאָי נאָך דארף אנשטאָט דעם שטאאט זיין א גע־זעלשאפטליך צוזאמענלעבען פון מענשען, וואָס איז געבויט אויף דעם פּרינציפּ, אז די ליעבע איז פאר יעדען איינעם א הויפּטגעזעץ.

II. אין פּרט פון דער געמיינשאפטליכקייט, וואָס די זיע־בען אָנערקענטע אנארכיסטישע לעהרען האָבען צווישען זיך בנוגע צום שטאאט, זיינען זיי גלייך מיט אלע אָנערקענטע אנארכיסטישע לעהרען בכלל. זיי האָבען אין זייער שטעלונג צום שטאאט נור דאָס איינציגע געמיינשאפטליך צווישען זיך, וואָס זיי זיינען דעם שטאאט מבטל (און דאָס אויך ניט אלע אין איין זין) פאר אונזער צוקונפט. אזויפיעל האָבען אלע אָנערקענטע אנארכיסטישע לעהרען געמיינ־

שאפּטליכעס צווישען זיך; ווען מען בעטראַכט וועלכע עס איז אַנערקענטע אנאַרכיסטישע לעהרע, צייגט זיך ארויס אז סיי אין איין זין, סיי אין אנאַנדערן איז זי מבטל דעם שטאַאט פאַר אונזער צוקונפט.

היינט ווידער, בנוגע צו די בעזונדערקייטען, וועלכע די פאַרגעשטעלטע לעהרען קענען אויפווייזען אין זייער פערהאַלטען זיך צום שטאַאט, זיינען זיי אודאי גלייך מיט אלע אנאַרכיסטישע לעהרען בכלל. די בעזונדערקייטען, וועלכע זיינען פאַרטרעטען ביי זיי, קענען צונויפגעשטעלט ווערען אין א סיסטעם, וואָס האָט מעהר קיין פּלאַץ ניט פאַר נאָך אנדערע אויך אַזעלכע בעזונדערקייטען, סיידען נור פאַר אזעלכע וואָס קענען אריינגענומען ווערען אין כלל פון די. קיין אנאַרכיסטישע לעהרע קען דעריבער ניט האָבען קיין בעזונדערקייט, וואָס קען ניט אריינגעהן אין כלל פון יענע, וועלכע די זיעבען לעהרען ווייזען ארויס.

וואָס עס איז ריכטיג בנוגע צו די זיעבען בעשריעבענע לעהרען, דאָס איז אַלזאָ אויך ריכטיג פאַר די אנאַרכיסטישע לעהרען בכלל. אין זייער פערהאַלטען זיך צום שטאַאט האָבען זיי דאָס דאָזיגע געמיינשאַפטליך צווישען זיך, וואָס זיי זיינען אלע מבטל דעם שטאַאט פאַר אונזער צוקונפט; לויט די פערשידענהייטען אָבער פון דאָס וואָס זיי בעשטעטיגען פאַר אונזער צוקונפט אין נגענגזאַץ צום שטאַאט, קען מען זיי איינטיילען אויף אָט דעם אופן:*)

| פעדעראַליסטישע לעהרען | ספּאָנטאַניסטישע לעהרען |
|---|---|
| פּרודאָן | נאָדווין |
| באַקונין | שטירנער |
| קראָפּאָטקין | טאָלסטאָי |
| טאָקער | |

*) אין אָט דער גרופּירונג איז וועדטה צו בעמערקען, אז גראָד

## 5. — אייגענטום.

I. בנוגע צום אייגענטום — דאָס הייסט, צו דער רעכט־שיכות, אין קראַפט פון וועלכער איינער פון א גרופע מענשען האָט דאָס אויסשליסליך רעכט ענדליך צו שאַפען איבער עפּעס א זאַך — האָבען די זיעבען פאָרגעשטעלטע לעהרען גאָר ניט געמיינשאַפטליכעס צווישען זיך.

1. איין טייל פון זיי איז מבטל פאר אונזער צוקונפט דאָס אייגענטום; אָט די לעהרען קען מען בעצייכענען מיט'ן נאָמען א י נ ד ר אָ מ י נ י ס ט י ש ע. אנאנדער טייל בעשטעטיגט דאָס אייגענטום פאר אונזער צוקונפט; די לעהרען קען מען אָנרופען ד אָ מ י נ י ס ט י ש ע. אינדראָמיניסטיש זיינען די לעהרען פון גאָדווין, פּרודאָן און טאָלסטאָי; דאָמיניסטיש זיינען די לעהרען פון באַקונין, קראָפּאָטקין און טאָקער.

קיין גענויערע דעפיניציאָן מכח דעם, וואָס די דאָמיניסטישע לעהרען פון איין זייט און די אינדראָמיניסטישע פון דער אנדער זייט האָבען צווישען זיך געמיינשאפטליך, און וואָס פאר א חילוקים זיי האָבען איינע געגען די אנדערע, קען ניט געגעבען ווערען. וואָרים דאָס בעשטעטיגען, אזוי גוט ווי דאָס מבטל זיין דאָס אייגענטום פאר אונזער צוקונפט, האָט אין די פערשיידענע לעהרען א גאַנץ פערשיידענעם זין.

דאָס מבטל זיין דאָס אייגענטום פאר אונזער צוקונפט האָט ביי גאָדווין, שטירנער און פּרודאָן די בעדייטונג, אז זיי פערוואַרפען דאָס אייגענטום גאָר אָהן תנאים, און בכן אויך פאר אונזער צוקונפט: גאָדווין, ווייל דאָס אייגענטום געהט אימער און

די דריי — גאָדווין, שטירנער און טאָלסטאָי — וועלכע האָבען זייערע לעהרען ניט אָנגערופען אנאַרכיזם, קענען פערדיענען דעם נאָמען ספּאָנטאַניסטישע, אין דעם זין וואָס זיי גיבען ניט קיין בעשטימטען פּרינציפּ פון צוקונפטיגען געזעלשאַפטליכען לעבען; בעת די איבעריגע פיער קלאָר־אויסגעשפּראָכענע אַנאַרכיסטישע לעהרען זיינען אַלע איינ־ניג אין דעם פּרינציפּ פון פעדעראַליזם. דער איבערזעצער.

אומעדום להיפך צום גליק פון כלל; שטירנער, ווייל עס געהט אימער און אומעדום להיפך צום גליק פון יחיד, און פרודאָן, ווייל עס איז אימער און אומעדום סותר די גערעכטיגקייט.

ביי טאָלסטאָי האָט דאָס מבטל זיין פון אייגענטום דעם זין, אז ער פערוואַרפט עס פאר אונזער צוקונפט, אָבער ניט אונבעדינגט; ווייל הגם דאָס אייגענטום איז ניט אין אלע צייטען און אלע ערטער דערווידער דער ליעבע, איז עס אָבער אונטער אונזערע פערהעלטעניסען מעהר יאָ איידער ניט דערווידער צו איהר.

ביי טאַקער בעטייט דאָס בעשטעטיגען פון אייגענטום, אז ער האַלט אָהן תנאים און בכן אויך פאר אונזער צוקונפט פון אייגענטום אין עצם, אָבער אודאי ניט פון יעדער געשטאַלטונג פון אייגענטום, ווייל אייגענטום געהט קיינמאָל און אין ערגעץ ניט להיפך צום גליק פון איינצעלנעם.

און צולעצט, ביי באַקונין און קראָפּאָטקין הייסט די בעשטעטיגונג פון אייגענטום פאר אונזער צוקונפט, אז זיי זעהען פאָראויס, דאָס דער פאָרטשריט פון ענטוויקלונג וועט אין דער צוקונפט לאָזען בלייבען דעם עצם פון אייגענטום, הגם ניט די איצטיגע בעזונדערע געשטאַלטונג זיינע: באַקונין מיינט דערביי דעם פאָרטשריט פון דער מענשהייט פון א ווייניגער פאָלקאָמענעם ביז צו א העכסט פאָלקאָמענעם צושטאַנד, קראָפּאָטקין — איהר פאָרטשריט פון א ווייניגער גליקליכען ביז צו א העכסט גליקליכען צושטאַנד.

2. די אינדאָמיניסטישע לעהרען שיידען זיך אויך פונאנדער בנוגע צו דאָס וואָס זיי בעשטעטיגען פאר אונזער צוקונפט אין געגענזאַץ צום אייגענטום — און טאַקי אין דעמזעלבען פערשיידענעם זין, אין וועלכען זיי זיינען מבטל דאָס אייגענטום פאר דער צוקונפט.

נאָך פרודאָן נאָך דאַרף אַנשטאָט דעם אייגענטום איינטרעטען א גיטערפערטיילונג, וועלכע ווערט בעשטימט דורך א פרייוויליגע רעכטס־פערהעלטנים און איז געבויט אויף דער רעכטס־נאָרמע, אז אָבמאכען מוזען אָבגעהיט ווערען.

נאָך גאָדווין, שטירנער און טאָלסטאָי דאַרף אַנשטאַט דעם אייגענטום איינטרעטען א גיטער־פערטיילונג, וואָס ווערט ניט בעשטימט דורך קיין רעכט־שיכות, און איז גיכער געבויט אויף דעמזועלבען אויפפיהרונגס־רעגעל, וועלכען זיי בעשטעטיגען אין געגענזאַץ צום געזעץ.

נאָך גאָדווין נאָך, הייסט עס, זאָל די גיטערפערטיילונג, וואָס וועט קומען אויפ'ן אָרט פון אייגענטום, זיין געבויט אויף די פאָר־שריפטען, וואָס דאָס גליק פון כלל איז יעדען איינעם מחייב.

נאָך שטירנער נאָך זאָל זי זיין געבויט אויף די פאָרשריפטען וואָס דאָס אייגענע גליק איז יעדען איינעם מחייב.

נאָך טאָלסטאָי נאָך זאָל זי זיין געבויט אויף די פאָרשריפ־טען, וואָס די ליעבע איז יעדען איינעם מחייב.

3. די דאָמיניסטישע לעהרען פון זייער זייט שיידען זיך אונטער לויט דער בעזונדערער פאָרם פון אייגענטום, וואָס זיי בעשטעטיגען פאר אונזער צוקונפט.

נאָך טאָקער נאָך דאַרף אָהן אונטערשייד אויך אין דער צו־קונפט זיין אי אייגענטום פון דעם יחיד, אי אייגענטום פון דעם כלל. די לעהרע קען מען אָנרופען א י נ ד י ו י ד ו א ל י ס־ט י ש.

נאָך באַקונין נאָך וועט נור אין קאָנזומציאָנס־מיטלען, דאָס הייסט, אין זאכען וואָס דיענען צום פערברויך, זיין אָהן אונטער־שייד אי אייגענטום פון יחיד, אי אייגענטום פון כלל; דאגעגען אָבער אין די פראָדוקציאָנסמיטלען, ד. ה. אין די זאכען וואָס דיענען צו שאַפען פראָדוקטען, וועט נור זיין אייגענטום פון כלל. אָט די לעהרע קען מען אָנרופען ק אָ ל ע ק ט י ו י ס ט י ש.

נאָך קראָפּאָטקין נאָך וועט אין דער צוקונפט זיין אין אלע זאכען אָהן אונטערשייד נור אייגענטום פון כלל. די לעהרע קען הייסען ק אָ מ ו נ י ס ט י ש.

II. אין פּרט פון געמיינשאַפטליכקייט צווישען די זיבען אָנערקענטע אנאַרכיסטישע לעהרען בנוגע צום אייגענטום, זיינען זיי גלייך מיט אלע אָנערקענטע אנאַרכיסטישע לעהרען בכלל: זיי

האָבען אין זייער שטעלונג צום אייגענטום גאָרנישט געמיינשאַפט־ליכעס. עס פערשטעהט זיך, אז אלע אָנערקענטע אַנארכיסטישע לעהרען בכלל קענען אין זייער שטעלונג צום אייגענטום אודאי גאָר נישט האָבען געמיינשאַפטליכעס.

היינט ווידער בנוגע צו די בעזונדערקייטען, וועלכע די פאָרגעשטעלטע לעהרען קענען אויפווייזען אין זייער פערהאלטען זיך צום אייגענטום, זיינען זיי אודאי גלייך מיט אלע אנארכיס־טישע לעהרען בכלל. די בעזונדערקייטען וועלכע זיינען פערטרע־טען ביי זיי קענען צונויפגעשטעלט ווערען אין א סיסטעם :וואָס האָט מעהר קיין פּלאַץ ניט פאר נאָך אנדערע אויך אַזעלכע בעזונדער־קייטען, סיידען נור פאר אזעלכע, וואָס קענען ארייננענומען ווע־רען אין כלל פון די. קיין אַנארכיסטישע לעהרע קען דעריבער ניט האָבען קיין בעזונדערקייט וואָס קען ניט ארייננעהן אין כלל פון יענע, וועלכע די זיעבען לעהרען ווייזען ארויס.

וואָס עס איז ריכטיג בנוגע צו די זיעבען בעשריבענע לעה־רען, דאָס איז אלזאָ אויך ריכטיג פאר די אנארכיסטישע לעהרען בכלל. אין זייער שטעלונג צום אייגענטום האָבען זיי גאָר נישט געמיינשאַפטליכעס, און קענען איינגעטיילט ווערען לויט זייערע פערשידענהייטען אָט אזוי :*)

| אינדאָמיניסטישע לעהרען | דאָמיניסטישע לעהרען | | |
|---|---|---|---|
| | אינדיווידואַליס־טישע | קאָלעקטיוויס־טישע | קאָמוניסטישע |
| גאָדווין<br>פּרודאָן<br>שטירנער<br>טאָלסטאָי | טאָקער | באקונין | קראָפּאָטקין |

*) פאר די, וועלכע האָבען אַ שטיקעל ידיעה אין אַנאַרכיסטישע טעאָריעס, מוז פאַרקומען משונה'דיג צו דערזעהן קראָפּאָטקין אין דעם

## 6. — פערווירקליכונג.

1. בנוגע צו דעם אופן ווי זיי שטעלען זיך פאָר זייער פערווירקליכונג, — ד. ה. דעם איבערגאַנג פון דעם צושטאַנד וועלכען זיי זיינען מבטל צו דעם צושטאַנד וועלכען זיי בעשטעטיגען — האָבען די זיעבען פאָרגעשטעלטע לעהרען גאָר ניט געמיינשאַפטליכעס.

א טייל פון זיי שטעלען זיך פאָר זייער פערווירקליכונג אָהן געזעץ־איבערטרעטונג: זיי דענקען וועגען אן איבערגאַנג פון דעם איצטיגען צושטאַנד (וועלכען זיי נעגירען, זיינען מבטל, קורץ אָנגערופען: דעם נעגירטען צושטאַנד — מ.) צו דעם בעשטעטיגטען צושטאַנד נור דורך די אָנווענדונג פון רעכטס־נאָרמען פון דעם נעגירטען צושטאַנד. די לעהרען קען מען בעצייכענען אַלס רעפאָרמאַטאָרישע. רעפאָרמאַטאָריש זיינען די לעהרען פון גאָדווין און פּרודאָן. אַנאַנדער טייל פון זיי שטעלען זיך פאָר

קעסטעלע פון די בעשטעטיגער פון איגענטום, און פּרודאָן מיט שטירנער צווישען די פערלייקענער פון איגענטום. די ערקלערונג דערפון איז — דעם פּערפאַסער׳ס יורידיש־וויסענשאַפטליכע דעפיניציאָן פון איגענטום, וועלכע איז מטהר טמאים ומטמא טהורים.

פּרודאָן שרייט געוואַלטען, אַז עס איז איהם שוין מיאוס געוואָרען איבערצו׳חזר׳ן, אַז ער איז כלל וכלל ניט אויסען צו צערשטערן דאָס איגענטום, אַז „דאָס איגענטום, אויף ווי וויט זיין גרונדלאַגע און זיין אינהאַלט שטעלט צונויף די מענשליכע פּערזענליכקייט, וועט קיינמאָל ניט בטל ווערען. אַלס אַ שטענדיגער סטימול צו אַרבייט, אַלס אַ געגענקראַפט, אָהן וועלכער די אַרבייט וואָלט מאַט ווערען און שטאַרבען, מוז עס אייביג בלייבען אין מענשענ׳ס האַרץ“ — עס איז ארויסגעוואָרפען, טענה׳ט אונזער פּערפאַסער, הערט איהם ניט, זיין דעפיניציאָן איז ניט קיין ריכטיגע, לויט מיין דעפיניציאָן פערלייקענט ער דאָס איגענטום, און פּטור.

דערפאַר קראַפּאָטקין דער קאָמוניסט פון קאָמוניסטען, פאַר וועמען קיין מיין און דיין איז אויף דער וועלט ניטאָ, ביי

זייער פערווירקליכונג אלס אן איבערטרעטונג פון געזעץ: זיי דענקען, הייסט עס, ווענען אן איבערגאנג פון דעם נעגירטען צו דעם בעשטעטיגטען צושטאנד דורך אן איבערטרעטונג פון די רעכטס־נארמען פון דעם נעגירטען צושטאנד. די לעהרען קען מען אנרופען ר ע װ א ל ו צ י א נ ע ר ע. רעוואלוציאנער זיינען די לעהרען פון שטירנער, באקונין, קראפאטקין, טאקער און טאלסטאי.

קיין גענויערע דעפיניציאן מכח דעם, וואס די רעפארמאטא־רישע פון איין זייט און די רעוואלוציאנערע לעהרען פון דער אנ־דער זייט האבען צווישען זיך געמיינשאפטליך, און וואס פאר א חילוקים זיי האבען איינע געגען די אנדערע ,קען ניט געגעבען ווערען. ווארים ווי זיי זאלען זיך ניט דענקען דעם איבערגאנג פון דעם נעגירטען צו דעם בעשטעטיגטען צושטאנד, האט עס אין די פערשיידענע לעהרען א גאנץ פערשיידענעם זין.

ווען גאדווין, פרודאן, שטירנער, טאקער און טאלסטאי שטע־

---

וועמען יעדער נעהמט וויפיעל זיין הארץ גלוסט און גיט ווען און וויפיעל ער וויל — קראפאטקין האלט פון אייגענטום, ווייל עס שטימט מיט אונזער פערפאסער'ס דעפיניציאן!

שטירנער, וועלכער פייפט אויף אלע געזעץ־נארמען און אויף אלע דעפיניציאנען, זאגט אזוי שארף און אזוי שטרענג, „פריוהייט איז גאר נישט, אייגענטום איז אלעס; מיינס איז אלץ וואס איך קען נעהמען, דיינס איז אלץ וואס איך קען ניט אוועקנעהמען" — אט דער שטירנער שטעהט אין איין קעסטעלע מיט טאלסטאי אלס פערלייקענער פון אייגענטום!

בנוגע צום אייגענטום זיינען פאראן צוויי שולען אין'ם אנאר־כיזם: פרודאן און טאקער, וועלכע האלטען יא פון אייגענטום, קראפאטקין און זיינע פארגייער, וועלכע האלטען ניט פון אייגענטום. און דער פאקט גופא, וואס אט די צוויי אמת'ע שולען פון אנארכיזם קענען האבען אזעלכע געגענגעזעצטע מיינונגען בנוגע צום אייגענטום, איז א בעוויז אז ניט די בעשטעטיגונג, ניט די פערלייקענונג פון איי־גענטום איז אן עיקר פון אנארכיזם. דער איבערזעצער.

לען זיך פאר דעם איבערגאנג אויף א געוויסען וועג, הייסט עס אז זיי פאדערן מען זאל פארברייטען און ארבייטען פאר דעם איבערגאנג פון'ם פערוואָרפענעם צום בעשטעטיגטען צושטאנד אויף א געוויסען בעשטימטען אופן.

דאגעגען אבער ווען באקונין און קראפאטקין דענקען וועגען דעם איבערגאנג פון א נעגירטען צו א בעשטעטיגטען צושטאנד אויף א געוויסען אופן, בעטייט עס אז זיי זעהען פאראויס, דאס אין פארטשריט פון ענטוויקלונג וועט דער איבערגאנג פון א צושטאנד וואס מוז בטל ווערען צו א צושטאנד וואס מוז ווערען, פארקומען פון זיך אליין אויף א בעשטימטען אופן, און אלץ וואס זיי פאדערן איז נור מען זאל אויף א געוויסען אופן אט דעם איבערגאנג פארברייטען.*)

2. די רעוואלוציאנערע לעהרען אונטערשיידען זיך צווישען זיך אויף לויט דער פארם אין וועלכער זיי שטעלען זיך פאר, אז דאס איבערטרעטען פון געזעץ וועט מיטווירקען ביי דעם איבערגאנג פון דעם נעגירטען צו דעם בעשטעטיגטען צושטאנד.

אייניגע פון זיי שטעלען זיך פאר דאס אריבערטרעטען פון'ם געזעץ אהן אנווענדונג פון געוואלט; די לעהרען קען מען אנרו־

*) עס איז דאך מערקווירדיג, אז די איינציגע צוויי פון אלע אנארכיסטען, וועלכע, לויט דעם פערפאסער'ס אויסטייטשונג, שטעהען ווי א פאר וויסענשאפטס־נביאים און „זעהען נור פאראויס, אז אין פארטשריט פון ענטוויקלונג וועט דער איבערגאנג פארקומען פון זיך אליין אויף א בעשטימטען אופן", זאלען דוקא צוציהען צו זיך אזוי־פיעל אויפמערקזאמקייט פון דער פאליציי, בעת די „רעוואלוציאנערען" טאלסטאי און מאקער זאלען אזוי נעגליזשירט ווערען פון די וואכזאמע ארדנונגסהיטער. דער לעזער וועט מוזען אליינזעהן, אז דעם פערפאסער'ס טרחה צו געפינען אן איבעריגען חלוק צווישען באקונין־קראפאטקין און די אנדערע געפינט ניט קיין בערעכטיגונג אין די פאקטען פון דער אנארכיסטישער בעוועגונג.

דער איבערזעצער.

פען: רעניטענטע. רעניטענט זיינען די לעהרען פון טאָ־קער און טאָלסטאָי: טאָקער שטעלט זיך פאָר דאָס אריבערטרע־טען פון געזעץ הויפּטזעכליך אלס אן אָבזאָג צו צאָהלען שטייערן און רענט און א פערלעצונג פון דעם באנק־מאָנאָפּאָל; טאָלסטאָי — הויפּטזעכליך אלס אן אָבזאָג צו טון מיליטערישע און פּאָלי־צייליכע ארבייט, ווי אויך דיענען אלס געשוואָרענער אין געריכט און צאָהלען שטייערן.

אנדערע פון זיי שטעלען זיך פאָר דאָס אריבערטרעטען פון׳ם געזעץ, ביים איבערגאנג פון דעם נעגירטען צו דעם בעשטעטיגט׳ען צושטאנד, מיט אָנווענדונג פון געוואלט; די לעהרען קען מען אָנ־רופען אינסורגענטע. אינסורגענט זיינען די לעהרען פון שטירנער, באקונין און קראָפּאָטקין: שטירנער און באקונין שטע־לען זיך פאָר נור דעם איבערגאנג אליין אונטער אן אָנווענדונג פון געוואלט; קראָפּאָטקין אָבער שטעלט זיך פאָר די אָנווענדונג פון געוואלט אויך ביי דער פאָרברייטונג פון דעם איבערגאנג (פּראָפּאגאנדא דער טהאט).

II. אין פּרט פון געמיינשאפטליכקייט צווישען די בעשרי־בענע אָנערקענטע אנארכיסטישע לעהרען בנוגע צו זייער מיינונג וועגען דעם אופן פון זייער פערווירקליכונג, זיינען זיי גלייך מיט אלע אָנערקענטע אנארכיסטישע לעהרען בכלל: זיי האָבען אין דעם בעגריף וועגען דעם אופן פון פערווירקליכונג גאָרנישט גע־מיינשאפטליכעס. עס פערשטעהט זיך, אז אלע אָנערקענטע אנאר־כיסטישע לעהרען קענען דעריבער ניט האָבען קיין בעזונדערקייט, וואָס קען ניט אריינגעהן אין כלל פון יענע וועלכע די זיעבען לעה־רען ווייזען ארויס.

וואָס עס איז ריכטיג בנוגע צו די זיעבען בעשריבענע לעה־רען, דאָס איז אלזאָ אויך ריכטיג פאר די אנארכיסטישע לעה־

רען בכלל. אין זייער בעגריף וועגען דעם אופן פון פערווירקלי־כונג האָבען זיי גאָר נישט געמיינשאַפטליכעס און קענען איינגע־טיילט ווערען לויט זייערע פערשיידענהייטען אַט אַזוי:*)

| רעוואָלוציאָנערע לעהרען | | רעפאָרמאַטאָרישע לעהרען |
| --- | --- | --- |
| אינסורגענטע. | רעניטענטע | |
| שטירנער | טאָקער | גאָדווין |
| באַקונין | טאָלסטאָי | פרודאָן |
| קראָפּאָטקין | | |

*) עס איז שווער איינצושטימען מיט אַ קלאַסיפיקאַציע, וועל־כע רופט אָן טאָלסטאָי אַ רעוואָלוציאָנער און פרודאָן בלויז אַ רעפאָר־מאַטאָר. עס איז אויך שווער אָנצונעהמען דעם געדאַנק פון אַ רעוואָ־לוציאָנערער האַנדלונג אָהן דער אָנווענדונג פון געוואַלט. די איינטיי־לונג פון די רעוואָלוציאָנערע לעהרען אין אינסורגענטע און רעני־טענטע זעהט דעריבער אויס געקינסטעלט. פיעל איינפאַכער און ריכ־טיגער וואָלט דאַכט־זיך זיין איינצוטיילען אַלע אַנאַרכיסטישע לעהרען אין ערשטען פון זייער פּראַקטישער טאַקטיק אויף ר ע ו ו אָ ל ו צ י אָ נ ע־ר ע און פ ר י ע ד ל י כ ע, און שליסען דערפון, ניט אַז די אַנאַר־כיסטישע לעהרען „האָבען אין דעם בעגריף וועגען דעם אופן פון זער־ווירקליכונג גאָר ניט געמיינשאַפטליכעס“, נור אַז דער פונקט פון פער־ווירקליכונג, ד. ה. די טאַקטיק, איז ניט קיין עיקר אין׳ם אַנאַרכיזם, הגם זעהר אַ וויכטיגע פראַגע פאַר יעדער צייט און יעדען אָרט בע־זונדער. דער איבערזעצער.



## עלפטער קאפיטעל.

# דער אַנאַרכיזם און זיינע מינים.

### I. — טעות'ן מכח דעם אַנאַרכיזם און זיינע מינים.

איצטער איז שוין מעגליך צו פטר'ן איינינגע פון די צאָהלרייכע טעות'ן מכח דעם אנארכיזם און זיינע מינים.

1. מען זאָגט, אז דער אנארכיזם האָט אָבגעשאפט די מאָראל און בעגרינדעט זיך אויף דעם וויסענשאפטליכען מאטעריאליזם,1) אז זיין געזעלשאפטס־אידעאל איז געבויט אויף זיין אייגענטימליכען בעגריף וועגען די געשיכטליכע פאסירונגען.2) — ווען דאָס וואָלט געווען ריכטיג, וואָלטען געמוזט די לעהרען פון גאָדווין, פרודאָן, טאָקער, טאָלסטאָי, ווי אויך זעהר פיעל אנדערע אָנערקענטע אנארכיסטישע לעהרען, ניט בעטראַכט ווערען פאר אָנארכיסטיש.

2. מען בעהויפטעט אז דער אנארכיזם שטעלט אויף אלס א לעצטען ציעל דאָס גליק פון איינצעלנעם,3) אז ער שאצט אָב יעדע מענשליכע טהאט פון דעם אבסטראקטען בליק־פונקט פון די אונבעגרעניצטע רעכט פון'ם יחיד,4) אז פאר איהם איז דאָס העכסטע געזעץ ניט דאָס וואָהלזיין פון כלל, נור די פרייע בחירה פון יחיד.5) — ווען דאָס וואָלטווירקליך געווען דער פאל, דאן וואָלט מען געמוזט בעטראַכטען די לעהרען פון גאָדווין, פרודאָן, באקונין, קראפאָטקין, טאָלסטאָי, און א מאסע אנדערע אָנערקענטע אנארכיסטישע לעהרען פאר ניט אנארכיסטיש.

3. מען שטעלט אוועק דאָס מאָראלע געזעץ פון גערעכ־

---

1) דער אַנאַרכיזם און זיינע טרעגער, ז. 127, 124, 125.
2) רייכעסבערג, ז. 27. 3) לענץ, ז. 3. 4) פלעכאַנאָוו, ז. 80.
5) ריענצי, ז. 43.

טיגקייט אַלס דאָס העכסטע געזעץ פון אנארכיזם.1) — אויב די בעהויפּטונג וואָלט געווען ריכטיג, וואָלטען די לעהרען פון גאָד־ווין, שטירנער, באקונין, קראפּאָטקין, טאָקער, טאָלסטאָי און צאָהל־רייכע אנדערע אנארכיסטישע לעהרען ניט קענען בעטראכט ווע־רען אַלס אנארכיסטיש.

4. מען זאָגט, אז דער שפּיץ פון אנארכיזם איז די נעגא־ציאָן פון יעדען פּראָגראם,2) אז ער האָט נור א נעגאטיווע ציעל.3) — ווען אין דעריין וואָלט געשטעקט אַן אמת, דאן וואָלטען די לעהרען פון גאָדווין, פּרודאָן, שטירנער, באקונין, קראפּאָטקין, טאָקער, טאָלסטאָי און כמעט אַלע אנדערע אָנערקענטע אנארכיס־טישע לעהרען ניט קענען בעטראכט ווערען אַלס אנארכיסטיש.

5. מען בעהויפּטעט, אז דער אנארכיזם פערוואַרפט דאָס געזעץ,4) אז ער פערוואַרפט דעם צוואנג פון געזעץ.5) — אויב דאָס וואָלט אזוי געווען, וואָלטען די לעהרען פון פּרודאָן, באקונין, קראפּאָטקין, טאָקער און זעהר פיעלע אנדערע אָנערקענטע אנאר־כיסטישע לעהרען ניט געקענט בעטראכט ווערן אַלס אנארכיסטיש.

6. מען ערקלערט, אז דער אנארכיזם פערוואַרפט די גע־געלשאַפט,6) אז זיין אידעאל בעשטעהט דעריין, צו מאכען פון דער געזעלשאַפט תחת חרב (טאבולא ראזא),7) אז דער כלל עק־זיסטירט נור פאַר איהם כדי איהם צו בעקעמפּפען.8) — ווען דאָס וואָלט געווען ריכטיג, וואָלט מען ניט געטאָרט אָנערקענען די לעה־רען פון גאָדווין, פּרודאָן, שטירנער, באקונין, קראפּאָטקין, טאָ־קער, טאָלסטאָי און אזוי גוט ווי אַלע אנדערע אָנערקענטע אנאר־כיסטישע לעהרען, פאַר אנארכיסטיש.

7. מען זאָגט, אז דער אנארכיזם פאָדערט די אָבשאַפונג פון

---

1) בערנאַציק יאָהרבוך 19, ז. 3, 2. 2) לעניז, ז. 5.
3) קריכפּי, דיילי מייל 1898, נומער 807, ז. 4. 4) שטאמלער, ז. 2, 4, 34, 36. 5) לעניז, ז. 1, 4. 6) גערואָד, ז. 12, טרי־פּעלס: קאַנט רענדי, ז. 253. 7) סיליא, לאַ עספּאַנאַ מאָדערנאַ 61, ז. 145. 8) רייכעסבערג, ז. 14, 16.

שטאאט,1) אז ער וויל דעם שטאאט עוקר מן השורש זיין,2) אז ער וויל ניט דעם שטאאט נאָר אין קיין פאָרם ניט,3) אז ער וויל ניט קיין רעגירונג.4) — ווען דאָס וואָלט געווען ריכטיג, וואָלט מען ניט געקענט האלטען פאר אנארכיסטיש די לעהרען פון באַקונין, קראפּאָטקין און די אלע אנדערע אָנערקענטע אנארכיסטישע לעהרען, וועלכע זעהען נור פאָראויס אז דער שטאאט וועט אָבגעשאפט ווערען, אָבער פאָדערן עס ניט.*)

8. מען בעהויפטעט, אז אין דער צוקינפטינער אנארכיסטישער געזעלשאפט וועט דעם איינצעלנעמס צושטימונג איהם בינדען נור אזוי לאנג ווי עס געפעלט איהם זי אויפצוהאלטען.5) — ווען דאָס וואָלט ווירקליך אזוי געווען, דאן וואָלטען די לעהרען פון פרודאָן, באקונין, קראפּאָטקין, טאָקער און זעהר פיעלע אנדערע אָנערקענטע אנארכיסטישע לעהרען ניט געקענט געהאלטען ווערען פאר אנארכיסטישע.

9. מען זאָגט, אז דער אנארכיזם וויל איינפיהרען א פעדעראציע אנשטאָט דעם שטאאט,6) אז ער שטרעבט איינצואָרדנען אלע עפענטליכע עסקים דורך פרייע אָבמאַכען אין געמיינדען און געזעלשאפטען וואָס זיינען געבויט פעדעראליסטיש.7) — וואָלט דאָס געווען ריכטיג, וואָלטען די לעהרען פון גאָדווין, שטירנער, טאָלסטאָי און זעהר פיעל אנדערע אָנערקענטע אנארכיסטישע לעה־

---

1) בערנטשטיין, נייע צייט, 10, ז. 359. 2) לעניץ, ז. 5.
3) בערנאַציק, יאָהרבוך, 19, ז. 3. 4) די הינטערמענער דער סאָציאַל דעמאָקראַטיע, ז. 14. 5) רייכעסבערג, ז. 30. 6) די הינטערמענער דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, ז. 14. 7) לאמבראזא, ז. 31.

*) אויב אין אָט דעם פּונקט 7 האָט ווער עס איז אַ טעות, איז עס דאַכט זיך נור דער מחבר אליין. באַקונין און קראַפּאָטקין פאָדערן פּונקט אזוי שטאַרק די פערניכטונג פון'ם שטאַאט ווי יעדער אַנדער אַנאַרכיסט. זייער בליק וועגען דעם גאַנג פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג פערשטאַרקט נור זייער דרינגליכע פאָדערונג עוקר מן השורש צו זיין יעדע פאָרם פון שטאַאט. דער איבערזעצער.

רען ניט געקענט בעטראכט ווערען אלס אנארכיסטיש; ווי אויך די לעהרען פון באקונין און קראפאטקין און אנדערע, וועלכע זעהען נור פאראויס אבער פאדערן ניט קיין געמיינשאפט וואס איז געבויט אויף אבמאכען.

10. מען ערקלערט, אז דער אנארכיזם פערווארפט דאס איי־גענטום.1) — ווען דאס וואלט געווען אמת, דאן וואלטען די לעה־רען פון באקונין, קראפאטקין, טאקער און אלע אנדערע אנער־קענטע אנארכיסטישע לעהרען, וועלכע בעשטעטיגען דאס אייגענ־טום ענטוועדער גאר אהן בעשרענקונגען אדער אין א וועלכער עס איז בעזונדער פארם, ניט געקענט בעטראכט ווערען אלס אנאר־כיסטיש.

11. מען בעהויפטעט, אז דער אנארכיזם פערווארפט דאס פריוואטאייגענטום,2) אז ער שטרעבט איינצופיהרען א געמיינ־שאפט פון גיטער,3) אז ער איז נויטיגערווייז קאמוניסטיש.4) — וואלט דער אנארכיזם נויטיגערווייז געווען קאמוניסטיש, וואל־טען ערסטענס ניט געקענט הייסען אנארכיסטיש גאדווין׳ס, פרו־דאן׳ס שטירנער׳ס, טאלסטאי׳ס און אלע אנדערע אנערקענטע אנארכיסטישע לעהרען, וועלכע נעגירען דאס אייגענטום אין אלע פארמען, אפילו אין דער פארם פון געזעלשאפטסאייגענטום; צווייטענס, וואלטען ניט געקענט הייסען אנארכיסטיש די לעה־רען פון טאקער, באקונין און אנדערע, וועלכע בעשטעטיגען דאס פריוואטאייגענטום אין אלע זאכען, אדער לכל הפחות אין קאנ־זומציאנסמיטלען. אויב ווייעדער דער פונקט איז וועגען „פער־ווארפען" פריוואטאייגענטום, אדער „בעשטרעבען" א געמיינ־שאפט פון גיטער, דאן וואלט אפילו קראפאטקין׳ס לעהרע, ווי אויך די לעהרען פון אנדערע, וועלכע זעהען נור פאראויס א קא־מוניסטישע פארם פון אייגענטום, אבער פאדערן עס ניט, ניט געקענט הייסען אנארכיסטיש.

---

1) סיליא, ווי אויבען. 2) פראאל, ז. 50. 3) לאמבראזא, ז. 31. 4) סערניקאלי 2 ז. 67. גאראוד, ז. 4, 3.

12. מען מאַכט אַן אונטערשייד צווישען קאָמוניסטישען, קאָלעקטיוויסטישען און אינדיווידואַליסטישען אַנאַרכיזם1,) אָדער פּשוט צווישען קאָמוניסטישען און אינדיווידואַליסטישען אַנאַרכיזם2.) — וואָלט די ערסטע איינטיילונג געווען פאַלשטענדיג, וואָלט מען נישט געקענט אָנרופען אַנאַרכיסטיש די לעהרען פון גאָדווין, פּרודאָן, שטירנער, טאָלסטאָי און די אַנדערע, וועלכע בעשטעטיגען ניט דאָס אייגענטום אין קיין געשטאַלט ניט; וואָלט ווידער די צווייטע איינטיילונג געווען פאָלשטענדיג, וואָלט דאַן אפילו באַקונין'ס לעהרע און די לעהרע פון אַנדערע, וועלכע אין פּראָדוקציאָנסמיטלען בעשטעטיגען זיי אַן אייגענטום פאַר דער געזעלשאַפט און אין קאָנזומציאָנסמיטלען אויף פאַר'ן איינצעלנעם, ניט געקענט זיך אָנרופען אַנאַרכיסטיש.

13. מען זאָגט, אַז דער אַנאַרכיזם פּרעדיגט פערברעכען,3) אַז ער דערוואַרט דאָס אריינטרעטען פון דעם נייען צושטאַנד דורך א גענעראַל־רעוואָלוציע,4) אַז ער זוכט צו גרייכען זיין ציעל מיט אַלע מיטלען, אפילו דורך גניבה און מאָרד.5) — אויב דער אַנאַרכיזם וואָלט זיך פאַרגעשטעלט זיין פערווירקליכונג דורך פערברעכען, דאַן וואָלטען מיר ניט געקענט בעטראַכטען אַלס אַנאַרכיסטיש די לעהרען פון גאָדווין, פּרודאָן און פיעלע אַנדערע; אויב ער וואָלט זיך גאָר פאַרגעשטעלט זיין פערווירקליכונג דורך פערברעכערישע געוואַלדטהאַטען, וואָלטען אויך טאָקער'ס, טאָלסטאָי'ס און צאָהלרייכע אַנדערע אָנערקענטע אַנאַרכיסטישע לעהרען ניט געקענט בעטראַכט ווערען אַלס אַנאַרכיסטיש.

14. מען בעהויפּטעט, אַז דער אַנאַרכיזם אָנערקענט די

---

1) די היסטאָרישע ענטוויקלונג דעס אַנאַרכיזם, ז. 16. צענקער, ז. 161.
2) ריענצי, ז. 9, שטאַמלער, ז. 28, מערלינא, ז. 18, שאָו, ז. 23.
3) גאַרראוד, ז. 6; לענץ, ז. 5.
4) סערניקאלי, 2, ז. 116; גאַרראוד, ז. 2; רייכעסבערג, ז. 38; וואַן האמעל: קאָנט רענדי ,ז. 113.
5) לאמבראזא, ז. 31,34.

פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט אלס מיטעל פאַר זיין פערווירקליכונג.[1]) — אויב דאָס וואָלט געווען ריכטיג, דאַן וואָלטען די לעהרען פון גאָדווין, פּרודאָן, שטירנער, באַקונין, טאָקער, טאָלסטאָי און דאָס ריב אנדערע אָנערקענטע אנארכיסטישע לעהרען ניט געקענט בע־טראַכט ווערען אלס אנארכיסטישע.

## 2. — די בעגריפען פון אנארכיזם און זיינע מינים.

איצטער איז שוין מעגליך נאָך ווייטער פעסטצושטעלען די אַלגעמיינע און ספּעציעלע אייגענשאַפטען פון די אַנארכיסטישע לעהרען, צו בעשטימען זייער פּלאַץ אין דעם אַלגעמיין־געביעט פון אונזער ערפאַהרונג, און דורכדעם בעגריפליך צו דעפינירען דעם אַנארכיזם און זיינע מינים.

I. די אַלגעמיינע און ספּעציעלע איי־גענשאַפטען פון די אַנאַרכיסטישע לעהרען.

1. די אַנארכיסטישע לעהרען האָבען נור דאָס געמיינשאַפט־ליך, וואָס זיי זיינען מבטל דעם שטאַאט פאַר אונזער צוקונפט. ביי גאָדווין, פּרודאָן, שטירנער און טאָקער האָט די דאָזיגע נע־גירונג די בעדייטונג, אַז זיי פערוואַרפען דעם שטאַאט אָהן תנאים און בכן אויך פאַר אונזער צוקונפט; ביי טאָלסטאָי מיינט עס, אַז ער פערוואַרפט איהם אפילו ניט אונבעדינגט, אָבער פאַר אונזער צוקונפט פערוואַרפט ער איהם זיכער; ביי באַקונין און קראָפּאָטקין בעטייט עס, אַז זיי זעהען אין פּאָראויס, דאָס דער פאָרטשריט פון ענטוויקלונג וועט אָבשאַפען דעם שטאַאט אין אונ־זער צוקונפט.

2. די אנארכיסטישע לעהרען טיילען זיך איין לויט זייער גרונדלאַגע נאָך אין גענעטישע, וועלכע אָנערקענען אלס דאָס העכסטע געזעץ פון מענשליכע פיהרונגען נור א נאַטור־גע־זעץ (באַקונין, קראָפּאָטקין), און קריטישע, וועלכע בעטראַכ־

1) גאַראַוד, ז. 10-11; לאמבראזא, ז. 34; פעררי: קאָנט רענדי, ז. 257.

טען אלס דאָס העכסטע געזעץ פון מענשליכע פיהרונגען א געוויסע נאָרמע. די קריטישע לעהרען טיילען זיך ווידער אין א י ד ע א ל י ס ט י ש ע, וואָס זייער העכסטעס געזעץ איז א פליכט (פרודאָן, טאָלסטאָי), און איידעמאָניסטישע, וועמעס העכסטעס געזעץ איז דאָס גליק. די אידעמאָניסטישע לעהרען טיילען זיך פון זייט זייט נאָך אמאָל אין א ל ט ר ו א י ס ט י ש ע, פאר וועלכע דאָס גליק פון כלל איז דאָס העכסטע געזעץ (גאָדווין), און ע ג אָ י ס ט י ש ע, פאר וועלכע דאָס העכסטע געזעץ איז דאָס גליק פון יחיד (שטירנער, טאָקער).

ל ו י ט ד ע ם ו ו אָ ס ז יי ב ע ש ט ע ט י ג ע ן פ א ר א ו נ ז ע ר צ ו ק ו נ פ ט א י ן ג ע ג ע נ ז א ץ צ ו ם ש ט א א ט, זיינען די אנארכיסטישע לעהרען ענטוועדער פ ע ד ע ר א ל י ס ט י ש, דאָס הייסט, זיי בעשטעטיגען פאר אונזער צוקונפט א געזעלשאפטליך צוזאמענלעבען פון מענשען אויפ'ן יסוד פון דער רעכטס־נאָרמע, אז אָבמאכען מוזען אָבגעהיט ווערען (פרודאָן, באקונין, קראָפּאָטקין, טאָקער), אָדער זיי זיינען ס פּ אָ נ ט א נ י ס ט י ש, ד. ה. זיי בעשטעטיגען פאר אונזער צוקונפט א געזעלשאפטליך צוזאמענלעבען פון מענשען אויפ'ן יסוד פון א ניט־יורידישען פרינציפּ (גאָדווין, שטירנער, טאָלסטאָי).

ל ו י ט ז יי ע ר ש ט ע ל ו נ ג צ ו ם ג ע ז ע ץ זיינען די אנארכיסטישע לעהרען טיילווייז א נ אָ מ י ס ט י ש, ד. ה. זיי נעגירען, זיינען מבטל, דאָס געזעץ פאר אונזער צוקונפט (גאָדווין, שטירנער, טאָלסטאָי) און טיילווייז נ אָ מ י ס ט י ש, ד. ה. זיי בעשטעטיגען דאָס געזעץ פאר אונזער צוקונפט (פרודאָן, באקונין, קראָפּאָטקין, טאָקער).

ל ו י ט ז יי ע ר פ ע ר ה א ל ט ע ן ז י ך צ ו ם א י י ג ע נ ט ו ם זיינען די אנארכיסטישע לעהרען טיילווייז א י נ ד אָ מ י נ י ס ט י ש, זיינען מבטל, הייסט עס, דאָס אייגענטום פאר אונזער צוקונפט (גאָדווין, פרודאָן, שטירנער, טאָלסטאָי), טיילווייז זיינען זיי ד אָ מ י נ י ס ט י ש, ד. ה. זיי בעשטעטיגען עס פאר אונזער צוקונפט. די דאָמיניסטישע לעהרען זיינען ווידער

טיילס אינדיווידואליסטיש, דערמיט וואָס זיי בע־שטעטיגען דאָס אייגענטום אונבעשרענקט פאר'ן יחיד ווי פאר'ן כלל (טאַקער), טיילס קאָלעקטיוויסטיש, דערמיט וואָס זיי בעשטעטיגען אייגענטום אין קאָנזומציאָנסמיטלען אויף פאר'ן יחיד און אין פּראָדוקציאָנסמיטלען נור פאר'ן כלל (באקונין) און טיילס קאָמוניסטיש, דערמיט וואָס זיי בעשטעטיגען דאָס איינענטום נור פאר'ן כלל (קראפּאָטקין).

לויט נאָך דעם ווי זיי שטעלען זיך פאָר זייער פערווירקליכונג טיילען זיך איין די אנארכיסטישע לעהרען אין רעפאָרמאטאָריש ע, וועלכע דענקען אז דער איבערגאַנג פון'ם נעגירטען צום בעשטעטיגטען צו־שטאנד וועט פּאָרקומען אָהן אריבערטרעטונג פון'ם געזעץ (גאָד־ווין, פּרודאָן), און רעוואָלוציאָנערע, וועלכע שטעלען זיך פאָר דעם איבערגאנג מיט אריבערטרעטונג פון'ם געזעץ. די רעוואָלוציאָנערע לעהרען טיילען זיך ווידער אין רעניטענ־טע, ד. ה. די וואָס דענקען פון א געזעץ־ברעכען אָהן אַנווענדונג פון געוואלט (טאַקער, טאָלסטאָי), און אינסורגענטע, די וואָס דענקען פון א געזעץ־ברעכען מיט אַנווענדונג פון געוואלט (שטירנער, באקונין, קראפּאָטקין).

II. דאָס פּלאץ פון די אנארכיסטישע לעהרען אין דעם אלגעמיין־געביעט פון אונזער ערפאהרונג.

מען מוז אונטערשיידען דריי ריכטונגען פון ר'עכטס־פילאָזאָפיע, דאָס הייסט דריי אופנים ווי צו אורטיילען וועגען געזעץ.

די ערסטע ריכטונג איז דער רעכטס־פילאָזאָפישער דאָגמאטיזם. ער אורטיילט וועגען דעם פּונקט, צי א גע־וויסע רעכט־אינסטיטוציע דאַרף עקזיסטירען אָדער ניט, און ער טהוט עס גאנץ אונבעדינגט, קוקענדיג נור אויפ'ן אינהאלט און ניט נעהמענדיג אין בעטראַכט ווי די אינסטיטוציע ווירקט אונטע־די אָדער יענע בעזונדערע פערהעלטעניסען. ער פּאסט אום, הייסט

עס, די לעהרען פון א „ריכטיגען געזעץ", ה. ה. די לעהרען, וועל־כע זוכען צו בעשטימען וואָס פאר א געזעץ — דהיינו למשל די געזעצליכע אינסטיטוציע פון הייראט — דאַרף אונטער אלע אומ־שטענדען קריגען אונזער הסכם, אָדער ניט. זיין אמבעסטען בע־קאַנטע פאָרם איז דאָס נאטורגעזעץ.

די שוואכקייט פון דעם רעכטספילאָזאָפישען דאָגמאטיזם ליעגט דעריין, וואָס ער נעהמט ניט אין אָנבעטראַכט דעם פאקט, אז אונזער אורטייל וועגען רעכט־אינסטיטוציעס מוז אָבהענגען פון זייערע ווירקונגען, און אז די אייגענע רעכט־אינסטיטוציע האָט אונטער פערשיידענע אומשטענדען גאַנץ פערשיידענע ווירקונגען.

די צווייטע ריכטונג איז דער רעכטס־פילאָזאָפישער סקעפטיציזם. האָבענדיג אין אויג די שוואכקייט פון דעם רעכטספילאָזאָפישען דאָגמאטיזם לאָזט ער אויס דאָס אורטיילען צי א געוויסע רעכט־אינסטיטוציע דאַרף עקזיסטירען אָדער ניט, און גיט אָב זיין פסק־דין נור וועגען דעם פונקט, צי דער גאַנג פון ענטוויקלונג גיט אונז א גרונד צו דערוואַרטען, אז א געוויסע רעכט־אינסטיטוציע וועט האָבען א קיום אָדער וועט פערשווינדען, אָדער צי זי וועט אויפוואַקסען, צי ניט. ער פאַסט אום, הייסט עס, די לעהרען מכח דער ענטוויקלונג פון געזעץ, ד. ה. די לעהרען וועלכע נעהמען זיך אונטער אונז צו געבען א ידיעה מכח דעם סאָרט געזעץ, וואָס אונז שטעהט פאָר צו דערוואַרטען אין דער צוקונפט — דהיינו למשל, צי די רעכט־אינסטיטוציע פון הייראט האָט אַן אויסזיכט צו פערבלייבען אין קראַפט. זיינע בע־קאַנטסטע פאָרמען זיינען די היסטאָרישע שול פון רעכטסוויסענשאַפט און דער מארקסיזם.

די שוואכקייט פון דעם רעכטס־פילאָזאָפישען סקעפטיציזם בעשטעהט דעריין, וואָס ער בעפריעדיגט ניט אונזער בעדערפניס צו האָבען א וויסענשאַפטליכען יסוד, וואָס זאָל אונז געבען די מעג־ליכקייט צו דערקענען, צי די מיינונגען וועלכע ערשיינען נאָכ־אנאנד מכח דעם ווערטה פון רעכט־אינסטיטוציעס, זיינען ריכטיג

אָדער פאַלש, און צו מיר זאָלען געבען אונזער הסכם אויף די פערשיידענע פאָרשלאַגען פון ענדערונגען אין געזעץ, צי ניין.

די דריטע ריכטונג איז דער ר ע כ ט ס־פ י ל אָ ז אָ פ י ש ע ר ק ר י ט י צ י ז ם. האָבענדיג אין אויג די שוואכקייט פון דעם רעכטספילאָזאָפישען דאָגמאַטיזם, נעהמט ער זיך ניט אונטער אָבצוגעבען א פסק־דין צי א רעכט־אינסטיטוציע דאַרף עקזיסטירען אָדער ניט, אויב עס זיינען ניט גענומען געוואָרען אין אָנבעטראַכט די בעזונדערע פערהעלטניסען אונטער וועלכע זי ווירקט; דאָך אָבער, געדענקענדיג די שוואכקייט פון דעם רעכטספילאָזאָפישען סקעפּטיציזם, זאָגט ער זיך ניט אָב צו פערענטפערן די פראַגע, צי א געוויסע רעכטס־אינסטיטוציע דאַרף עקזיסטירען אָדער ניט. ער שטעלט דעריבער אויף א העכסטען פּרינציפּ לויט וועלכען צו אורטיילען די רעכטס־אינסטיטוציעס, יאָ נעהמענדיג אין אָנבעטראַכט די בעזונדערע פערהעלטניסען אונטער וועלכע זיי ווירקען, וואָרים דער חלוק איז טאַקי בנוגע צו דעם פּונקט, צי א געוויסע רעכט־אינסיטוציע אונטער די בעזונדערע פערהעלטעניסען אונטער וועלכע זי ווירקט, איז מקיים יענעם העכסטען פּרינציפּ אַזוי גוט ווי עס איז מעגליך אונטער די דאָזיגע פערהעלטעניסען, צי זי איז עס לכל הפחות מקיים בעסער איידער אנאנדערע. ער פּאַסט אוס, הייסט עס, די לעהרען מכח דער ריכטיגקייט פון געזעץ, ד. ה. די לעהרען וועלכע שטעלען אויף גרונדפּרינציפּען, לויט וועלכע צו קענען בעשטימען צי א געוויסער געזעץ — כדומה למשל די רעכט־אינסטיטוציע פון הייראַט — דאַרף אונטער וועלכע עס איז בעזונדערע פערהעלטעניסען יאָ עקזיסטירען, אָדער ניט.

2. וואָס איז שייך צום שטאַאט קענען אָט די דריי ריכטונגען, יעדע איינע פון איהר שטאַנדפּונקט, קומען צו א פערשיידענעם אורטייל.

ערסטענס, קענען זיי קומען צו א ב ע ש ט ע ט י ג ו נ ג פ ו ן ש ט א א ט.

אויף ווי ווייט די לעהרען פון דעם רעכטס־פילאָזאָפישען דאָגמאַטיזם בעשטעטיגען דעם שטאַאט, טהוען זיי דאָס ,ניט נעה־

מענדיג אין אַנבעטראַכט וואָס פאר׳אווירקונגען ער האָט אונ־
טער די אָרדער יענע בעזונדערע פערהעלטעניסען, גאָר אָהן תנאים,
און בעשטעטיגען איהם בכן אויך פאר אונזער צוקונפט.

צווישען די צאָהלרייכע לעהרען וואָס בעשטעטיגען דעם
שטאאט אין׳ם זין פון רעכטס־פילאָזאָפישען דאָגמאַטיזם, קען מען
פון די פערשיידענע פעריאָדען פון געשיכטע אויסקלייבען א שטיי־
גער די לעהרען פון ה אָ ב ב ס, ה ע ג ע ל און א י ה ע ר י נ ג.

אויף ווי ווייט די לעהרען פון דעם רעכטס־פילאָזאָפישען
סקעפּטיציזם בעשטעטיגען דעם שטאאט, זעהען זיי אין פאָראויס,
נעהמענדיג אין אַנבעטראַכט דעם גאַנג פון ענטוויקלונג, אז דער
שטאאט וועט אין אונזער צוקונפט אויך האָבען א קיום.

די בעדייטענדסטע פערטרעטער פון׳ם רעכטס־פילאָזאָפישען
סקעפּטיציזם, א שטייגער ווי פוכטא און מערקעל, האָבען קיינע
שטאאט־לעהרען ניט געגעבען; מען קען אָבער געפינען בעשטע־
טיגענדע שטאאט־לעהרען אין׳ם זין פון רעכטס־פילאָזאָפישען
סקעפּטיציזם צום ביישפּיעל ביי מ אָ נ ט ע י ן און ב ע ר נ־
ש ט י י ן.

לעצטענס, אויף ווי ווייט די לעהרען פון רעכטס־פילאָזאָפי־
שען קריטיציזם בעשטעטיגען דעם שטאאט, זייגען זיי מסכים אויף
איהם פאר אונזער צוקונפט, נעהמענדיג אין אַנבעטראַכט די בע־
זונדערע פערהעלטעניסען וואָס געפינען זיך איצטער ביי אונז.

דער רעכטס־פילאָזאָפישער קריטיציזם איז ביזאהער אויפגע־
שטעלט געוואָרען אַם קלאָרסטען פון שטאמלער׳ן, וועלכער האָט
אָבער קיין שטאאטס־לעהרע ניט געגעבען; דאָך קען מען ספּענ־
סער׳ס לעהרע צום ביישפּיעל בעטראַכטען אלס א בעשטעטיגענ־
דע לעהרע פון שטאאט אין דעם זין פון׳ם רעכטס־פילאָזאָפישען
קריטיציזם.

צווייטענס, קענען די דריי ריכטונגען, יעדע איינע פון איהר
שטאַנדפּונקט, קומען צו א נעגירונג פון׳ם שטאאט.

אויף ווי ווייט די לעהרען פון דעם רעכטס־פילאָזאָפישען דאָג־
מאַטיזם נעגירען דעם שטאאט, פערווארפען זיי איהם, ניט נעה־

מענדיג אין אַנבעטראַכט זיינע ווירקונגען אונטער די אַדער יע־נע בעזונדערע פערהעלטעניסען, גאַר אַהן תנאים און בכן אויך פאר אונזער צוקונפט.

נעגירענדע שטאאטס־לעהרען אין זין פון רעכטס־פילאָזאָפי־שען דאָגמאַטיזם זיינען די לעהרען פון גאָדווין, פּרודאָן, שטיר־נער און טאָקער.

אויף ווי ווייט די לעהרען פון רעכטס־פילאָזאָפישען סקעפּטי־ציזם נעגירען דעם שטאאט, זעהען זיי אין פאַראויס, נעהמענדיג אין אַנבעטראַכט דעם גאַנג פון ענטוויקלונג, אז ער וועט אין אונ־זער צוקונפט פערשווינדען.

נעגירענדע שטאאט־לעהרען אין זין פון רעכטס־פילאָזאָפישען סקעפּטיציזם זיינען די לעהרען פון באַקונין און קראַפּאָטקין.

אויף ווי ווייט די לעהרען פון דעם רעכטס־פילאָזאָפישען קרי־טיציזם נעגירען דעם שטאאט, פערוואַרפען זיי איהם פאר אונזער צוקונפט, נעהמענדיג אין אַנבעטראַכט די בעזונדערע פערהעלטע־ניסען וואָס געפינען זיך איצטער ביי אונז.

א נעגירענדע שטאאט־לעהרע אין זין פון רעכטס־פילאָזאָפי־שען קריטיציזם איז טאָלסטאָי׳ס לעהרע.*)

3. דאָס פּלאַץ פון די אנארכיסטישע לעהרען אין׳ם אל־געמיין־געביעט פון אונזער ערפאהרונג איז דעריבער בעשטימט דורך דעם פאקט, וואָס אלס א געוויסער מין פון די רעכטס־פי־לאָזאָפישע שטאאט־לעהרען — נעמליך אלס נעגירענדע שטאאט־

*) ווארום נור טאָלסטאָי׳ס לעהרע? אויב דערפאַר וואָס ער שטעלט אויף אַ העכסטען פּרינציפּ — די ליעבע — לויט וועלכען צו אורטיילען די רעכט־אינסטיטוציעס, איז פאַר וואָס ניט אויך גאָדווין, וועלכער שטעלט אויף די טובת הכלל אַלס אַ העכסטען פּרינציפּ, און פּרודאָן וועלכער שטעלט אויף די גערעכטיגקייט? זיי ביידע, ד. ה. אי פּרודאָן אי גאָדווין, נעהמען דאַכט זיך אין אַנבעטראַכט די בעזונ־דערע פערהעלטעניסען וואָס געפינען זיך איצטער ביי אונז ניט ווע־ניגער ווי טאָלסטאָי. דער איבערזעצער.

לעהרען — געהען זיי להיפּך צו דעם אנדער מין פון רעכטס־פּי־לאָזאָפישע שטאַאט־לעהרען — די בעשטעטיגענדע לעהרען.

מען קען עס קלאַרשטעלען אויף אַט דעם אופן:

| | בעשטעטיגענדע שטאַאט־לעהרען | נעגירענדע שטאַאט־לעהרען |
|---|---|---|
| אין זין פון רעכטס־פּילאָ־זאָפישען דאָגמאַטיזם: | האָבבס<br>העגעל<br>איהערינג | גאָדווין<br>פּרודאָן<br>שטירנער<br>טאָקער |
| אין זין פון רעכטס־פּילאָ־זאָפישען סקעפּטיציזם: | מאָנטעין<br>בערנשטיין | באַקונין<br>קראָפּאָטקין |
| אין זין פון רעכטס־פּילאָ־זאָפישען קריטיציזם: | ספּענסער | טאָלסטאָי |

III. די בעגריפען פון אנאַרכיזם און זיינע מינים.

1. דער אנאַרכיזם איז די רעכטס־פּילאָזאָפּישע נעגירונג פון שטאַאט; ד. ה. ער איז יענער מין פון די רעכטס־פּילאָזאָפּישע שטאַאט־לעהרען, וועלכער נעגירט דעם שטאַאט.

2. קיין אנאַרכיסטישע לעהרע קען ניט זיין פאָלשטענדיג אוואו זי ערקלערט ניט אויף וואָס פאַר א גרונדלאַגע זי איז גע־בויט, וואָס פאַר א צושטאַנד זי בעשטעטיגט אין געגענזאַץ צום שטאַאט, און ווי זי שטעלט זיך פאַר דעם איבערגאַנג צו דעם דאָ־זיגען צושטאַנד. א גרונדלאַגע, א בעשטעטי־גענדע זייט און א פאָרשטעלונג פון דעם איבערגאַנג צו דאָס וואָס זי בעשטעטיגט, זיינען נויטווענ־

דיגע גרונדטיילען פון יעדער אנארכיסטישער לעהרע. בעציהענדיג זיך אויף אַט די גרונדטיילען, קען מען אונטערשיידען די פאָלגענדע מינים פון אנארכיזם.

ערשטענס, לויט דער גרונדלאגע נאָך: דער גענעטישער אנארכיזם, וועלכער אַנערקענט נור א נאטור־געזעץ אלס דאָס העכסטע געזעץ פון מענשליכע פיהרונגען (באקונין, קראפּאָטקין), און דער קריטישער אנארכיזם, וועלכער בעטראַכט א געוויסע נאָרמע אלס דאָס העכסטע געזעץ פון מענשליכע פיהרונגען; אלס סאָרטען פון'ם קריטישען אנארכיזם האָבען מיר דעם אידעאליסטישען אנארכיזם, וואָס זיין העכסטעס געזעץ איז א פליכט (פּרודאָן, טאָלסטאָי), און דעם איידעמאָניסטישען אנארכיזם, וואָס זיין העכסטעס געזעץ איז דאָס גליק; און צולעצט אלס סאָרטען פון דעם איידעמאָניסטישען אנארכיזם, איז פאראן דער אלטרואיסטישער אנארכיזם, פאר וועלכען דאָס העכסטע געזעץ איז דאָס גליק פון כלל (גאָדווין), און דער עגאָיסטישער אנארכיזם, פאר וועלכען דאָס העכסטע געזעץ איז דאָס גליק פון יחיד, (שטירנער, טאָקער).

צווייטענס, לויט דעם וואָס זיי בעשטעטיגען אין געגענזאץ צום שטאאט: דער פעדעראליסטישער אנארכיזם, וועלכער בעשטעטיגט פאר אונזער צוקונפט א געזעלשאפטליך צוזאמענלעבען פון מענשען על פּי רעכטס־נאָרמע, אז אָבמאכען מוזען אָבגעהיט ווערען (פּרודאָן, באקונין, קראפּאָטקין, טאָקער), און דער ספּאָנטאניסטישער אנארכיזם, וועלכער בעשטעטיגט פאר אונזער צוקונפט א געזעלשאפטליך צוזאמענלעבען על פּי א ניט־יורידישען פּרינציפּ (גאָדווין, שטירנער, טאָלסטאָי).

דריטענס, לויט דער פאָרשטעלונג פון'ם איבערגאנג צום בעשטעטיגטען צושטאנד: דער רעפאָרמאטאָרישער אנארכיזם, וועלכער שטעלט זיך פאָר דעם איבערגאנג אָהן געזעץ־ברעכען (גאָדווין,

פרודאָן), און דער רעוואָלוציאָנערער אנארכיזם, וועלכער שטעלט זיך פאָר דעם איבערגאנג מיט געזעץ־ברעכען. אלס סאָרטען פון׳ם רעוואָלוציאָנערען אנארכיזם האָבען מיר דעם רעניטענטען אנארכיזם, וועלכער שטעלט זיך פאָר דאָס ברע־כען פון געזעץ אָהן אָנווענדונג פון געוואלט (טאָקער, טאָלסטאָי), און דעם אינסורגענטען אנארכיזם, וועלכער שטעלט זיך עס פאָר מיט אָנווענדונג פון געוואלט (שטירנער, באַקונין, קראפּאָטקין).

3. אן אנארכיסטישע לעהרע קען זיין פאָלשטענדיג ניט נעה־מענדיג קיין שטעלונג צום פרט פון געזעץ אָדער אייגענטום. ווען אן אנארכיכטישע לעהרע נעהמט יאָ א שטעלונג צו איינעם פון די צוויי, הייסט עס אז זי ענטהאלט א צופעליגע הוספה. די אנאר־כיסטישע לעהרען וועלכע האָבען אזא הוספה, קען מען איינטיי־לען לויט דעם כאראקטער פון דער דאָזיגער הוספה. אזוי ווי אָבער דער עצם אנארכיזם קען איינגעטיילט ווערען נור לויט דעם כא־ראקטער פון זיינע נויטווענדיגע גרונדטיילען, קען דעריבער די איינטיילונג לויט דעם כאראקטער פון דער הוספה ניט געבען קיין נייע מינים פון אנארכיזם.

אויף ווי ווייט די אנארכיסטישע לעהרען האָבען א שיכות צום געזעץ, זיינען זיי ענטוועדער אנאָמיסטיש, ד. ה. זיינען מבטל דאָס געזעץ פאר אונזער צוקונפט (גאָדווין, שטי־נער, טאָלסטאָי), אָדער נאָמיסטיש, ד. ה. זיי בעשטעטי־גען דאָס געזעץ פאר אונזער צוקונפט (פרודאָן, באקונין, קראפּאָט־קין, טאָקער).

אויף ווי ווייט זיי האָבען א שיכות צום אייגענטום זיינען זיי ענטוועדער אינדאָמיניסטיש, זיי זיינען מבטל, הייסט עס, דאָס אייגענטום פאר אונזער צוקונפט (גאָדווין, פרו־דאָן, שטירנער, טאָלסטאָי), אָדער דאָמיניסטיש, זיי בעשטעטיגען עס פאר אונזער צוקונפט. די דאָמיניסטישע לעהרען וויעדער זיינען ענטוועדער אינדיווידואליסטיש,

דערמיט וואָס זיי בעשטעטיגען דאָס אייגענטום אונבעשרענקט פאַר'ן יחיד ווי פאַר'ן כלל (טאַקער), אָדער ק אָ ל ע ק ט י ו ו י ס ט י ש דערמיט וואָס זיי בעשטעטיגען דאָס אייגענטום אין קאָנזומציאָנסמיטלען אויך פאַר'ן יחיד, אין פּראָדוקציאָנסמיטלען אָבער נור פאַר'ן כלל (באַקונין), אָדער צולעצט ק אָ מ ו נ י ס ט י ש דערמיט וואָס זיי בעשטעטיגען דאָס אייגענטום נור פאַר'ן כלל (קראָפּאָטקין). —



# דער שלום.

1. די אינערליכע נויט וואָס עס האָט זיך געפיהלט צו קריי־
גען א וויסענשאפטליכע קענטעניס פון׳ם אנארכיזם, איז טייל־
ווייז בעפריעדיגט געוואָרען.

די בעגריפען פון׳ם אנארכיזם און זיינע מינים זיינען בע־
שטימט; די וויכטיגסטע טעות׳ן זיינען בעזייטיגט; די מעהר בע־
דייטענדע אנארכיסטישע לעהרען פון דער עלטערער און נייערער
צייט זיינען איינציגווייז קלאָרגעשטעלט. מיר זיינען בעקאנט גע־
וואָרען מיט׳ן אנארכיזם׳ס כלי זיין. מיר האָבען געזעהען אלץ וואָס
מען קען פאָרברייגגען אנטקעגען דעם שטאאט פון אלע מעגליכע
שטאנדפונקטען. מען האָט אונז געצייגט די פערשיידענסטע לע־
בענסאָרדענונגען וועלכע דארפען אין דער צוקונפט פערנעהמען
דאָס פלאץ פון׳ם שטאאט. דער איבערגאנג פון׳ם שטאאט צו די
דאָזיגע לעבענסאָרדענונגען איז אונז פאָרגעשטעלט געוואָרען אויף
אלערליי אופנים.

דער וואָס וויל נאָך נעהענטער בעקאנט ווערען מיט׳ן אנאר־
כיזם, און א חוץ די בעדייטענדסטע לעהרען וויל ער אויך אויס־
פאָרשען די וועניגער בעדייטענדע, ווי אויך אויסגעפינען זייער
אורזאכליכען צוזאמענהאנג אין די פאסירונגען פון דער געשיכטע,
איז פאר אזא ארבייט דאָ צום וועניגסטען געגעבען געוואָרען דער
גרונד. ער ווייס מיט וואָס פאר א סאָרט לעהרען און מיט וועלכע
טיילען פון די לעהרען ער האָט זיך צו בעשעפטיגען, און וועלכע
פראגען ער מוז שטעלען צו יעדער איינער פון זיי. ביי אזא אונ־
טערזוכונג קען מען דערווארטען צו בעגעגנען א סך איבעררא־
שונגען; די לעהרע פון דעם אונבעקאנטען פ י ז א ק א נ ע וועט
אין איהם ארויסרופען בעוואונדערונג צוליב איהר אָריגינאליטעט,

בעת די לעהרע פון דעם בעריהמטען מאַסט וועט זיך ארויסווייזען נור ווי א גרעבערע פאָרם פון קראָפּאָטקין׳ס לעהרע. בכלל אָבער איז קוים צו גלויבען, אז די אונטערזוכונג וועט ווערטה זיין די מיה; וואָס דער אנארכיזם האָט בעזונדערס פאַרצובריינגען, דאָס איז שוין כמעט אין גאַנצען געגעבען געוואָרען אין די קלאַרגע־שטעלטע זיעבען לעהרען.

2. אויף די אויסערליכע נויט, פון וועמעס וועגען מען האָט געמוזט דעם אנארכיזם וויסענשאפטליך דערקענען, קען שוין איצט בעפריעדיגט ווערען.

איין זאַך מוזען מיר אויף אלע אופנים טון מיט׳ן אנארכיזם: מיר מוזען אונטערזוכען זיינע לעהרען מיט מוטה, רוהיגקייט און אומפּארטייליכקייט. דערביי אָבער קענען מיר האָפען אויף ער־פאָלג נור דאַן אויב מיר וועלען ניט לענגער ארומבלאָנדזשען אָהן א ציעל אין דער נאַכט פון דעם רעכטס־פילאָזאָפישען סקעפּטי־ציזם, און אויב מיר וועלען ניט זוכען זיי צו בעלייכטען מיט דער לאַמטערן פון׳ם דאָגמאַטיזם, נור מיר וועלען האַלטען פעסט אונ־זער בליק אויף דעם לייטענדען שטערן פון׳ם קריטיציזם.

אויב עס איז, אויסער דעם, נויטיג צו שטעלען זיך אנטקע־גען דעם אנארכיזם אָדער איינעם פון זיינע מינים מיט בעזונ־דערע געוואַלטמיטלען — אויב, ספּעציעל גערעדט, א פערברע־כען וואָס ווערט בעגאַנגען פאַר דער פערווירקליכונג פון די אנאר־כיסטישע לעהרען איז א שווערערעס אונרעכט איידער א וועל־כער עס איז אנדערער פּאָליטישער, אָדער געוועהנליכער פערברע־כען, וועגען דעם דאַרפען די געזעצגעבער פון יעדען לאַנד בעשלי־סען, לויט די בעזונדערע בעדינגונגען וואָס עקזיסטירען דאָרט.

ע נ ד ע.

# קאטאלאג

פון די

# אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטהעק

פּרייז

פּיליפּ קראַנץ, קולטור געשיכטע, 3 בענדער, געבונדען,
יעדער באַנד ................... .75
〃 〃 פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, געבונדען .... 1.00
〃 〃 אַמעריקאַ פאר קאָלומבוס, געבונדען ...... .50
〃 〃 יציאת מצרים, פּאַפּיער .............. .15
〃 〃 וואָס היסט נאַציאָן ............... .10

לעבענס-בעשרייבונגען פון בעריהמטע מענער.
אַ זאַמלונג פון ביאָגראַפיעס פון די גרעסטע דענקער,
פּאָעטען און שריפטשטעלער פון דער אַלטער און נייער
צייט, אין 3 בענדער, געבונדען, יעדער ........ 1.25

מאָרים ראָזענפעלד, שריפטען, 1טער סעט, באַנד 1, געבונדען 1.00
〃 〃 〃 〃 〃 〃 2 〃 1.00
〃 〃 〃 〃 〃 〃 3 〃 1.00
〃 〃 נייע שריפטען 2טער סעט, באַנד 4, געבונדען 1.25
〃 〃 〃 〃 〃 〃 〃 5 〃 1.25
〃 〃 〃 〃 〃 〃 〃 6 1.25

| | פרייז |
|---|---|
| ד. פינסקי, ערצעהלונגען, 2 בענדער, געבונדען, יעדער באַנד | .75 |
| 〃 איזיק שעפטעל, דראמא ............... | .15 |
| דר. קאספע, מעכאַניקע .................. | .10 |
| 〃 〃 כעמיע ......................... | .15 |
| 〃 〃 אַסטראָנאָמיע ................... | .15 |
| יהואש, געזאַמעלטע ליעדער, געבונדען ............... | 1.00 |
| י. גאָרדין, ערצעהלונגען, געבונדען ............... | .75 |
| 〃 〃 סאפפהא ......................... | .25 |
| 〃 〃 גאָט, מענש און טייפעל ............... | .25 |
| 〃 〃 אלישע בן אבויה ................. | .15 |
| 〃 〃 דער אונבעקאַנטער ................. | .20 |
| 〃 〃 די אמת'ע קראַפט ................. | .20 |
| מאקסים גאָרקי, ערצעהלונגען ................. | .15 |
| 〃 〃 אינטערוויזום ................. | .15 |
| ליעוו טאָלסטאָי, איינציגער מיטעל ............... | .5 |
| 〃 〃 פּאַטריאָטיזמוס און רעגירונג ........ | .5 |
| 〃 〃 צום ארבייטער פאָלק ............... | .15 |
| דר. ח. זשיטלאָווסקי, דער סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע ......................... | .40 |
| ז. ליבין, געקליבענע סקיצען ................. | .50 |
| מ. באראנאָוו, דער מענש און די נאַטור ............. | .10 |

| | |
|---|---|
| | פרייז |
| לעאָפּ. קאמפף, פאַר'ן שטורם, דראמא ............... | .20 |
| הענריק איבסען, די גייסטער " .............. | .20 |
| „קניאז פאטיאמקין" ......................... | .20 |
| דר. ש. פעסקין, סטרייקס...................... | .5 |
| דזשאהן סטוארט מילל, פרייהייט, איבערזעצט אוים דעם ענגלישען אָריגינאַל מיט אַ ביאָגראַפיע פון פערפאַ- סער, פון דר. י. א. מעריסאָן, מיט אַן הקדמה פון דר. ת. זשיטלאָווסקי, געבונדען .............. | .75 |
| דר. פאול עלטצבאכער, דער אַנאַרכיזם, איבערזעצט פון דר. י. א. מעריסאָן, געבונדען ................. | 1.00 |
| מיכל קאפלאן, גהעטא-קלאַנגען ..................... | .25 |



## פאלגענדע ווערק ווערען פערפערטיגט צום דרוק:

אַ פאָלשטענדיגע אויסגאַבע פון י. ל. פרץ'ס שריפטען
דר. ח. זשיטלאָווסקי'ס שריפטען
ליעסינ'ס געזאַמעלטע ליעדער
יודישע פאָלקס־ליעדער געזאַמעלט פון י. ל. כהן
דער מטורף, דראמא אין 4 אַקטען, פון יעקב גאָרדין
ל. טאָלסטאָי'ס די שקלאַפעריי פון אונזער צייט
" " דער סוף פון דער היינטיגער וועלט
" " די אויפשטעלונג פון גיהנם
" " וועגען דער געזעלשאַפטליכער בעוועגונג אין רוסלאַנד
" " תחית המתים
היינעס געדיכטע, איבערזעצט פון ד. פינסקי
געקליעבענע ערצעהלונגען פון גיואי דע מאפאסאן, איבערזעצט פון י. ענטין

אַדרעסירען:


**The International Library Pub. Co.**
102 & 104 W. 38th ST.
NEW YORK.

